ה. ד. נאמבערג

# אויסגעקליבענע שריפטן



בוענאָס-איירעס
יוסף ליפשיץ-פאַנד ביים קולטור-קאָנגרעס אין אַרגענטינע

ה. ד. נאָמבערג

# אויסגעקליבענע שריפטן

## נאָוועלן, לידער, עסייען

מיט ניגונים צו לידער

**פראַגמענטן פון פאַרשאַרבעטן
צו דער כאַראַקטעריסטיק
און זכרונות**

**אַריינפיר און רעדאַקציע
פון**
שמואל ראָזשאַנסקי



3טער באַנד פון ציקל

# מוסטערווערק פון דער יידישער ליטעראַטור

אַרויסגעגעבן פון

## יוסף ליפשיץ־פאַנד
## ביים קולטור - קאָנגרעס
## אין אַרגענטינע

אונטער דער רעדאַקציע פון

שמואל ראָזשאַנסקי


טיראַזש: 1.000 עקז׳

יאָר: ה׳תשי״ח — 1958

אַרגענטינער אָפּטייל פון אַלוו׳ יידישן קולטור־קאָנגרעס

# תוכן

זייט





# ביאָגראַפישע שטריכן

געבוירן דעם 4טן אַפּריל 1876 אין אַמשינאָוו, ביי וואַרשע, אין אַ נגידישער משפּחה פון חסידים מיוחסים. דער טאַטע, יונג געשטאָרבן, געווען אַן אוראייניקל פון פּראָגער, מחבר פון בית מאיר, און אַן אוראייניקל פון לאָדזשער רב יחזקאל נ. הערש דוד האָט זיך דערצויגן ביי דער מאַמעס טאַטן, אייזנבערג, אַן אייניקל פון חושן משפּט, אַ ייד מיט אַריסטאָקראַטישע פירונגען. ביז 18 געלערנט אין ישיבה, בית־מדרש, שטרענג חסידיש, גערעדט לשון־קודש און געשמט פאַר אַן עילוי.

באַווירקט פון דער העברעישער ליטעראַטור, זיך פאַרנומען צו אַליינבילדונג אין רוסיש, פּויליש און דייטש, און דערפילט אַן איבערבראָך אין זיין רעליגיעזן דרך. זוכנדיק אַ נייעם וועג, האָט ער זיך אָפּגעשטעלט אויפן ביכל העוגב (דער ליבהאָבער), מיט דער הילף פון סאָציאַליסטישע סטודענטן געקומען אין 1897 קיין וואַרשע, אויפגעזוכט דעם מחבר פון די העברעישע לידער, י. ל. פּרצן, צו אים געבראַכט העברעישע שירים און — דאָ געפונען זיין וועג; געפאָלגט פּרצן און גענומען שרייבן אויף יידיש, און צו אים זיך צוגעבונדן אויפן גאַנצן לעבן. צוערשט עטלעכע יאָר געווען לערער אין אַ העברעישער שול און געהאַט אַנדערע באַשעפטיקונגען, געשריבן אי אויף העברעיש, אי אויף מאַמע־לשון, אַריבערגייענדיק צו זשורנאַליסטיק, אין רעדאַקציעס פון צייטונגען, העברעישע און יידישע, אָבער נאָך 1910 אַריבער כמעט אין גאַנצן צו פּובליציסטיק. זיינע העברעישע דערציילונגען און שירים זיינען טיילווייז איבערגעזעצט געוואָרן אויף יידיש (עטלעכע איינגעשלאָסן אין 7טן באַנד פון זיינע שריפטן, דערציילונגען, 1930).

נ. דעבוטירט אין 1900, אין דער יוד, מיטן ליד דער נביא און, אין א. רייזענס דאָס צוואַנציקסטע יאָרהונדערט, מיטן מעשהלע דאָס גליק. זיינע נאָוועלן פון אַ פּוילישער ישיבה אין פליגלמאַן (צום ערשטן מאָל געדרוקט אין 1905, אין רייזענס וואָכנבלאַט דאָס יודישע וואָרט, אין קראָקע), מאַכן אים אַ רענאָמע פון אַן אָריגינעלן בעלעטריסט מיט אַ נייעם צוגאַנג צו מענטשן און אידייען. זיין ליד ס׳לויפן, ס׳יאָגן שוואַרצע וואָלקנס, געשריבן פאַר אַן אומלעגאַלער אויסגאַבע לכבוד דעם 1טן מיי, איז געוואָרן פון די פּאָפּולערסטע לידער אין דער אַרבעטער־באַוועגונג.

די ערשטע פּרווון אין רעדאַקציע־אַרבעט האָט נ. געמאַכט אין דער העבר׳ צייטונג הצופה: אָנגעהויבן מיט איבערזעצן טעלעגראַמעס און גאָר גיך געוואָרן דער רעדאַקטאָר, רופנדיק די אויפמערקזאַמקייט ווי אַ פעליעטאָניסט (באַנוצט פּסעוודאָנימען: א. קוצץ, הצדוני, כף המבשלים, מררני, שאנני, הדן). מיטגעאַרבעט נאָך דעם אין דער וועג. נאָכן דורכפאַל פון דער רעוואָלוציע אַוועק

קיין שווייץ. זיך צוריקגעקערט אין 1907, צוערשט אין ווילנע, ווו מיטגעאַרבעט אין הזמן, די וועלט, ליטעראַרישע מאָנאַטסשריפטן, אַרויסגעגעבן לכבוד פסח, און דערנאָך אַריבער קיין וואַרשע, אין פריינד. אין 1912 אַריין אין צייטונג היינט, ווו געמאַכט פּוראָר מיט זייַנע וואָכנדיקע שמועסן, געדרוקט פרייטיק (לכבוד שבת), וואָס ער האָט פאַרגעזעצט אין דאָס וואַרשעווער טאַגעבלאַט, די צייטונג וואָס ער האָט רעדאַקטירט אין די מלחמה־יאָרן, און לסוף אין מאָמענט, ווו ער איז אַרייַנגעטראָטן אין 1918. דרוקנדיק אויך דאָרטן קורצע פּובליציסטישע אַרטיקלען א״א, מיטאַרבעטנדיק אויך אין נ״י פאָרווערטס און דער טאָג, ב״אַ די אידישע צייטונג, לאָנדאָנער צייט און אין ליטעראַרישע זשורנאַלן.

נ. האָט אַחוץ רעאַגירן אויף אַקטועלע פראַגעס אויך גענומען איינטייל אַין געזעלשאַפטלעכער אַרבעט און געשפּילט אַ פירנדיקע ראָלע: 1908 — אויף דער טשערנאָוויצער שפּראַך־קאָנפערענץ, דורכזעצנדיק די רעזאָלוציע, אַז יידיש איז אַ נאַציאָנאַלע שפּראַך, „נישט קוקנדיק אויף דער קעגנערשאַפט פון רעכטס און פון לינקס״. ער איז דער באַגרינדער פון יידישיזם און פאָלקיזם. גרינדעט אין 1916 צוזאַמען מיט נח פּרילוצקין א״אַ די פאָלקספּאַרטיי און ווערט דעפּוטאַט אין פּוילישן פאַרלאַמענט (סיים). שטעלט זיך איין פאַר יידיש־וועלטלעכע שולן. יאָרנלאַנג פאָרזיצער — און די נשמה — פון ליטעראַטן־ און זשורנאַליסטן־פאַראיין אין פּוילן. אונטער זיין סטימול איז געגרינדעט געוואָרן אין אַרגענטינע דער ייִד' שרייבער־פאַראיין (וואָס טראָגט זיין נאָמען) און דער אַקטיאָרן־פאַראיין.

נ. איז אַ סך אַרומגעפאָרן: זייער אָפט איבער מערב־אייראָפּע, ממש אַ שטאַמגאַסט אין בערלין. 1911 און 1926 אין נאָרד־אַמעריקע, 1922 אין אַרגענטינע, 1924 אין ארץ־ישראל, 1926 אין ראַטנפאַרבאַנד. פון די אַלע לענדער געשריבן אין זייַנע רייזע־איינדרוקן זייַנען געזאַמלט אין בוכפאָרעם.

אין פאַרשיידענע אויפלאַגעס זייַנען געזאַמלט זייַנע נאָוועלן, אויך זייַנע עסייען וועגן ליטעראַטור, אידייען, באַוועגונגען, זיין לעבנסבילד די משפחה (געשפּילט אין טעאַטער אויך אויף העברעיש) און אייניקע פון זייַנע איבערזעצונגען, ווי פון טאַגאָרע, הויפּטמאַן און אַנדערע.

נ. איז געשטאָרבן דעם 22סטן נאָוועמבער 1927 אין אָטוואָצק, אַ קורדאַטשע ביי וואַרשע.



נאָמבערג, באַטראַכט אין דער פריער יוגנט צוזאַמען מיט שלום אַש און אברהם רייזען ווי דער דריי־בונד פון דער נייער יידישער ליטעראַטור, איז געווען די הויפּט־פיגור פון דעם יידישן וואָרט אין פּוילן נאָך י. ל. פּרצן.

## ה. ד. נאָמבערגס שריפטן אין בוכפאָרעם

„מען וועקט", וואַרשע 1905.

„ספורים", פאַרלאַג ספרות, וואַרשע 1905.

„אין אַ חסידיש הויז", דערציילונג פ' קולטור, מינסק 1906.

„שריפטן", 5 קליינע בענד אין איינעם, פ' ביכער פאַר אַלע, וואַרשע 1908.

„שכנים אַליין א"אַ דערציילונגען און לידער", פ' ביכער פאַר אַלע וואַרשע 1909.

„שריפטן", 4 בענד, וואַרשע 1909.

„כתבים", פ' תושיה, 1911.

„קינדער־ערצעהלונגען" (?), פ' האור, וואַרשע 1911.

„די משפחה", דראַמע, פ' ב. קלעצקין, ווילנע 1914.

„שריפטן", יידישער פאָלקס־פאַרלאַג, 1טער באַנד, קיעוו 1919.

„י. ל. פרץ", בראָשור, פ' גייסט, וואַרשע 1919.

„די משפחה", 2טע אויפלאַגע, כלל־פאַרלאַג, בערלין 1921.

„געזאַמלטע ווערק", 2 בענד ערציילונגען", בערלין 1922.

„אין אַ פּוילישער ישיבה", כלל־ביבליאָטעק, בערלין 1922.

„דאָס בוך פעליעטאָנען", פ' ש. יאַטשקאָווסקי, וואַרשע 1924.

„ארץ־ישראל", איינדרוקן און בילדער, פ' ת. יאַקובסאָן און מ. גאָלד־בערג, וואַרשע 1925.

„געזאַמלטע ווערק", 5 בענד דערציילונגען, פ' קולטור־ליגע, וואַרשע 1926.

„געזאַמלטע ווערק", 6טער באַנד, מיין רייזע איבער רוסלאַנד, וואַרשע 1928.

„געזאַמלטע ווערק", 7טער באַנד, דערציילונגען און לידער, וואַרשע 1930.

„אַמעריקע", 2 טיילן: אין צפון־אַמעריקע און אין אַרגענטינע, וואַרשע (1926?).

„פאַר יוגנט", פ' קינדער־פרייַנד, וואַרשע 1937.

# ה. ד. נאַמבערג, דער „צעבראָכענער" יידישער אינטעליגענט

## דער שטאַרקער גייסט אין שוואַכן קערפּער

הערש דוד נאָמבערג איז אַ זעלטענע אָפּלייקענונג פון דעם פאַרהייליקטן לאַטייַנישן ווערטל, אַז נאָר אין אַ געזונטן קערפּער קען זייַן אַ געזונטער גייַסט.

נאָמבערג איז פיזיש געווען אַ חורבה, אָבער גייַסטיק — אַ פעסטונג.

סייַ אין דער יוגנט — ווען ער האָט אונטערגעקנעלט אין פוילן אָדער „אַרומגעגאַנגען קרוע־בלוע" אין שווייץ — האָט מען „נישט געזען אַ מענטש מיט אַזוי ווייניק גוף"[1], סייַ אין די לעצטע יאָרן פון זיין קורצן לעבן — שוין אין אַ גוטער מאַטעריעלער לאַגע, ווען ער האָט געקענט אַרומפאָרן איבער דער וועלט אין פיינע באַדינגונ־גען — האָט ער, אַ נידעריקער, צעבויגענער און אויסגעדאַרטער, אויסגעזען „מיטן צעקנייטשטן פנים, ווי ער וואָלט שוין אַ יאָר נישט געגעסן"[2]. פון דעסטוועגן איז ער פאַר אַ סך געווען אַזוי גייַסטיק שטאַרק, אַז אַפילו אַ באַהעם זאָגט וועגן אים מיט באַוווּנדערונג: „ה. ד. נאָמבערג, מיט זייַן ליטעראַטור און מיט זייַן פּערזענלעכן לעבן, איז געווען דער סינאָנים פון אַבסאָלוטער פרייהייט"[3]. און י. ל.

---

[1] ד"ר א. מוקדוני — אין וואַרשע און אין לאָדזש, ב"אַ 1955, ב' 1, ז' 12.

[2] ז. סעגאַלאָוויטש — טלאָמאַצקע 13, ב"אַ 1946, ז' 140.

[3] אפרים קאַגאַנאָווסקי — יידישע שרייבער אין דער היים, לאָדזש 1949, ז' 26.

פּרץ, דער מעכטיקער גײַסט פון דער ייִדישער ליטעראַטור, האָט אין אים דערשפּירט אַזאַ כּוח, אַז ער האָט אַרום 1906 געשריבן צו ביאַ־ליקן: „אַש איז אַוועקגעפאָרן, נאָמבערג — נאָך אים, בין איך גע־בליבן ווי אַן איינזאַם בײַדל אין פעלד"[4].

נאָמבערג, פיזיש אַ חורבה, האָט אין זײַן גײַסט ווי אין אַ פעס־טונג זיך פאַרשאַנצעוועט קעגן דער אַלטער וועלט, פון וועלכער ער איז אַרויסגעקומען, „אַרויס פון בית־המדרש, אָבער נישט צו ווײַט אַוועק פון פאָלק"[5]. ווי שוואַך ער איז געווען, אָפּט קוים אויף די פיס זיך געהאַלטן, אונטערגעהוסט, ביז די לונגען מיט בלוט אויס־געשפּיגן, האָט ער איבערגעראַשט מיט זײַן לעבנסלוסט. זײַן לײַדנ־שאַפט צום טאַנצן, שפּילן ביליאַרד און אַ דערדע איז פאַר קיינעם קיין סוד נישט געווען. אויך מיט דעם איז ער דער סימבאָל פון אַב־סאָלוטער פרײַהייט. נישט אויסבאַהאַלטן, וואָס אים איז ליב געווען, אַפילו ווען דאָס איז געווען קעגן די אָנגענומענע פירונגען. נישט מורא געהאַט אַ גיי צו טאָן קעגן שטראָם, קעגן שוואַכקייטן פון „די יונגע" אין פוילן, ווי קעגן די ייִדקאָמוניסטן אין ראַטנפאַרבאַנד, אין סאַמע פרילינג, נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה.

נישט געווען קיין שוואַכקייט, וואָס זאָל אָפּוועגדן נאָמבערגן פון זײַן שטאַרקן געדאַנקענגאַנג. אַנדערש מיט זײַן טעמפּעראַמענט, אַנ־דערש אין זײַן ליטעראַרישן דרך און אני מאמין, איז פון דעסטוועגן נאָמבערג — אין אחריות פאַרן וואָרט — פּרצעס טרײַסטער תּלמיד. זײַן באַציִונג צום געדרוקטן וואָרט איז אָפּגעשפּיגלט אויך אין דעם אופן, ווי ער האָט זיך געגרייט צום שרײַבן: „צוויי טעג איידער ער פלעגט שרײַבן זײַן וועכנטלעכן אַרטיקל, פלעגט ער אַרומגיין צע־מישט, פאַרטראַכט, דענערווירט; דאַן פלעגט ער אומרויִק שלאָפן, ניט

[4] בריוו און רעדעס פון י. ל. פּרץ, דערקלערונגען פון נחמן מײַזיל, נ"י 1944, ז' 225.

[5] יוסף העפּטמאַן — רעדע אויפן יובילײַ־אָוונט, ליטעראַרישע בלעטער, וואַרשע 1924, נ' 16.

גערן ריידן מיט מענטשן; שרײַבן פלעגט ער שפּעט בײַנאַכט, בעת דעם שרײַבן געווען מוראדיק קאָנצענטרירט, כמעט ניט געהערט, וואָס עס טוט זיך אַרום אים; דער צעאַקערטער שטערן זײַנער פלעגט זיך אָנפּולן מיט אָנגעדראָלענע אָדערן; ווען ער פלעגט ענדיקן דעם אַרטיקל, האָט ער זיך אײניקע שעה געפונען כמעט אין אַ היגער־פּלעט, פלעגט שווער קרעכצן, ליגן מיט פאַרמאַכטע אויגן"[6].

נאָר האָט ער זיך באַפרײַט פון שרײַבן און פון קהלשע עסקים, איז ער געווען אַ בעלן צו פאַרווײַלן זיך, שפּילן, וויצלען זיך און לאַכן. ווי „ער איז געווען אַ קלײנינקער, אַ דינער, מיט דאַרע, האָלב־קײלעכיקע פּיס, אָבער אַ קאָפּ האָט ער געהאַט אַ גרויסן, גאָר נישט אין פּראָפּאָרץ צו זײַן פיגור", און „גערעדט גיך־גיך אויף אַ טיף־פּוילישן יידיש, מיטן יאַך און וווּ", האָט ער צוגעצויגן יונג און אַלט, געווען „אַרומגערינגלט פון פרײַנד און קאָלעגן און, דער עיקר, פון מיידלעך, קורסיסטקעס אָדער סתם „ליטעראַרישע בײַלאַגעס". און נישט אײן מאָל, ווען גראַפאָמאַנקעס האָבן אים ניט צו רו גע־לאָזט, אָפּגעשפּילט טעאַטער, וואָס האָט אַרויסגערופן האָמעריש גע־לעכטער[7].

און ווי ער איז געווען אַ גרויסער קענער אויף אַ טאַנגאָ און פאַקסטראָט און אַ פײַנער קאַוואַליר אין טאַנץ־זאַל, נישט געקוקט אויף זײַן פיזישער צעבראָכנקייט, אַזוי איז ער געווען דער ליבלינג פון דעם בעסטן יידישן עולם אין פּוילן, ווען פּוילן האָט פאַרמאָגט דרײַ מיליאָן יידן, ווען אין וואַרשע אַלײן זײַנען דערשינען 10 טעג־לעכע יידישע צײַטונגען. בײַ דער פײַערונג פון זײַן 25־יאָריקן ליטע־ראַרישן יובילײ אין וואַרשע, פאַר אַן עולם פון צוויי טויזנט מענטשן, „איז אים שווער אָנהייבן ריידן, ווײַל דער זאַל ברעכט כסדר אויס מיט אָוואַציעס"[8], כאָטש „אַ דוד פרישמאַן און אַ ה. ד. נאָמבערג

---

[6] שלמה מענדעלסאָן — זיין לעבן און שאַפן, נ"י 1949, ז' 175.

[7] אלחנן צייטלין — אין אַ ליטעראַרישער שטוב, וואַרשע 1937, זז' 101—103.

[8] וועגן נ. יובילײ — ליט' בלעטער, נ' 16.

זײַנען, ווי פּעליעטאָניסטן, געווען פאַר יחידי־סגולה, פאַר דער אינ־טעליגענץ״ [9].

דער חלוש איז גאָר געווען אַ גיבור.

דער חלוש נאָמבערג האָט שטאַרק ליב געהאַט דאָס לעבן.

דער חלוש נאָמבערג איז געווען פאַרליבט אין קונסט.

דער חלוש נאָמבערג איז געווען פאַרליבט אין ייִדיש.

דער חלוש נאָמבערג האָט געהאַט כוח צו זען זייער ווײַט — אויף צוריק און פאָרויס.

ווי פּראָטעסטירנדיק, ביטער, שאַרף, מיט כעס, רופט־אויס ביי נאָמבערגן די געזונטע סאָניע, ריידנדיק וועגן פאַרמרהשחורהדיקטן שוואַרצוואַלד, וועלכער איז ערגעץ פאַרפאַלן געוואָרן „צווישן בערג״:

— ער גלייבט אין גאָרנישט, ליבט גאָר נישט, האָפט אויף גאָר־נישט. אַלץ, אַלץ איז אים גלײַך! קיין זאַך אינטערעסירט אים נישט, נישט קיין ביכער, נישט קיין מענטש, נישט קיין קונסט — גאָר־נישט. ווי אַזוי־זשע לעבט ער? זאָג מיר, איך פרעג דיך.

לעבן מיינט פאַר איר ליבן. אויב נישט מענטשן, איז זאַכן, קונסט, געדאַנקען. אויב נישט דעם הײַנט, איז דעם נעכטן אָדער דעם מאָרגן. עפּעס מוז מען ליב האָבן, כדי צו ווילן לעבן.

הערש דוד נאָמבערג האָט געפונען אין לעבן ביטערע אַנטוי־שונגען — זיי האָבן אין אים פאַרפלאָנצט סקעפּטיציזם. אויף די וועגן פון זײַנע אַנטוישונגען האָט אָבער נאָמבערג באַגעגנט יצחק לייבוש פּרצן — ער האָט אין אים פאַרפלאָנצט אַ נײַע אמונה, די אמונה אין וואָרט, פאָלק און קונסט.

איז נאָמבערג אַוועק פון רבישע הויפן — צום מאָדערנעם רבינס הויף...

עס איז דעריבער נישט קיין פּאַראַדאָקס, וואָס אַ דיכטער האָט

[9] א. אלמי — מאָמענטן פון אַ לעבן, ב״א 1948, ז׳ 193.

געשריבן אין וואַרשע „אין טאָג פון ה. ד. נאָמבערגס טויט": אַ גרוי־
סע רעליגיעזע נאַטור האָט געמוזט זײַן נאָמבערג [10].

הערש דוד נאָמבערג איז געווען די זעלטנסטע אַפּלייקענונג פון
דעם פאַרהייליקטן לאַטײַנישן ווערטל „מענס סאַנאַ אין קאָרפּאָרע
סאַנאָ".

## אַ נייער טיפּ מענטש פון אַ נייער עפּאָכע

נאָמבערג איז אויפגעוואַקסן אין אַן עפּאָכע, ווען די ייִדן אין
מזרח־אייראָפּע זײַנען געווען פאַרפלייצט מיט גלויבן. ראָמאַנטישע
צײַטן געווען. אַלע האָבן זיך אַרומגעפירט מיט אמונה, ווי מיט
גרויסע אידעאַלן, ווי מיט הייסע ליבעס.

מ'איז נישט געגאַנגען אַליין.

אַפילו אַפּיקורסים זײַנען געווען גלייביקע. אַפילו אַסימילאַטאָרן
זײַנען געווען נאַציאָנאַל געשטימט — טאַקע אַנטלאָפן פון אייגענעם
פאָלק, אָבער דאָס געטאָן, כדי צו ווערן גלייביקע שותפים פון אַ
צווייטן פאָלק, זײַן שפּראַך, זײַן לאַנד, זײַן קולטור.

געווען אַ צײַט, ווען אַפילו צווייפלערס האָבן געגלויבט — גע־
צווייפלט אין זייער אַלטער אמונה, ווײַל זיי האָבן געפונען אָדער
געפאַנגען געוואָרן פון אַן אַנדער אמונה.

גלייבן איז געווען אין דער מאָדע און פון גלייבן איז געשאַפן
געוואָרן אַ פּסיכאָז. אַטאַקירנדיק רעליגיעזע ייִדן, ווײַל זיי גלייבן בלינד
אין גאָט פון הימל, זײַנען אַפּיקורסים אַרײַנגעפאַלן אין עקסטאַז מיט
זייער גלייבן בלינד אין פּראָגרעס און קולטור. אַנשטאָט אין בית־
המדרש געטומען גיין אין פּאַרטייען, סינדיקאַטן אָדער ביבליאָטעקן,
קלובן, פרײַע געזעלשאַפטן. אַנשטאָט עבודת הבורא געטאָן אונטער־
ערדישע אַרבעט. אַנשטאָט „לשנה הבאה בירושלים" אויסגעשריגן
„בית יעקב לכו ונלכה", ווערבירט חלוצים אָדער אַקציאָנערן פאַר
דער קאָלאָניזאַציע.

---

[10] ישראל שטערן — אפשר נישט?, ליט' בלעטער, 1927, נ' 47.

די השכלה האָט מיט אירע לעצטע כוחות אַטאַקירט דעם רעלי־גיעזן פאַנאַטיזם, אָפּטרעטנדיק איר אָרט פאַר די נײַע צוויי וועגווײַ־זערס אינעם ייִדישן לעבן, חיבת ציון און פּראָלעטאַרישקייט, אָבער זיי, די קינדער פון דער השכלה, זײַנען נישט איין מאָל דערגאַנגען צו אַן ענלעכן פאַנאַטיזם, וואָס די משכילים האָבן באַקעמפט בײַ די חסידים און בײַ באַלעבאַטישע סעקטאַנטן... געזעלשאַפטלעך נאָך אין אַ כאַאָטישן צושטאַנד, נישט אָרגאַניזירט, האָבן זיי אַרויסגעוויזן ענ־טוזיאַזם, אָפט ענלעך צו דער חסידישער ראָמאַנטיק, וואָס די זעל־ביקע וועלטלעכע באַוועגונגען האָבן באַקעמפט... ריידנדיק רק פון באַוווסטזײַן און פּראַקטישן רעאַליזם, האָבן זיי אָבער אַוואַנסירט אַ דאַנק די אימפּולסן פון אידעאַליזם און עמאָציעס, כאַראַקטעריסטישע פאַר פּרימיטיווע מענטשן, וואָס זיי האָבן אויסגעלאַכט...

אויסלאַכנדיק, האָט מען געגומען גוואַלדיק ערנסט דאָס לעבן. דראַמאַטיש. טראַגיש. אויב מען האָט געלאַכט, איז דאָס געווען אַ לאַכן מיט יאַשטשערקעס... מער ווי מ'האָט יענעם וויי געטאָן, האָט מען אַליין געליטן.

פון דעם דאָזיקן הייליקן ערנסט, נאָר פון אַזאַ דערהויבענער צײַט, האָט געקאָנט אַרויסקומען די נאַציאָנאַלע דערוואַכונג, סאָציאַלע טראַנספאָרמאַציע און, פון זיי בײדע, דער רענעסאַנס פון דער ייִדי־שער ליטעראַטור און קולטור.

פון דער־אָ צײַט האָט נאָמבערג געירשנט דעם ערנסט, אָבער נישט די אמונה. כאָטש אויפגעוואַקסן און שוין אײַנגעשטעלט אין דער סביבה פון טראַדיציאָנעלן גלויבן, צוגעגרייט דורך ישיבה און בית־המדרש, אַרומגערינגלט פון חסידישן יחוס און נגידישן וויל־זײַן, כאָטש ער איז שוין געווען אַ חתונה געהאַטער און שוין געהאַט קינדער אויך, פון דעסטוועגן האָט ער געהאַט קוראַזש קעגנצושטעלן זיך אַלץ און אַלעמען. נישט ווײַל ער האָט דערזען אַ בעסערע וועלט. נישט ווײַל ער האָט דערזען ערגעץ מער תכלית. ניין. ער האָט נישט באַשלאָסן איבערצולאָזן זײַן אַלט לעבן, ווײַל ער האָט געפונען אַ נײַ

לעבן. געזוכט האָט ער, אומעטום אַרומגעזוכט, אָבער געפונען האָט ער גאָר נישט...

ער איז קוים צוואַנציק יאָר אַלט געווען, ווען עס האָט זיך אין אים אײַנגעבראָכן זײַן רעליגיעזע וועלט. די איבערקערעניש — דערציילט נאָמבערג אין זײַנע זכרונות און מעדיטאַציעס, פאַרבונדענע מיט פּרצן, זײַן רבי און ליבלינג — איז אין אים פאָרגעקומען אין אלול, „אַ חודש פון זאָרג, פון ערנסטע געדאַנקען און אַ שווערן געמיט פאַר אַ יונגנמאַן אין אַ קליין שטעטל, וואָס שטעקט נאָך קערפערלעך און גײַסטיק אין דער וועלט פון רעליגיע". ער האָט געזוכט פאַר זײַנע קשיות ענטפערס אין דאַווענען, אין ש"ס און פּוסקים, און נישט געפונען. וואָס מער ער האָט געזוכט תשובות, אַלץ מער שאלות זײַנען אים אַנטקעגנגעקומען. „מיר האָט אויסגעזען — זאָגט ער — אַז דאָס האָבן געשריבן לײַכטזיניקע מענטשן... וועגן אַלץ אויף דער וועלט רעדט מען דאָ, אָבער נישט וועגן עיקר, וועגן דער עצם־פראַגע: וואָס טוט מען אויף דער וועלט, וואָס איז אַזוי פּוסט און וויסט?" [11].

שוין אין עלטער פון צוואַנציק יאָר באַווײַזט זיך נאָמבערג ווי אַן עטישע פערזענלעכקייט. ער נעמט פון דער השכלה בלויז יענע פּרינציפּן, וועלכע באַוועגן צו לערנען בײַ דער ברייטער וועלט, קענען פרעמדע פעלקער, שפּראַכן און קולטורן. די פּראַקטישע, גשמיותדיקע שטרעבונגען פון דער השכלה — צו פאַרבעסערן די לאַגע פון די ייִדן עקאָנאָמיש, סאָציאַל און פּאָליטיש — אינטערעסירן אים נישט. פּונקט ווי ס'איז אים פרעמד דער יצר־הרע פון קהלן זיך. ער האָט נישט קיין מורא צו בלײַבן אַליין און זוכט נישט נאָכצושלעפּן זיך נאָכן כלל. אינספּירירט געוואָרן פון דער צײַט, אָבער נישט מיטגעגאַנגען מיטן כלל — אַוועק אויף די ראַנדן פון דער צײַט און אויף די ראַנדן פון כלל. ביחידות. ווי אַן אינדיווידואַליסט.

---

[11] „אַ ליטעראַרישער דור", דאָס בוך פעליעטאָנען, וואַרשע 1924, זז' 172—173.

הערש דוד נאָמבערג איז דער ערשטער אינדיווידואַליסט אין דער יידישער ליטעראַטור.

להיפוך צו דעם מאַטעריעלן תכלית, וואָס די משכילים זוכן בדרך כלל, זוכט נאָמבערג, אויף זיין וועג ביחידות, דורכויס־גײַסטיקע באַפרידיקונגען. זאָגט זיך אָפּ פון אַלע באַקוועמלעכקייטן. פאַרבײַט די היים אויף היימלאָזיקייט און דאָס זאַטע לעבן אויף הונגער און נויט... נאָר ער שטעלט זיך מיט דעם נישט אַרויס. פּאָזירט נישט. זײַנע פערזענלעכע דאגות זײַנען זײַנע סודות. קלאָגט זיך נישט פאַר קיינעם. ווערט נישט נתפּעל פון לײַדן. שטאָלץ ביחידות. אידעאַליס־טיש פאַר זיך. נאָמבערג איז אַוועק פון דער אַלטער וועלט מיט אַלע שאַנסן צו פאַרלירן — נישט ווי די מערסטע יידישע שרייבערס און קעמפערס, וועלכע זײַנען אַוועק פון דער אַלטער וועלט, ווײַל זיי זײַ־נען דאָרט געווען פאַרזונקען אין דלות — און מיט קיין שום אויס־זיכט נישט צו געפינען בעסערס.

ווען פּרץ זאָגט אים:

— וואַרפט־אַוועק די העברעיִשע שירים, שרײַבט אויף יידיש, וועט איר ברענגען נוצן דער וועלט.

פרעגט נאָמבערג:

— און וואָס וועט זײַן, אַז איך וועל ברענגען נוצן?

דאָס „ברענגען נוצן דער וועלט" איז פאַר דעם יונגן נאָמבערג קיין טרייסט נישט, כל־זמן די „וועלט איז אַזוי פּוסט און וויסט". וואָס פאַר אַ זין האָט עס פאַר אַ מענטשן, וועלכער איז מקריב זײַן רו און זײַן ווילזײַן, צו ברענגען נוצן אַ וועלט, וואָס איז פּוסט און וויסט?

דאָס איז געווען אין 1897, אַרום איינער פון די וויכטיקסטע דאַטעס אין דער יידישער געשיכטע. אין דעם יאָר ווערט געבוירן דער צווילינג, וואָס האָט רעוואָלוציאָניזירט דאָס יידישע לעבן: דער פּאָליטישער ציוניזם און דער אַרבעטער־בונד. צעשטערט איז דער שטילשטאַנד אינעם דלותדיקן שטעטל. יונגט לויפט אין שטעט אָדער קײַן אַמעריקע. די גרויסע ירושה פון דער השכלה און פון חסידיזם פאַלט־אַרײַן צווישן די מילשטיינער פון חיבת ציון און פון רעוואָ־

לוציאָנערער פּראָלעטאַרישקייט —ביידע אין ראָמאַנטישן שלייער — בעת די צאַרישע רדיפות פאַרסמען די לופט און די איבערבלײַבעכצן פון פאַנאַטיזם ליגן ווי זומפּן אויף די וועגן... פּראָבלעמען זײַנען געווען לרוב; עס זײַנען אָבער אויך געווען אַ סך ענטפערס. זיי זײַנען געקומען, די ענטפערס, דורך לויזע באַוועגונגען און דורך פאַרשיידענע יונגע פּאַרטייען, פון דער ייִדישער גאַס און אויך פון דער ניט־ייִדישער וועלט. דער דראַנג צו רעפאָרמען און רעוואָלוציעס אויף דער ייִדישער גאַס איז דאָך אייגנטלעך אין אַ גרויסער מאָס אינספּירירט און אָריענטירט געוואָרן פון דער רוסישער וועלט. די פאָלקסגייערישקייט אין צאַרישן רוסלאַנד האָט סטימולירט די באַוועגונגען פאַר פאָלקסטימלעכקייט און וועלטלעכקייט בײַם מזרח־אייראָפּעיִשן ייִדנטום. אין אייניקע פאַלן זײַנען ייִדישע פּראָגראַמען געווען קאָפּירט פון רוסישע באַוועגונגען. ערשט נאָך אַ לענגערער דערפאַרונג האָבן די פאַרווירקלעכערס פון די ייִדישע פּראָגראַמען אײַנגעזען, אַז מען דאַרף זיי מער צופּאַסן צו די ספּעציפישע ייִדישע באַדערפעניש, צו די אייגנאַרטיקע ביינגונגען פון דער ייִדישער מענטאַליטעט, כאַראַקטער און היסטאָרישע טראַדיציעס. אַזוי האָט די סאָציאַליסטישע באַוועגונג, וואָס איז סוף 19טן יאָרהונדערט איבערגעפלאַנצט געוואָרן אויף דער ייִדישער גאַס, געמוזט אינטערפּרעטירן נישט בלויז די עקאָנאָמישע און סאָציאַלע אינטערעסן פון דער אָרעמער ייִדישער מאַסע, נאָר אויך אירע נאַציאָנאַלע אינטערעסן, זיי פאַרשותפן און קעמפן פאַר זיי, ווײַל נאָר אַזוי אַרום האָט זי געהאַט איר אמתע, דויערנדיקע רעכט צו עקסיסטירן און די פּריווילעגיע צו ווירקן.

פאַר ייִדן, וואָס האָבן זיך פאַראינטערעסירט מיט וועלטלעכקייט, איז דערפאַר ניט שווער געווען צו געפינען ענטפערס אָדער אַדרעסן פאַר זייערע שאלות. זיי האָבן נאָר באַדאַרפט האָבן די סטיכיע פון גלויבן, וואָס האָט באַהערשט די מענטשן פון 19טן יאָרהונדערט, אַפילו די אַפּיקורסים. זיי האָבן נאָר באַדאַרפט מיטגיין מיטן שטראָם.

דורך נאָמבערגן באַווײַזט זיך אַ נײַער טיפּ ייִד, אַזאַ וואָס אינ־

טערעסירט זיך מיט אַלץ, קען אַלץ, פאַרשטייט אַלץ, נאָר גייט אויף די ראַנדן פון אַלע באַוועגונגען, ווײַל ער קען זיך אין ערגעץ נישט אַרײַנפּאַסן. ער איז אַ וועלט פאַר זיך. דאָס איז אָבער נישט קיין איינצלנער, וואָס מ׳דאַרף זוכן ווי מיט ליכט. אַזעלכע יחידים באַווײַזן זיך אַ סך; ווערט פון זיי אַ קלאַס, כאָטש זיי האַלטן זיך באַזונדער. „אויף די וואַרשעווער, אָדעסער גאַסן — דינט אונדז פאַר אַן עדות איינער פון די שאַרפזיניקסטע ייִדישע שרײַבערס — בלאָנקען־אַרום טשיקאַווע פּנימער. פון אויסן קען מען זיי קוים אונטערשיידן פון געוויינטלעכן ייִדישן פּראָלעטאַריאַט אָן אַרבעט; אין דער אמתן אָבער זײַנען דאָס אָפּט די העכסטע גײַסטיקע טיפן פון דער ייִדישער געטאָ־וועלט... איטלעכער פון זיי האָט אַ פּנים פון אַ פּאַריאָגטן, אַרויסגעטריבענעם. אין דער אמתן אָבער האָט זיי קיינער נישט פאַרטריבן פון טאַטנס היים — אַליין, מיטן אייגענעם רצון, זײַנען זיי געגאַנגען אין גלות... מען זאָל זיי ניט פאַרגלײַכן מיט די אַפּיקורסים פון דער השכלה־צײַט, וועלכע זײַנען מיט אַ האָפענונגפולן האַרצן אַרײַן אין די דײַטשישע אוניווערסיטעטן, פון די היימישע פאַרפאָלגט און פאַרשאָלטן, פון דער רעגירונג און די דײַטשישע מפיצי־השכלהניקעס געשטיצט און געקעכלט. די דעמאָלטיקע אפיקורסים האָבן פאַראַכט די ייִדישע וועלט... אַנדערש אָבער געשטימט זײַנען די הײַנטיקע... זיי וועלן שוין ניט אויף אַ רגע אָפּלייקענען זייער צובונד צו זייער פאַרגאַנגענהייט. און האַלב באַוווּסטזיניק, האַלב אומבאַוווּסטזיניק שטרעבן זיי דערצו, אַ גרויסע, פרעמדע קולטור מיט דער אייגענער צו פאַרשמעלצן אין איין־איינציקע, גאַנצע, ייִדישע קולטור. זיי זײַנען שוין ניט קיין אָפּגעריסענע לעבנס־קעמערלעך פון ייִדישן אָרגאַניזם; דאָס איז די ייִדישע פּערזענלעכקייט, דער נאַציאָנאַלער יחיד, וואָס צערײַסט דאָס הײַטל פון דער ענגער, פּאַטריאַרכאַלישער וועלט, כדי פרײַער, ברייטער, שפּערישער לעבן צו קענען ווי אַן איינצלנער פאַרן גאַנצן אָרגאַניזם. און אַזוי ווי די דאָזיקע יחידים שלעפּן אויף זיך אַ לאַנגן, אַלטן עבר, וואָס האָט זיך אויסגעצייכנט מיט זײַן טיפער, אינערלעכער גײַסט־קולטור, דערגרייכן זיי שוין אין יונגע יאָרן

צו די העכסטע און פײַנסטע השגות. נאָר... אַ נײַער קוואַל פון לײַדן עפנט זיך אויף אין די הערצער פון אונדזערע יחידים. פון איין וועלט אַוועק, אין די אַנדערע ניט אַרײַן. אייביק אַרומגעשלײַדערט, ווי אַן אומרו, צווישן אייגענע און פרעמדע קולטורן. קיין שום מעג־לעכקייטן בײדע צו פאַראייניקן, ווײַל דאָס אייגן פאָלק קען נאָר לעבן ווי אַ מוילוורף אין אַ נאָרע, האָט אָבער ניט די מעגלעכקייט פרײַ צו אַנטוויקלען און שעפעריש צו לעבן — דאָס איז דאָס פלאַץ מיט די געבערענטע קוילן אונטער די פיס, אויף וועלכע עס טאַנצט־אַרום די ייִדישע פערזענלעכקייט. און ער קוקט אויף זיך טייל מאָל ווי אויף אַ פאַרזעעניש פון גאָט, ווי אַן אויסגעמישטע באַשעפעניש, האַלב ר' מענדעלעס „קליאַטשע" און האַלב מענטש, מיטן קאָפּ אין דער גרויסער מענטשלעכער קולטור, מיט לײַב און לעבן אין דער טויטער אַטמאָספערע פון קבצנסק און טונעיאַדאָווקע"[12].

נאָמבערג האָט זיך אָבער געראַנגלט, מיט זיך און מיט דער סביבה, אויף ניט צו ווערן „ווי אַ פאַרזעעניש פון גאָט".

און דער־אָ מאַן, מיטן קליינעם, אײַנגעדאַרטן גוף און קראַנקע לונגען, האָט געהאַט דעם ווונדערלעכן כוח בײַצוקומען סײַ דעם רעליגיעזן יצר־טוב, סײַ דעם משכילישן יצר־הרע.

ער איז געגאַנגען אַליין, אַפילו ווען ער איז געגאַנגען צוזאַמען.

ער האָט דעם „צעבראָכענעם" ייִדישן אינטעליגענט איבערגע־וווּנדן אין אַ מאָדערנעם ייִדישן מענטשן, וואָס האָט דעם מוט צו זײַן אַליין, טראַכטן אַליין און נישט מורא האָבן פאַר די קאָנסעקווענצן, אַפילו ווען ער איז נישט קאָנסעקווענט...

צווייפלען איז פאַר נאָמבערגן געוואָרן די פּערמאַנענטע קאָנט־ראָל־סטאַנציע איבער זיך, פאַר זיך, מיט זיך.

איינער, וואָס האָט גוט געקענט נאָמבערגן פון דער נאָענט, האָט דערפאַר דערמאָנט, וואָס טאָלסטאָי פלעגט זאָגן, אַז „עס זײַנען

---

[12] בעל־מחשבות — „געווידמעט ה. ד. נאָמבערג", געקליבענע שריפטן, 1טער באַנד, ווילנע 1910, זז' 181—185.

דאָ מענטשן, וואָס טראַכטן פאַר זיך, און אַזעלכע וואָס טראַכטן פאַר דער עפנטלעכקייט", כדי אויסצופירן, אַז נאָמבערג איז געווען „אַ שריפטשטעלער, וואָס האָט געטראַכט פאַר זיך" און „אַזעלכע זײַנען געווען אַלע גרויסע שריפטשטעלערס":

— נאָך י. ל. פרץ איז נאָמבערג געווען די באַדײַטנדיקסטע, די אינטימסטע און אינטערעסאַנטסטע פערזענלעכקייט אין אונדזער ליטעראַטור [13].

אין אַ צײַט, ווען מ'האָט געזוכט אין אַלע ריכטונגען היילמיט־לען רק פאַרן כלל, ווען צומאָל פרץ, דער לײַדנשאַפטלעכסטער אינ־דיווידואַליסט אין דער יידישער ליטעראַטור, האָט אַפילו אין דער דראַמע פון יחיד זיך אָפּגעשטעלט בעיקר אויף קאָלעקטיווע צרות, אויף כלל־פּראָבלעמען, האָט נאָמבערג דער נאָוועליסט זיך אַרײַנ־געטאָן אין שילדערן אַ טיף ייִד, וועלכער פּאַסט זיך בכלל נישט אַרײַן אין דער געזעלשאַפט, ווי אַ יחיד במינו.

נאָמבערגס העלדן זײַנען די ערשטע אַנאַרכיסטן אין דער ייִדי־שער פּראָזע.

## פון פליגלמאַן ביז עליאַש, פון אַלצווייסעריי צו נייע זוכענישן

די העלדן פון נאָמבערגס נאָוועלן האָבן אַ שם פון שלימזלניקעס. און זיי זײַנען שלימזלניקעס, נישט ווײַל זיי זײַנען נאַריש, נאָר פאַר־קערט, ווײַל זיי זײַנען צו־קלוג.

שוין אין די ערשטע שורות פון זײַן ליד „דער נביא", מיט וועלכן ער האָט דעבוטירט אין 1900 אויף ייִדיש, זעען מיר די גרעס־טע מעלה פון דעם שרײַבער און דעם גרעסטן חסרון פון זײַנע העלדן. דאָס אין דער צו „שאַרפער בליק", וואָס גרייכט אומעטום.

---

[13] ב. קאַרליניוס — „געווען אַ מענטש...", שטריכן פון דער פערזענ־לעכקייט ה. ד. נאָמבערג, די אידישע צייטונג, ב"אַ, 22 נאָוועמבער 1931.

„און זאָל דער וואָלקן זיין ווי דיק,
דאָך שניידט אים דורך מיין שאַרפער בליק".

נאָמבערגס העלדן — פליגלמאַן, שוואַרצוואַלד, בענדער, פעליע פיינשטיין — זעען אַזוי שאַרף, אַז קיינער קען זיך פון זיי נישט אויס־באַהאַלטן מיט זיינע געדאַנקען און געפילן. זיי דרינגען־דורך אַלץ און אַלעמען. מ'קאָן זיי נישט אַראָפּפירן פון וועג מיט אַ ליגן און אַפילו נישט מיט אַן אילוזיע. זיי זיינען מבינים אויף אַ פינטל מיטן אויג. אויב זיי רעאַגירן נישט, אויב זיי זיינען פּאַסיוו, מיינט עס נאָך נישט, אַז זיי זיינען גלייכגילטיק. אדרבה, אַלע זייערע חושים זיינען וואַכעדיק און מער פון אַלע דער שכל. אַלץ וואָס זיי טוען, און אויך דאָס וואָס זיי טוען נישט, איז אויסגעמאָסטן און אָפּגעוויגן מיטן שכל. און דאָס איז טאַקע זייער אומגליק — וואָס זיי וויסן צופיל און זיינען צו־אינטעליגענט.

„פליגלמאַן", געשריבן אין 1905, נאָמבערגס פּאָפּולערסטע נאָ־ווועלע, אַ סך יאָרן אַ רייצנדיקע טעמע פאַר דער ליטעראַטור־קריטיק און געזעלשאַפטלעכע דיסקוסיעס, איז געווען דער ערשטער אָנזאָג פון די אָנקומענדיקע ירידה־שטימונגען איבערן דורכפאַל פון דער רעוואָלוציע אין רוסלאַנד, אַ צייט ווען עס איז פון ווילנער רעוואָלו־ציאָנער „חבר אַראָן" און אייזיק־מאיר דעווענישסקי געוואָרן א. ווייטער... ווען מ'האָט אויפגעהערט זען מיטן שכל הישר, אַז עס קומט די ישועה, און מ'איז אַריינגעפאַלן אין נידערגעשלאָגנקייט — אָדער אין יאוש, ניהיליזם, פאַרביטערונג, אָדער אַוועק צוריק אין בית־מדרש, ווי וויטערס „שטומער"...

אָט־אָ־די דעקאַדענטישקייט — אַ נייס אינעם יידישן לעבן — האָט נאָמבערג דער ערשטער אַריינגעבראַכט אין דער יידישער ליטע־ראַטור: די טראַגעדיע פון דער פיזיש־הונגעריקער און גייסטיק־אי־בערגעזעטיקטער אינטעליגענץ, וואָס איז אַ רעזולטאַט פון דעם ראַשיקן איבערגאַנג פון דושנעם בית־מדרש צום לעבן פון עלנטע

נאַכט־וואַנדלערס אָדער גאָר „צווישן בערג“, אין דער אַטמאָספּערע פון דער באָהעמיע.

פליגלמאַן, דער זון פון קליינשטעטלדיקן שמש, איז היימיש מיט בודאַ, שפּינאָזאַ, קאַנט. „ער ווייסט אַלץ, וואָס זיי האָבן אויפגעטאָן, און נאָך ווייסט ער, אַז דער עיקר, דער תוך כל התוכות, איז דאָס לעבן, דאָס לעבן אַליין טאַקע“. נאָר אַליין זיך אַרײַנפּאַסן אין רעאַלן לעבן פון זײַנע מיטמענטשן קען ער נישט.

טעאָרעטיש שטײַגט ער אַלעמען אַריבער. קען בעסער פון אַלעמען פאָרמולירן פּרינציפּן פוּן לעבן, וועגן זיי דיסקוטירן און זיי פאַרטיידיקן. מ׳קען מיינען, אַז ער איז אויסגעהונגערט נאָך לעבן און ליבע. אָט פאַרזיכערט ער: „דאָס לעבן אָן ליבע האָט נישט קיין זין און פאַרלירט זײַן פאַרטיידיקונג“, ווײַל „אַ מענטש, וואָס איז נישט גענייגט פון דער נאַטור צו ליבע, האָט וויניקער ווערט ווי אַ מענטש וואָס קען נישט לייענען און שרײַבן“. אַליין קען ער זיך אָבער מיט דער ליבע קיין עצה נישט געבן. דאָס איז אַלץ, ווײַל ער איז צו־קלוג. דערפאַר האָט ער זיך נישט אַנטשלאָסן אויף אַ ליבע און אַװדאי נישט אויף אַ שידוך: ער האָט תמיד מורא געהאַט צו באַגיין אַ נאַרישקייט, צומאָל די קלענסטע נאַרישקייט, צומאָל מאַכן אַ זשעסט, וואָס איז נישט גענוג קלוג... דערפאַר, אַז ער האָט אריבערגעקוקט אין פענצטער, ווו עס איז געשטאַנען אַ מיידל, האָט ער אַזוי לאַנג געקוקט, ביז עס האָט זיך אים אויסגעוויזן, אַז ער וועט אויסזען נאַריש. דעמאָלט האָט „פליגלמאַן אַ קלאַפּ געגעבן מיט צוויי פינגער אין פענצטער און געזאָגט צו זיך: גענוג!“... און ער איז אַזוי לאַנג קלוג געווען, ביז זײַן קאָפּ איז פאַרפּלייצט געוואָרן פון דער חכמה און ער איז משוגע געוואָרן... נאָר ער איז אַזאַ משוגענער, וואָס משוגענערהייט פאַרשטייט ער אויך זײַן קרענק: „באַגראָבט מיך — זאָגט פליגלמאַן צו דער פּאָליציי — איך האָב אַ פּאַספּאָרט, אָט!“. ער ווייסט, פליגלמאַן, אַז ער איז אַ לעבעדיקער מת. „ער, פליגלמאַן, ווייסט אַלץ“. דעריבער קען ער זיך אַפילו דערקלערן, פון וואַנען עס נעמט זיך זײַן עלנט, פאַרוואָס מ׳קומט צו אים נאָר ווען מ׳דאַרף

אים אויסניצן. „אַז מען לעבט אַ פֿאַרשטענדיק, קלוג לעבן, דאַרף מען זיך ריכטן צו זײַן אָפּגעזונדערט און עלנט". אַזוי איז די מעשה און ס'קען גאָר אַנדערש ניט זיין. צופֿיל שכל פֿאַרטרײַבט מענטשן. צופֿיל שכל פֿאַרטרײַבט אמונה. „ווען נישט מײַן פֿאַרשטאַנד — זאָגט פֿליגלמאַן — וואָלט איך שוין לאַנג געווען אַ מיסטיקער".

פֿליגלמאַן איז אַזוי קלוג, אַז ער איז ווי אַ קראַנקער, וואָס ווייסט, ווי קראַנק ער איז, ווייסט צומאָל, אַז די קרענק זײַנע איז נישט צום היילן, נאָר אַליין אַ סוף מאַכן צום לעבן איז אויך נישט קיין חכמה...

און פֿליגלמאַן האָט מורא פֿאַר אַ נאַרישקייט מער ווי פֿאַרן לעבן און פֿאַרן טויט.

דערפֿאַר האָט ער אַזוי מורא פֿאַרן ריידן: ווײַל מיטן ריידן פֿאַר־רעדט מען זיך, מ'זאָגט נישט וואָס מ'וויל, און מ'רעדט נאַרישקייטן.

דערפֿאַר איז בעסער צו שווײַגן. ווי שוואַרצוואַלד. ווי בענדער. ווי פּעליע.

שוואַרצוואַלד, נאָמבערגס טרויעריקער העלד אין דער נאָוועלע „צווישן בערג", וועלכע איז צום ערשטן מאָל דערשינען אין 1908, איז אַ ווײַטערדיקע אַנטוויקלונג פֿון פֿליגלמאַן. אַנטקעגן פֿליגלמאַנס באַריידעווודיקייט איז שוואַרצוואַלד אַ שותק. אַנטקעגן פֿליגלמאַנס מורא זיך צו פֿאַרליבן, וואָס צוליב דעם פֿאַרזיצט ער און גייט־אַראָפּ פֿון די געדאַנקען, איז שוואַרצוואַלד, בײַ זײַן גאַנצער פֿאַרכמורעטקייט און פֿאַרשלאָסנקייט, דווקא פֿעיִק צו פֿאַרליבן זיך, צומאָל אײַנפֿעריק, גלײַך ווי ער וואָלט צוגעזען פֿליגלמאַנס פֿינצטערן סוף און אַזאַ סוף געוואָלט אויסמײַדן... כאָטש „דער גאַנצער מענטש האָט אויס־געזען צו זײַן געקנאָטן פֿון לײַדן, נאָר אויך די לײַדן האָבן נישט מער געלעבט".

די רויִקייט און טויטקייט אין נאָמבערגס העלדן איז אָבער בלויז אַן אויבנאויפֿיקע. אונטער דער רויִקייט באַהאַלט זיך אומרו. אונטער דער טויטקייט באַהאַלט זיך אַ פֿילאָסאָפֿיע וועגן טויט. אַ פֿילאָסאָפֿיע, אַז מ'דאַרף זיך גאָר נישט אַזוי שרעקן פֿאַרן טויט, פּונקט ווי ס'איז נישטאָ פֿאַר וואָס אַרײַנצופֿאַלן אין התפּעלות פֿאַרן לעבן.

שוואַרצוואַלד איז אין סאָניען „פֿאַרליבט אויף טויט". דער סור־דותפֿולער העלד פֿון „צווישן בערג" פֿאַרשווינדט אויף אַזאַ אופֿן, אַז מ׳ווייסט ניט, צי האָט ער זיך אַראָפּגעוואָרפֿן אָדער צופֿעליק אַראָפּגעפֿאַלן אין אָפּגרונט, ווו „דער טויט בענטשט מיט רויִקייט".

נאָך ווײַטער איז אַוועק פֿעליע פֿײַנשטיין: זי רעדט וועגן טויט מיט דער גליקזעליקייט ווי פֿאַר אויסלייזונג. „זי האָט אויסגעצויגן איר שלאַנקן קערפּער אין בעט, גלײַך אַראָפּגעלאָזט די הענט איבער דער קאָלדרע, האָט צוגעמאַכט די אויגן און זיך פֿאַרטראַכט. זי האָט זיך פֿאַרגעשטעלט דעם נאָענטן טויט און ער האָט זי נישט געשראָקן... אַלץ האָט זיך איצט אויסגעדוכט צו זײַן שטיל, רויִק און אַזוי גע־בענטשט אין זיך". פֿון דעסטוועגן האָט זי אַזוי לאַנג אָפּגעהאַלטן בײַ זיך דעם סם און זיך צו דעם ניט צוגערירט, ביז זי האָט זיך נישט פֿאַררעדט. שווײַגנדיק האָט זי געלעבט, אָבער נאָכן אויסריידן זיך פֿאַר דער שוועסטער האָט זי דערפֿילט, ווי די הייליקסטע געפֿילן זײַנען אַרויסגעקומען אַזוי באַנאַל, אַז עס איז גאָר נישט כדאי פֿאַר דעם צו לײַדן. דערפֿאַר האָט זי דער שוועסטער אָנגעזאָגט אינעם צעטעלע, וואָס זי האָט אָנגעשריבן: „אויב דיר וועט אויסקומען צו לײַדן אַזוי פֿיל, ווי מיר, דערצייל קיינעם נישט פֿון דײַנע לײַדן, היט זיי אין דײַן האַרצן, זאָלן זיי זײַן פֿאַרבאָרגן און הייליק, און שווײַג, שוועסטער, שווײַג!"...

ווײַל רייד קענען וואָכעדיק מאַכן אַפֿילו די הייליקסטע געפֿילן פֿון צער.

שטיקנדיק אין זיך די לײַדן, סימולירנדיק רו, מאַכן נאָמבערגס העלדן דעם אײַנדרוק, ווי זיי וואָלטן געהערט צו גאָר אַן אַנדערער וועלט, אַ וועלט וואָס איז אינספּירירט פֿון דער בודיסטישער פֿילאָ־סאָפֿיע, וועלכע זאָגט, אַז דאָס לעבן איז הווילע פּיין, אַז דאָס בעסטע אינעם לעבן איז ניט זײַן, וואָס ווייניקער זיך קעגנשטעלן און וואָס מער זיך לאָזן באַהערשן פֿון רו — נירוואַנאַ.

נאָמבערג איז געוואָרן דער דיכטער פֿון דער נירוואַנאַ. זײַנע העלדן זעען, ווי אײדעלע געפֿילן ווערן געלעסטערט.

מ׳לעסטערט צומאָל אָן דער כוונה צו לעסטערן. דער עגאָיזם, די פּוסטקייט, די פֿאַרבלענדונג שטויסט מענטשן צו גראָבקייטן. ווי־זשע דאַרף מען ענטפערן, נישט אַראָפּנידערנדיק צו דער זעלביקער שטופֿע, ווי די לעסטערערס ?

נאָמבערגס העלדן ענטפערן — נישט ענטפערנדיק.
פּראָטעסטירן מיט שטילשווייגן.
רעאַגירן דורך איזאָלירן זיך.

דער פֿאַרליבטער בענדער ענטפערט אין „דאָס שפּיל פֿון ליבע" מיט שטילן באָיקאָט. ווען מאַניע איזדיעקעוועט זיך איבער אים, אַרויסווײַזנדיק אים אין די אויגן מער אויפֿמערק דעם פּוסטן און פּוילן מאירזאָן, ווײַזט ער זײַן חשיבות מיט דעם, וואָס ער דערלאַנגט איר נישט די האַנט און בלײַבט נעבן איר שטיין „מיט אַן אַראָפּגע־לאָזטן בליק".

שוואַרצוואַלד, „צווישן בערג", האָט נישט רעאַגירט, ווען סאָניע האָט פֿון אים חוזק געמאַכט און זיך געטוליעט צום אַנדערן בחור, אָבער זײַן פֿאַרשווינדן אינעם אָפּגרונט לאָזט־איבער דעם אײַנדרוק פֿון דעם טראַגישסטן פּראָטעסט.

נאָמבערגס העלד פּאַסט זיך נישט אַרײַן אין דער געזעלשאַפֿט. ער אַנטלויפֿט נישט פֿון איר. אדרבה, ער אינטערעסירט זיך מיט איר און וויל זי קענען. אָבער געהערן צו דער געזעלשאַפֿט קען ער נישט, אפֿשר טאַקע דערפֿאַר, ווײַל ער קען זי אַזוי גוט...

ער זעט די אייבערפֿלאַכלעכקייט און עגאָיזם, די קליינלעכקייט און צופֿרידנקייט, וואָס באַהערשט די מענטשן — רוקט ער זיך אָפּ פֿון דער דאָזיקער קליינבירגערלעכקייט, ווײַכט פֿון מענטשן און זייער לעבנשטייגער. זעט ער אויס ווי אַ ווילדע בריאה.

נאָר דווקא די דאָזיקע ווילדע בריאה, דער ניט־געזעלשאַפֿטלע־כער מענטש, וואָס איז אַ לעבעדיקער פּראָטעסט קעגן דער געזעל־שאַפֿט, וועלכע פֿאַרטראָגט נישט קיין טרויער און אַפֿילו נישט איינ־זאַמקייט, דווקא דאָס דאָזיקע ליטעראַרישע שאַפֿן, נאָמבערגס, איז

דער הייכפּונקט פון זײַן פּראָזע־קונסט און פון דעם אינטערעס בײַם לייענער.

די שילדערונג פון דעם צעבראָכענעם יידישן אינטעליגענט, וועלכער איז געקומען פון גײַסטיקן און סאָציאַלן צוזאַמענבראָך בײַ די טרעפּ פון 20סטן יאָרהונדערט, האָט נאָמבערגן פאָרגעשטעלט ווי אַן אָריגינעלן יידישן נאָוועליסט, מיט גאָר אַ נײַעם צוגאַנג צו מענטשן, פּראָבלעמען פון לעבן, שפּראַך און סטיל, וועלטלעך אין תוך, טיף יידיש צוליב זיין היסטאָרישן הינטערגרונט. זײַן פליגלמאַן איז געוואָרן קלאַסיש. דאָס איז איינער פון די פּאָפּולערסטע טיפּן אין דער יידישער ליטעראַטור, אָפט באַנוצט ווי אַן אילוסטראַציע פאַר סאָציאַלע קאַמפן אין דער יידישער סביבה. ער איז פונקט אַזוי אַ שם־דבר, אַ סימבאָל, אַ קלינגוואָרט, ווי שלום עליכמס מנחם־מענדל.

נאָר בעת נאָמבערג שמייכלט שאַרפזיניק איבער זײַנע פליגלמאַנס — קוועלט־אָן שלום עליכם פון זײַנע מנחם־מענדלס.

בעת בײַ נאָמבערגס העלד קלינגט דער נאָמען פליגלמאַן חוזקדיק, איראָניש, ווײַל וואָס־וואָס, נאָר קיין פליגלען האָט נישט פליגלמאַן, נישטאָ בײַ אים קיין ווילן אַקטיוו צו זײַן, דינאַמיק איז קעגן זײַן נאַטור פון איבערטראַכטן ווידער און נאָך אַ מאָל, און דאָס איז זײַן אומגליק, ווײַל זײַן שאַרפער שכל לאָזט אים גאָר נישט טאָן, איז שלום עליכמס מנחם־מענדל, אַ חיץ אַ פאַנטאַזיאָר, באַשאָנקען מיט צעעפנטע פליגלען, טאַקע אויך אַ פליִער מיט אימפּעט, כסדר גרייט אויסצופּרובירן די משונהדיקסטע אײַנפאַלן.

נאָמבערגס פליגלמאַן איז טראַגיש; שלום עליכמס מנחם־מענדל קאָמיש.

מנחם־מענדל האַלט אין איין זוכן, האָפנדיק באַגליקט צו ווערן; פליגלמאַן זוכט מער נישט, איז איבערגעצײַגט, אַז ער האָט אַלץ געפונען, און געפונען האָט ער אַנטוישונגען, הוילע אַנטוישונגען.

שלום עליכמס העלד איז לויטער אָפּטימיזם; נאָמבערגס: פּעסימיזם אויף פּעסימיזם.

ווי אַ קינד כאַפּט זיך מנחם־מענדל צו אַלץ, בריט זיך אָפּ, צע־

קלאַפּט זיך, אָבער ווי אַ קינד פֿאַרגעסט ער באַלד און צעלאַכט זיך ווידער, זוכנדיק אויף דאָס ניי, און כאַפּט זיך צו אַלץ, וואָס קומט אים אונטער דער האַנט; פֿליגלמאַן ווייסט פֿון פֿאַרויס, אַז ער וועט קיין נחת נישט האָבן פֿון דעם, וואָס קומט אים אַנטקעגן, ווי אַ זקן, וואָס האָט אַלץ שוין דורכגעמאַכט און קיין שום זאַך קען אים נישט איבערראַשן.

פֿליגלמאַן, שוואַרצוואַלד, פֿעליע, בענדער זיינען אַלצווייסערס, זיי זעען צופֿיל, זיי פֿאַרשטייען צופֿיל, און דאָס איז זייער אומגליק.

פֿון די דאָזיקע אַלצווייסערס, וואָס נאָמבערג האָט געשילדערט אין זיינע נאָוועלן און מיט וועלכע ער האָט פֿאַרנומען דעם אויבנאָן אין דער יידישער פּראָזע, האָט דער מאָלער פֿון די פֿליגלמאַנס און שוואַרצוואַלדס זיך באַפֿרייט ערשט מיטן אויפֿהערן שרייבן נאָוועלן. די שיידליניע איז „די משפּחה". די דאָזיקע קאָמעדיע, וואָס איז צום ערשטן מאָל פֿאַרעפֿנטלעכט געוואָרן אין 1913, באַצייכנט נישט בלויז נאָמבערגס דעפֿיניטיוו אַריבערגיין צו פּובליציסטיק, נאָר אויך זיין דערווייטערן זיך פֿון די פֿילאָסאָפֿירנדיקע שוואַרצזעערס, וועלכע האָבן נישט קיין כּוח, ניט צום לעבן און ניט צום שטאַרבן. ער איז אַוועק פֿון די אַלצווייסערס צו נייע זוכענישן.

קינסטלעריש און טעמאַטיש איז „די משפּחה" אויף אַ נידעריקערער מדרגה ווי די נאָוועלן און לידער. נישטאָ אין דער דאָזיקער קאָמעדיע די אייגנאַרטיקייט און די טיפֿקייט, וואָס אין דער פּראָזע, מאָמענטנווייז איז אַפֿילו שווער צו גלייבן, אַז אָט־דאָס ווערק איז פֿון דעם זעלביקן מחבר.

„די משפּחה" איז אָבער אַ וויכטיקער דאָקומענט פֿון דער צייט און פֿון איבערבראָך אין נאָמבערגס אידייען־וועלט.

מיטן ענדגילטיקן אַריבערגיין פֿון דער נאָוועלע צו פּובליציסטיק, פֿעליעטאָן און עסיי האָט נאָמבערג אויפֿגעהערט ווייזן די אינטעליגענטע שלימזלס, וואָס זיינען אַזוי קלוג און אַזוי אַלצווייסעריש, אַז פֿון גרויס חכמה גייען זיי אַזש אַראָפּ פֿון זינען אָדער באַגייען זעלבסטמאָרד, און ער האָט, להיפּוך, געגומען פּריידיקן אמונה, ווי עליאָש.

„די משפּחה״ — אַ בילד פון דעמאָראַליזאַציע אין דער רײַכער ייִדישער שטוב — ווערט דער אָנזאָג פון עליה אינעם ייִדישן לעבן.

„די משפּחה״, נאָמבערגס, איז אַ ווײַטערער עטאַפּ פון שלום עליכמס „צעזייט און צעשפּרייט״. איןביידע קאָמעדיעס ווערט פאָר־געשטעלט אַ טיפער ריס צווישן עלטערן און קינדער, נאָר בעת שלום עליכם האָט געשילדערט אַ פּירוד הלבבות, וועלכער נעמט זיך בעיקר פון די פאַרשיידענע צוגאַנגען, וואָס עס האָבן די עלטערן און די קינ־דער, צום לעבן אין אַלגעמיין און צום ייִדישן בפרט, האָט ה. ד. נאָמ־בערג געוויזן, אַז דער געיעג נאָך געלט און טריפהנע הנאות האָט אַרומגעכאַפּט די עלטערן נישט ווייניקער ווי די קינדער. דער מחבר פון די פליגלמאַנס און שוואַרצוואַלדס איז אָבער געקומען צו מער־אָפּטימיסטישע אויספירן ווי דער מחבר פון טביה, וואָס איז דער אויסזיניגער פון בטחון. אַזאַ „העפּי ענד״, ווי אין „די משפּחה״, האָבן די פליגלמאַנס קיין מאָל זיך נישט געקאָנט אויסמאָלן. עליאַש, וואָס איז אויסגעוועזן אַ וועלט, געווען אין אַרגענטינע און באַשלאָסן צו פאָרן קיין ארץ־ישראל, אונטער זײַן לאָזונג „נ. י. ל. י.״ — נצח ישראל לא ישקר — פאַרכאַפּט אַלעמען מיט זײַן „אָרדן פון גלייביקע״, וואָס וויל „האָבן מיטגלידער איבער דער גאַנצער וועלט״.

דער דאָזיקער איבערגאַנג פון פליגלמאַנען צו עליאַשן איז אַ וווּנדערלעכע לעבנס־פּראָבלעם.

### אַ פאַרקערטע וועלט : ווילנסלויזע מענער און פאַרעקשנטע פרויען

אינטערעסאַנט, וואָס דווקא נאָמבערג שטעלט־פאָר, ווי דער סדר־העולם אין דער מאַן־און־פרוי־פּראָבלעם ווערט אַן איבערגע־קערטער: די מענער זײַנען בײַ אים פאַרווײַבערישט און די פרויען גאָר נישט קיין „שוואַכער מין״.

אינעם בעסטן פאַל, אויב זיי פאַרלייקענען נישט דאָס לעבן, זײַן זין און שיינקייט, זײַנען נאָמבערגס מענער־טיפּן על פּי רוב פּאַסיווע, ווילנסלויזע, אָן איניציאַטיווע, צוריקגעהאַלטענע פון טאָט — וואָס

מער זיי ווייסן, אַלץ ווייניקער זיינען זיי גרייט צו זיין אַקטיוו און באַנוגענען זיך מיטן איבערטראַכטן און צומאָל אַרויסזאָגן, וואָס זיי טראַכטן. ד״ר וויינשטיין, אין „אַ קורסיסטקע", איז פאַרליבט אין פידלעו און פידלער וואַרט אויפן מאָמענט, ער זאָל איר דאָס אָפּזאָגן און — פאַרוואָס טאַקע נישט? — איר געבן אַ קוש, כאָטש זי שרעקט זיך פאַר דעם קוש. אָבער זיין רעוואָלוציאָנערישקייט גייט נישט ווייטער פון אויסלאַכן די קליינבירגערלעכע מאַנירלעכקייט פון קליידן זיך און שעמען זיך מיט ריידן ייִדיש, און עס פאַרדריסט אים, נישט מער ווי עס פאַרדריסט אים, וואָס ער האָט פאַרלוירן די פידלער. בעת זי, דאָס מיידל, וועלכע האָט טיף אין האַרצן געטראַכט פון אַ תכלית, חתונה האָבן, איז פּעיִק געוועזן אַוועקצוגעבן איר לעבן אויף דער תליה.

די פרוי ווערט ביי נאָמבערגן געשילדערט דווקא ווי דער שטאַרקערער צד. אַלע פרויען־טיפּן אין נאָמבערגס נאָוועלן זיינען פול מיט לעבן. זיי טראַכטן נישט טיף — פאַלן זיי נישט טיף. זיינען פראַקטיש. זאַכלעך. מיט חוש פאַר דער ווירקלעכקייט. אַפילו אין רוחניות פילן נאָמבערגס פרויען־טיפּן דעם זיסן טעם פון גשמיות. ווי חשיבותדיק זיי האַלטן זיך, פאַרלירן זיי נישט דאָס רעאַלע בילד פון לעבן, די רעאַלע אינטערעסן — זיינען מענטשן פון פלייש און בלוט. כאָטש אינטעליגענט, כאָטש זיי האַלטן אין איין לערנען, כאָטש זיי שיידן זיך נישט פון ביכער, כאָטש זיי ציט צו קונסט און דערהויבענע אידייען, אַפילו ווען זיי זיינען גרייט איינצושטעלן זייער לעבן פאַר דער רעוואָלוציע, זיינען זיי גלייכצייטיק פראַקטישע פרויען.

אַפילו די קורסיסטקע ליובאַ איסאַקאָוונאַ פידלער בענקט צו שאַפן אַ היים און זי וואָלט מסתמא חתונה געהאַט, ווען וויינשטיין וואָלט זיך גיכער געריירט, כאָטש די אײדעלע געפילן אירע האָבן נישט געקענט באַשטימען, צי האָט זי אים אויף אַן אמת ליב, און אַן ליבע האָט פאַר איר קיין זין נישט געהאַט צו פאַרבינדן זיך מיט אַ מאַן. סאָניע, די מאָלערן פון „צווישן בערג", איז נאָך קרעפטיקער געשילדערט, רעאַליסטיש, נאַטוראַליסטיש; עס שטראָמט פון איר

געזונט און ליַידנשאַפט. סאָניע איז מער מאַנסביל ווי אַלע מאַנסבילשע טיפּן אין נאָמבערגס נאָוועלן: זי איז אַגרעסיוו, שלאָגפאַרטיק, אָפנ־האַרציק און לעבנסדאָרשטיק. וואָלט זי געווען אַ קאַפּיטשקע איַינגע־האַלטן און אַזוי נישט געחוזקט פון שוואַרצוואַלדן, וועלכער האָט זיך אין איר פאַרליבט, וואָלט אפשר שוואַרצוואַלד נישט פאַרשווּנדן אין אָפּגרונט. נאָמבערגס פרויען, להיפּוך צו די מענער, זוכן אָבער צופיל הנאה צו האָבן פון לעבן, הנאה האָבן אינעם ריינסטן זין פון וואָרט, ווייל בעת די מענער זיַינען באַהעמען, זיַינען די פרויען ביַי נאָמבערגן, אַפילו די אינטעליגענטקעס, די קורסיסטקעס, די קינסטלערנס, שטאַרק באַלעבאַטיש, דאָמינירן זייערע ליַידנשאַפטן, וויַיל זיי זיַינען פּראַקטיש, אויסגערעכנט.

חנהלע, „אין אַ חסידיש הויז״, איז דעצידירט ביז גאָר, בעת דער לערער, וואָס האָט זיך אין איר פאַרליבט, פאַרלירט זיך איינס און צוויי, ווי נאָר ער ווערט אַוועקגעשטעלט פנים אל פנים מיט דערווירקלעכקייט. דאָס חסידישע מיידל פון דער רײַכער היים שטימט־איַין צי באַגעגענען זיך מיטן אָרעמען לערער, לאָזט זיך אַפילו אַ קוש טאָן, לייגט אים פאָר געלט, אַבי ער זאָל נישט אויסזאָגן די על־טערן, אַז ער האָט זי געטראָפן מיט אַ בחור אין טעאַטער — „וואָס מיינען זי״, זאָגט זי, „איך קאָן קיין צוויי נישט ציילן? איך ווייס נישט, אַז די מאַמעשי גייט מיטן פעטער אין טעאַטער אַריַין?״ — אָבער ער, דער מאַנסביל, דער געבילדעטער, דער וועלטלעכער, דער אַלצוויי־סער, האָט אַפילו נישט קיין כוח אויפצוקלערן, וואָס פאַר אַ טעות זי מאַכט, אַז ער איז נישט אויסן קיין שוויַיג־געלט צו נעמען, נאָר ער איז אין איר פאַרליבט.

אַז מאַניען געפעלט נישט בענדערס צופיל ערנסטקייט, לאָזט זי אים דאָס פילן אויפן ברוטאַלסטן אופן: פאַר די בילעטן, וואָס ער קויפט, זעצט זי זיך אַוועק מיט אַ פרעמדן מאַן און מיט אים גייט זי אַהיים (אין „דאָס שפיל אין ליבע״). אַז דער בחור קוקט צום מיידל אין פענצטער סתם אַזוי, צו־לאַנג, אומבאַוועגלעך, שטעקט אים דאָס מיידל אַרויס די צונג (אין „פליגלמאַן״). אַפילו פעליע פיַינשטיין

וואָלט נישט גענומען אַזוי טראַגיש דאָס לעבן (אין „שווייג, שוועס־טער!"), ווען זי וואָלט צווישן די מענער, וועלכע האָבן זי אָפּגענאַרט, געפונען איינעם, וואָס וואָלט טאַקע געמיינט ערנסט, אויף חתונה האָבן, אַפילו דער „פּולבלוטיקער, ייִדישער, ברונעטער" דאָקטער בערעלזאָן („דאָס רבישע איניקל") פילט זיך שטענדיק „ווי פאַר־לוירן אין אַ פול־געפּאַקטן קאַפע־הויז", ווען עס שמייכלען צו אים דאַמעס „אָן צערעמאָניעס", בעת זײַן ווײַבל, ווי זי איז „אַ קליינע, אַ ביסל אַ קרענקלעכע אויפן פּנים", האָט „אַ שטאַרקע, טיפּיש־ווײַבע־רישע עקשנות" און אַ שאַרפן סענסואַליזם. ווען זי באַמערקט אויף אים „די צערייצונג פון בלוט", רופט זי אים אײַנגעשפּאַרט: „מיר גייען אַהיים... ס'איז שפּעט".

נאָמבערגס מאַנספּאַרשוינען ריידן פון עראָטיק, פילאָסאָפירן וועגן סעקס, בעת די פרויען זײַנען עראָטיש. די מאַנספּאַרשוינען ריידן וועגן פּראַקטישקייט; די פרויען זײַנען פּראַקטיש.

אינעם פאָלקסמאָטיוו „די פאַרלאָזטע כלה" פאַרלאָזט זיך נישט דאָס מיידל אויף יושר אָדער אויף טרייסטווערטער — „פּלוצלינג לויפט דאָס מיידל צו און קערט מײַן שיפל אום". די פרוי בײַ נאָמ־בערגן, פּונקט פאַרקערט ווי דער מאַנספּאַרשוין, איז אַקטיוו, אַנט־שלאָסן, דינאַמיש.

נאָמבערג ווײַזט די ייִדישע פרוי פון דער עמאַנציפּאַציע, די באַ־פרײַטע, זעלבשטענדיקע פרוי, וועלכע איז שוין בײַם אָנהייב פון דער נײַער תקופה דערהויבן געוואָרן, אויסגעגלײַכט מיט דעם מאַן. נאָך מער. די זעלביקע מאָדערנע צײַט, וואָס האָט געבראַכט עמאַנציפּאַציע פאַר דער פרוי אין אַלגעמיין און אויך פאַר דער ייִדישער פרוי, האָט פאַרן מאַן פון דער אינטעליגענץ געבראַכט דעקאַדענץ, גײַסטיקע דערשלאָגנקייט.

דער בעלעטריסט נאָמבערג, דער שרײַבער פון ערב און באַלד נאָך 1905, האָט זײַן אני מאמין פאַראייביקט אין זײַן ליד „אוי, ווי, כאַ־כאַ־כאַ, אוי־אוי", וואָס ער האָט באַשיידן אָנגערופן „קופּלעטן" און וואָס איז איינע פון די שענסטע און טיפסטע פילאָסאָפישע לידער

אויף יידיש. עס איז סימפּטאָמאַטיש, וואָס צו דעם ליד זײַנען געשאַפן געוואָרן פאַרשיידענע מעלאָדיעס, פאַרשיידענע פּרוּוון צו באַגלייטן און אויסדריקן וואָס־בעסער מוזיקאַליש דעם זין פון די ווערטער אין דעם ליד [14]. דער קלאַסישער מאָטיוו פון „הבל הבלים״, וואָס ווערט דאָ פאַרטײַטשט „אַ שאָטן אין דעם מענטשנס לעבן״, ווערט פון מאָדערנעם יידישן דיכטער אַנאַליזירט און געשטעלט אינעם ליכט פון נײַע בײַשפּילן. דער מענטש „יאָגט און לויפט״, אָבער „דאָס גליק אַנטלויפט״. טאָ „ווו איז דער ציל?״... ווי קען מען זיך פרייען, ווי־באַלד עס איז דאָ אַזוי פיל צער און נויט אויף דער וועלט? ער, דער מאַן, ווו ער קערט זיך און ווענדט זיך, ווו ער מאַכט דעם סך־הכל, איז — „אוי, וויי, כאַ־כאַ־כאַ, אוי־אוי״... נאָר בעת דער מאַן אויקעט און וויקעט, „לאַכט און שטיפט דאָס מיידל״, און „בײַסט מיט גיפט״, און אָט „שפּילט זי אויף יענעמס שויס״...

דער מאַן טראַכט און די פרוי לאַכט.

די עמאַנציפּאַציע, הייסט עס, האָט געהאַט אַ פאַרקערטע ווירקונג: זי האָט אָפּגעשוואַכט דעם מאַן און געשטאַרקט די פרוי.

## סתירה אָדער האַרמאָניע?

באַפּעסטיקט אין דער פּראָזע ווי דער מאָלער פון „צעבראָכענע״ אינטעליגענטן, האָט הערש דוד נאָמבערג, אין דער שענסטער בלי־צײַט, נאָך פאַר די פערציק, כמעט אין גאַנצן אויפגעהערט זיך אָפּ־געבן צו דער נאָוועלע, ווענדנדיק זיך צו דער זשורנאַליסטיק, פּוב־ליציסטיק און עסיי. אַנשטאָט „אויסטראַכטן״ העלדן און פּראָבלעמען אין בעלעטריסטיק האָט נאָמבערג זיך אין גאַנצן גענומען אָפּגעבן

---

[14] די דריי פאַרשיידענע ניגונים פון „אוי, וויי, כאַ־כאַ־כאַ, אוי־אוי״, אויפגעזוכט צווישן זינגענדיקע קרייזן און געדרוקט אין דעם אָט־בוך, שפּיג־לען־אָפּ דעם אומגעווייִנטלעכן אינטערעס און דאָס גריבלען זיך, ווי אַזוי איבערצוגעבן בעסער, טרעפלעכער, טיפער די ווערטער — דעם ווידוי פון מאָדערנעם אינטעליגענט. ווער עס האָט קאָמפּאָנירט פאַרן פאָלק, פאַר אינ־טימען געזאַנג, און ווער פאַר קאָנצערט, דעקלאַמאַטאָריש, טעאַטראַליש.

צו די קאָנקרעטע פּראָבלעמען פון טאָג־טעגלעכן לעבן און רעאַלע העלדן אָדער קרבנות פון דער קונסט און אירע ראַנגלענישן, ווי צו געזעלשאַפטלעכע און פּאָליטישע פּראַגעס, וועלכע זײַנען געשטאַנען אויפן סדר־היום בײַ ייִדן אָדער אין דער ברייטער וועלט. פאַראייג־ וועג, מיטן אַריבערגיין פון דער אימאַגינאַטיווער וואָרטקונסט צו דער רויערווירקלעכקייט, איז נאָמבערג אַרײַן אין קהלשער טעטיקייט, אַפילו געוואָרן אַ פירער פון אַ פּאַרטיי, וואָס ער האָט געהאָלפן גרינדן, די פאָלקספּאַרטיי, געוואָרן פאָרזיצער פון דער שרײַבער־אָרגאַניזאַ־ ציע אין פוילן, וועלכע ער האָט אויסגעפורעמט, און געקראָגן אַ שם פון אַ קעמפער פאַר דעם ייִדישן וועלטלעכן געדאַנק, איבערהויפּט פאַר די ייִדישע פאָלקשולן אין פוילן, וועלכע האָבן באַדאַרפט אָן אויפהער מלחמה האַלטן פאַר זייער עקסיסטענץ, אַנטוויקלונג, וועלט־ לעכן כאַראַקטער און רעכט.

נאָמבערג ווערט אַ וואָרטזאָגער. נעמט שרײַבן און אויך ריידן ווי אַ וועגווײַזער. דער מאָלער פון די פּאַסיווע פליגלמאַנס און שוואַרצ־ וואַלדס ווערט אַ קעמפער.

דער פאַרהערלעכער פון דער נירוואַנאַ קריגט גאָר אַ שם פון אַ שטורמער. שוין אין 1910 ווערט ער דער העלד פון אַ סקאַנדאַל. אַרויסטרעטנדיק אין דער באַרימטער וואַרשעווער „פילהאַרמאָניע״, אין אַ סימפּאָזיום מיטן אײַנטייל פון י. ל. פּרץ, אויף דער טעמע „פון גאָלדפאַדען ביז לאַטײַנער״, האָט ער קוראַזש צו זאָגן בקול רם, אַז די אָפּטסטע באַזוכערס און מעצענאַטן פון ייִדישן טעאַטער (אין יענער צײַט) זײַנען די „יאַנקל שאַבשאָוויטשעס און סתם פאַרברעכערס״ — און פאַרוואָס? — ווײַל דאָס ייִדישע טעאַטער באָדט זיך אין שונד! „דער גרויסער עולם האָט אויפגענומען די דאָזיקע אַנטדעקונג מיט גרויל און מיט שרעק״, שרײַבט איינער פון די רעדנערס אויף יענעם אָוונט, שפּעטער דער אָנגעזעענסטער ייִדישער טעאַטער־קריטיקער [15].

---

[15] ד״ר א. מוקדוני — זכרונות פון אַ יידישן טעאַטער־קריטיקער, „אַר־ כיוו פאַר דער געשיכטע פון יידישן טעאַטער און דראַמע״, רעד׳ יעקב שאַצקי, ב׳ 1, ניו־יאָרק—ווילנע 1930, ז׳ 378.

נאָמבערג ווערט פאַר דעם זאָג אָנגעגריפן פון פאַרשיידענע זײַטן. פּראָמינענטע שריפטשטעלערס, וועלכע קוקן אויפן יידישן טעאַטער מיט רחמנות, ווי אויף „אַ זייג־קינד, נאַר־וואָס אַרויס פון די וויקע־לעך", זײַנען אויפגעבראַכט, הלמאי „מ׳קומט־אַרויס צום יידישן אַק־טיאָר מיט רעוואָלווער־קריטיק און באָיקאָט־אַגיטאַציע" [16]. אַנדערע זוכן פּערזענלעכע חשבונות. נישט אַנדערש, האָבן זיי געפּרווט דער־קלערן, אַז נאָמבערג, פּונקט ווי פּרץ, איז אין כעס אויפן יידישן טעאַטער, ווײַל מ׳וויל דאָרטן נישט שפּילן זײַנע פּיעסן אָדער איבער־זעצונגען [17]. און פאַרוואָס זאָל מען יאָ זיך רעכענען מיט די שאַפונגען פון אַזאַ מחבר? — האָט ווײַטער געפירט דעם חשבון איינער פון די טאַלאַנטפולסטע שרײַבערס, וועלכער האָט געהאַט אַ שוואַכקייט אָפּ־צולאַכן פון די גרעסטע — אַז „נאָמבערג איז אַ צימלעך־אינטעלי־גענטער קאָפּ", נישט מער, און דערצו „פון נאַטור אַ מהיכא־תיתי־מענטש" [18]...

דוד פרישמאַנס שטעכווערטל, אַז נאָמבערג איז „אַ מהיכא־תיתי־מענטש", איז אַ סך יאָרן אָנגעגאַנגען ווי אַ טיקעטל. קעגנערס ובפרט שונאים האָבן עס אָנגעקלעפּט בײַ יעדער געלעגנהייט. נאָמבערג האָט טאַקע אָפּט זיך נישט געמאַכט קיין ווען פון זאַכן און מענטשן — דאָס האָט געקאָנט פאַרפירן און געבן אַ מאָטיוו צו טראַכטן, אַז ער איז ווירקלעך „אַ מהיכא־תיתי־מענטש". אַ גרינטלעכער אַנאַליז פון זײַן לעבן און שאַפן פירט אָבער צו גאָר־אַנדערע מיינונגען.

מיט דער צײַט האָט די גאַנצע יידישע טעאַטער־וועלט זיך אַרומ־געזען, אַז נאָמבערג איז געווען דער איבערגעגעבנסטער פרײַנד פון

---

[16] **נח פּרילוצקי** — דער יידישער אינטעליגענט און דאָס יידישע טעאַטער, **„כתבים", ב׳ 3, ביאַליסטאָק 1921, ז׳ 63 (פריער געדרוקט אין לאָדזשער זאַמלבוך „פייערלעך", 1910).**

[17] לעקסיקאָן פון יידישן טעאַטער, **רעד׳ זלמן זילבערצווייג, וואַרשע 1934, קאָלום 1406.**

[18] **דוד פרישמאַן** — יודישע ליטעראַטור, **„אַלע ווערק", יובליי־אויס־גאַבע, ב׳ 3, וואַרשע 1914, ז׳ 105.**

דעם יידישן שוישפילער און פון דער יידישער בינע. „ער איז געווען איינער פון די ערשטע, וואָס האָט אויפגענומען מיט פרייד די „ווילנער טרופע" אין וואַרשע; ניט אין אַ קליינער מאָס האָבן די „ווילנער" געהאַט צו פאַרדאַנקען נאָמבערגן זייער גיכן און שטאַרקן דערפאָלג ביי דער יידישער פרעסע, וווּ מען האָט זיך פון שטענדיק אָן מיט גרויס אויפמערקזאַמקייט צוגעהערט צו נאָמבערגס אַ וואָרט"[19]. נישט איין מאָל איז ער געקומען אין נאָמען פון אַלע יידישע אָרגאַניזירטע ליטעראַטן און זשורנאַליסטן אין פוילן צו באַגריסן צוזאַמענפאָרן פון די יידישע אָרגאַניזירטע שוישפילערס אין פוילן. פונקט ווי ער האָט בעת זיין באַזוך אין אַרגענטינע אָנגערעגט און געהאָלפן גרינדן דעם שרייבער־פאַרבאַנד, וואָס טראָגט דערפאַר דעם נאָמען „ליטעראַטן־ און זשורנאַליסטן־פאַראיין ה. ד. נאָמבערג", אַזוי האָט ער געהאָלפן אין בוענאָס־איירעס דער אַקטיאָרן־משפחה (וועלכע האָט זיך דעמאָלט געפונען אין אַ שווערן קאָנפליקט). „ער האָט מיטן גאַנצן פייער זיך אַריינגעוואָרפן אין דער באַוועגונג און האָט געמוטיקט די אַקטיאָרן, וועלכע האָבן אויף אַן אָרגאַניזירטן אופן געזוכט ברויט און מענטשלעכע באַדינגונגען אויף דער יידישער בינע" און „אַ דאַנק זיין איינטערוועננץ האָבן פיל געזעלשאַפטן ביגעטראָגן זייער מאָראַלישע שטיצע"[20]. דער „יידישער אַרטיסטן־פאַראיין אין פוילן" האָט דערפאַר געשריבן אין זיין אָרגאַן, ווען נאָמבערג איז געשטאָרבן: „ער איז געווען פון די ערשטע, פון די געציילטע פריינד פון יידישן אַקטיאָר, און ווי אַ פריינד האָט ער תמיד געעצהט, תמיד אָנגעוויזן דעם וועג צו אמתער, צו שיינער, צו געלייטערטער יידישער בינע־קונסט"[21]. כדי צו באַנעמען די דאָזיקע ווערטער טיפער, כדי זיי זאָלן נישט קלינגען ווי שאַבלאָנע נעקראָלאָג־שבחים, איז נייטיק צו ציטירן

---

[19] מיכאל ווייכערט — פון ה. ד. נאָמבערגס געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט, „ליטעראַרישע בלעטער" נ' 47, וואַרשע 1937.

[20] אהרן לאַגער — 40 יאָר יידיש טעאַטער, רעד' ש. ר., „די אידישע צייטונג", ב"א, 5 יאַנ' 1931.

[21] טעאַטער־ידיעות נ' 12, ביילאַגע צו ל"ב נ' 48, דעצ' 1927.

פּסוקים פון נאָמבערגס רעדע ביים אָפענעם קבר פון אסתר־רחל קאַ־מינסקי. „מיר זײַנען אויסגעקנאָטן פון ליַידן, דאָס גאַנצע פאָלק באָדט זיך אין דער סטיכיע פון לײַדן. — האָט ער געזאָגט — אָבער מיר ווערן אין די לײַדן דערטרונקען און די פּערזענלעכקייט ווערט אין די יסורים פאַרלוירן. אונדזערע צרות האָבן אין זיך נישט געהאַט קיין שיינקייט, קיין סטיל, קיין פאָרעם. דאָס געוויין אויף דער בינע קאָן נישט זײַן דאָס געוויין פון בעטלערס אויף דער גאַס. די בינע, ווי יעדע קונסט, מוז אונדז דערהייבן, נישט דענערווירן. מיט אסתר־רחל קאַמינסקין האָט זיך בײַ אונדז באַוויזן די ערשטע יִדישע טראַ־גישע פּערזענלעכקייט, ווו די לײַדן באַקומען אַ העכערע פאָרעם און אַ העכערן זין". און עס איז כאַראַקטעריסטיש, ווי נאָמבערג האָט פאַרענדיקט די טרויער־רעדע: „לאָמיר זיך ניט לאָזן צעברעכן פון די שווערע צײַטן. גלייבן און מוט!" [22].

דער שרײַבער פון דער „צעבראָכענער" אינטעליגענץ רופט, מען זאָל „זיך ניט לאָזן צעברעכן פון די שווערע צײַטן". דער מהיכא־תיתי־מענטש" רופט צו „גלייבן און מוט".

ה. ד. נאָמבערג איז, ווי מיר זעען, אַפילו פון אייניקע שאַרפ־זיניקע מענטשן שוואַכזיניק אָפּגעשאַצט געוואָרן.

די צײַט, די העכסטע ריכטערן, האָט אויסגעגלײַכט די טעותים. די צײַט האָט געגעבן נאָמבערגן גערעכט. עס האָט זיך ווירקלעך אַרויסגעוויזן, אַז די טובה פון די אָפּטסטע באַזוכערס, די „יאַנקל שאַבשאָוויטשעס און סתם פאַרברעכערס", איז פאַרן יִדישן טעאַטער גאָר געווען אַ רעה. ביז מ'האָט זיי נישט פאַרטריבן איז נישט מעגלעך געווען צו הייבן דעם ניוואָ פון דער יִדישער בינע. אַזאַ פּראָצעס איז פאָרגעקומען אין אַלע ישובים. די צײַט האָט אויך געוויזן, אַז די איבערגעטריבענע רחמנות, וואָס איז אַרויסגעוויזן געוואָרן צו דער בינע, צום רעפּערטואַר, אַקטיאָר און עמפּרעסאַר, האָט געבראַכט מער

---

[22] די רעדע פון ה. ד. נאָמבערג, ל"ב נ' 88, יאַנ' 1926.

שאָדן ווי נוצן. ממילא איז געווען אומגערעכט די העצע קעגן נאָמ־בערגן פאַר זײַן אַרויסטריט קעגן שונד־טעאַטער.

דער „מהיכא־תיתי־מענטש" און „צימלעך־אינטעליגענטער קאָפּ" איז אַפילו דורך זײַנע קעגנערס מיט דער צײַט אָנערקענט געוואָרן ווי אַ שרײַבער און מענטש מיט אַ ווײַטן קוק, וועלכער האָט געקענט זיך שטעלן העכער פון אַנדערע און דינען ווי אַ בײַשפּיל. פּונקט ווי פּרץ האָט נישט פאַרמינערט, צוליב זײַן פּערזענלעכן קאָנפליקט, שלום עליכמס ווערט ווי אַ שרײַבער, אַזוי האָט נאָמבערג זיך באַצויגן צו פרישמאַנען. כאָטש פרישמאַן האָט אים אַזוי אַרונטערגעריסן, האָט נאָמבערג געשריבן צו זײַן יובילײַ: „דוד פרישמאַן האָט זייער אַ שאַרף אויג אויפצוכאַפּן די לעכערלעכע זײַטן פון מענטשן און בי־כער... פרישמאַן האָט אַ מאָל געקענט זײַן נישט־גערעכט, קיין מאָל נישט פאַלש" [23]. נאָמבערגס כאַראַקטעריזירן פרישמאַנען האָט גע־מאַכט אַזאַ שטאַרקן רושם, אַז דער שטרענגסטער ליטעראַטור־קרי־טיקער האָט פאַר דער אָפּשאַצונג געשטעלט נאָמבערגן העכער פון מאַקס נאָרדוי. ווײַל „ווי אַלעמאָל טרעפט אויך דאָ נאָמבערג אין פּינטל אַרײַן... דאָס רוב ווײַטערדיקע אַרטיקלען אינעם זאַמלבוך זײַנען שוין פול מיט יענע לאָקרעצענע רייד און זיסע דרשות, פון וועלכע עס וואָרנט פרישמאַנען אין זײַן באמת־אָביעקטיוון אַרטיקל ה. ד. נאָמבערג" [24].

הערש דוד נאָמבערג איז דער וואָרענער אין דער יידישער בע־לעטריסטיק און פּובליציסטיק. זײַנע פליגלמאַנס און שוואַרצוואַלדס דאַרפן דינען אין דער יידישער געשיכטע, פּונקט ווי אין דער הײַנ־טיקייט, ווי אַ וואָרענונג, ווי אַ ס.אָ.ס.־רוף.

דער־אָ קלוימערשטער „מהיכא־תיתי־מענטש" מאַכט דעם אַליאַ־רעם אין 1916, הלמאי אַ נאַציאָנאַלער גוזעלשאַפטלעכער טוער האָט, מחמת זײַן קעגנערשאַפט צו די פאָלקשולן, נישט אָפּגעגעבן צוואַנציק

---

[23] פרישמאַנס יובילעאום־בוך, וואַרשע תרע"ד, זז' 28—29.

[24] ש. נ. /ניגער/ — די יודישע וועלט, באַנד 1 בוך 3, ווילנע 1915.

טויזנט דאָלער, וואָס ער האָט געקראָגן צוגעשיקט פון ניו־יאָרק פאַר „יעקב דינעזאָנס קינדערהיימען" אין וואַרשע. אָן צערעמאָניעס האָט נאָמבערג מגלה סוד געווען, אַז ווען עס „איז דינעזאָנען אויסגעקומען צו זײַן בײַ אים און צו בעטן (אויב נישט בעטלען) בײַ אים הילף פאַר די קינדערהיימען, האָט פאַרבשטיין דינעזאָנען קיין וואָרט נישט געזאָגט, אַז פאַר זײַנע קינדערהיימען איז אָנגעקומען געלט פון אַמע־ריקע" [25].

דער „פּאַסיוועד" נאָמבערג האָט אין 1922 מוט אַרויסצוקומען קעגן דער שטורמישער ליטעראַרישער „כאַליאַסטרע" [26], וואָס האָט „מיט שטיוול אויף די קעפּ" [27] באַגײַסטערט די יוגנט. ער זאָגט בקול רם, וואָס אַנדערע האָבן קיין מוט נישט צו זאָגן: אַז וואָרטקונסט, ווי פּרעטענציעז זי זאָל זײַן, דאַרף מען פאַרשטיין. גאונים זײַנען טאַקע אָפּט אומפאַרשטענדלעך פאַרן עולם, אָבער דאָס וויל נישט זאָגן, אַז יעדער איינער, וואָס רעדט אָדער שרײַבט אומקלאָר, איז שוין מיט דעם אַ גאון. נאָמבערג האָט דערציילט, ווי ער האָט געלייענט אַ בוך פון יונגע שרײַבערס און ווי „אויף אַן ערך 150 זײַטלעך זײַנען גע־ווען רעפּרעזענטירט 47 נײַע פּאָעטן, אַלע 47 לויטער זשעניען, איינער ווי דער אַנדערער. נישט קיין איינציקן איז מעגלעך צו פאַרשטיין... קאָנט איר יעדן איינציקן לייענען פון הינטן אַרויף, פון לינקס אויף רעכטס, און מיט דעם זעלביקן געניאַלן דערפאָלג פון נישט פאַר־שטיין" [28]. פאַר אַזאַ אפּיקורסות האָט פּרץ מאַרקיש געגעבן נאָמבערגן

---

[25] ח. ש. קאַזדאַן — פון חדר און „שקאָלעס" ביז ציש״אַ, מעקסיקע 1956, ז' 415.

[26] פּרץ מאַרקיש האָט אונטער דעם נאָמען פּראָקלאַמירט דעם קינסט־לערישן דרך פון די יונגע אין פּוילן, אינספּירירטע פון דער רוסישער רע־וואָלוציע און פּאָגראָמירטער אוקראַיִנע.

[27] מיט דער פּאַראַפראַזע פון מאַרקישעס אַ ליד האָט הלל צייטלין כאַ־ראַקטעריזירט און אויסגעלאַכט די ליטעראַרישע „כאַליאַסטרע" אין פּוילן.

[28] 47 זשעניען זײַנען אונדז געבורן געוואָרן, אין „דאָס בוך פעליע־טאָנען", ז' 264.

דעם טיטל „אַטאַמאַן" — ער וויל, הייסט עס, באַפעלן ווי צו שרייבן...
די צייט האָט אָבער געוויזן, ווער עס האָט מער אויסגעפאָלגט באַפעלן.
די צייט האָט געוויזן, ווער עס האָט געזען קלאָרער.

נאָמבערג איז דער שרייבער פון קלאָרקייט. אַפילו די שאָטנדיקסטע געשטאַלטן האָט ער געמאָלן מיט אַ דורכזיכטיקער קלאָרקייט. אין געשריבענעם ווי אין גערעדטן וואָרט האָט ער געהאַלטן קלאָרקייט ווי אַ פאָרבאַדינג, פאַר יענעם, ווי פאַר זיך. וויל מען, אַז פאַר יענעם זאָל עפּעס זיין קלאָר, דאַרף דאָס זיין קלאָר קודם־כל פאַר זיך אַליין. דאָס מערקווערדיקסטע דערביי איז: נאָמבערג האָט דערגרייכט די קלאָרקייט נישט אויפן חשבון פון דער טיפקייט. אדרבה: דאָס סאַמע טיפסטע אין זיין שרייבן זעט־אויס ביז גאָר אויבנאויפיק.

פּונקט ווי נאָמבערג דער מענטש זעט־אויס פול מיט סתירות — אָט איז ער באָהעם און אָט איז ער וועגווייזער מיט טיפער אחריות און גרייטקייט זיך איינצושטעלן — אַזוי פאָרט זיך אין נאָמבערגן טיפקייט מיט אויבנאויפיקייט, איינפאַכקייט מיט גייסטרייכקייט.

די דאָזיקע סתירות ווירקן ביז היינט אויף אייניקע שרייבערס אַזוי, ווי זיי האָבן אַמאָל געווירקט אויף פרישמאַנען. פאַר זיי איז נאָך אַלץ „די פראַגע, פאַרוואָס איז נאָמבערג געוואָרן אַזוי באַרימט, פאַרוואָס ער האָט געהאַט אַזוי פיל מזל, אַ גרויסע פראַגע". סיידן מ'זאָל אָננעמען, אַז „דער האַלב־אינטעליגענט, דער עקסטערן, האָט געקוקט אויף נאָמבערגן ווי אויף זיינס גלייכן, וואָס האָט אים געגעבן האָפענונג, ער האָט ווי געזאָגט צו זיך: זיי נישט פאַרצווייפלט, זע וואָס נאָמבערג האָט דערגרייכט", וואָס פאַר אַ גרויסן שם ער האָט געקראָגן און וואָס פאַר אַ גרויסן דערפאָלג ער האָט געהאַט, ווי אַ נאָוועליסט, ווי אַ פובליציסט, אַפילו אין פאָליטיק, כאָטש ער איז אויף קיין שום פעלד נישט געווען קיין גדול[29]... די אַלע אַרגומענטן וועלן מסתמא באַניצט ווערן אויך שפּעטער, ווי פריער. איבער די

---

[29] **א. ה. ביאַלין** — פון מענדעלען ביז לייוויקן, „**מעקסיקאַנער לעבן**", 1 פעבראַר 1958.

אַלע פּראַגעס שטייט אָבער די שאלה: „צי איז נאָמבערג דער דיכטער פון אָנמעכטיקייט?" [30].

טאַקע אין די־אָ סתירות, וואָס מיר טרעפן ביי נאָמבערגן, דאַרף מען זען די קאָמפּליצירטקייט פון דער ייִדישער פּערזענלעכקייט אויפן שיידוועג פון צײַטן. דער ייִד, וואָס „האָט געליטן פון צופיל אײַנ־פלוסן" און „געזוכט סינטעז צווישן אַלעמען", צו קענען פּאַרט „דורך אַלע זײַנע זוכענישן" דערשײַנען ווי „דער גאַנצער מענטש" [31], ווערט בכלל זעלטן אָפּגעשאַצט אָביעקטיוו. שווער צו זען האַרמאָניע צווישן סתירות.

ביי הערש דוד נאָמבערגן איז דאָ האַרמאָניע צווישן סתירות. די האַרמאָניע איז געקומען דורכן פּערמאַנענטן גראַנגל צווישן צוויי כוחות: צווישן אַנטווישונגען, וואָס זײַנען פּערזענלעך לעבן האָט אים געבראַכט אין דער פריִעסטער יוגנט, און זײַן אמונה אין דער צו־קונפט, די אמונה פון כלל ישראל.

## אונטער דער ווירקונג פון פּאָלקסלעבן

אין 1898 האָט י. ל. פּרץ געשריבן פון וואַרשע קײַן זגערזש צו נאָמבערגן: „מײַן פרײַנד, שוין צוויי וואָכן ווי דײַן בריוו ליגט ביי מיר אויפן טיש, און איך ווייס נישט וואָס דיר צו ענטפערן... קען זײַן, אַז די געזעלשאַפט, אין וועלכער דו לעבסט, קען נישט פאַרטראָגן דײַנע העוויות, דײַן פּירעכץ, דײַן „טאַקטלאָזיקייט"... אַנ־שטאָט קלאָגן זיך — בעסער ענדער זיך! ביי מיר קענסטו זײַן אויך אַ פּרא־אָדם, איך קען דיך שעצן אויך אָן הויזן, אָבער דער עולם, וואָס יעדער איינער פון אונדז נייטיקט זיך אין אים, וויל זען דעם אויסערלעכן מענטש" [32].

---

[30] ב. י. ביאַלאָסטאָצקי — פּאַרויס, נ׳ 4, וואַרשע, 18 פעב׳ 1938.

[31] ד״ז. די דאָזיקע אָפּהאַנדלונג איז מיט קליינע שינויים אַריין אין בוך „חלום און וואָר", פון וואַנען עס זיינען גענומען געוואָרן די פראַגמענטן פאַר אָט־דער אויסגאַבע.

[32] בריוו און רעדעס פון י. ל. פּרץ, ז׳ 218.

דאָס קלינגט ווי אַ פּאַראַדאָקס: דער גרויסער בונטאַר לערנט דעם באַהעם צו זײַן אין לעבן פּראַקטיש. מען דאַרף זיך רעכענען מיט „דעם אויסערלעכן מענטשן". ווי שטאַרק אינדיווידואַליסטיש מען זאָל זײַן, דאַרף מען זיך נישט איזאָלירן און דערווײַטערן פון עולם. „יע־דער איינער פון אונדז נייטיקט זיך אין אים", אין עולם.

פון אָנהייב האָט אויסגעזען, אַז דער תּלמיד איז נישט גרייט צו פאָלגן דעם רבין, ווי אַן אפּיקורס דעם רב. די שפּעטערדיקע פאַקטן דערציילן אָבער, אַז פּרצעס ערשטע לעקציע פון 1898 איז געווען פאַר נאָמבערגן אַ לעבנס־לעקציע. צוערשט, ווען פּרץ זאָגט אים, „אַז איר וועט ברענגען נוצן, וועט איר זײַן מאָראַליש צופרידן", וויל נאָמבערג דער צווייפלער אָפּפרעגן. שפּעטער אָבער איז ער אַליין מקיים די תּורה. דער חסיד, וואָס איז אַוועק פון שטיבל אין אַמשי־נאָוו, ווײַל ער איז געוואָרן אַן אפּיקורס, איז אין וואַרשע אַוועק אין פּרצעס שטיבל... און דאָרטן האָט ער געפונען אַ רפואה פאַר זײַן יאוש. די רפואה הייסט: פאָלקסלעבן. אינעם פאָלקסלעבן האָט ער גע־פונען לעבנסווילן און בטחון.

„נאָמבערגס פעדער, וואָס האָט אָנגעשריבן די האָפענונגלאָזסטע בלעטער פון דעם לעבן און שטרעבן פונעם מאָדערנעם ייִדישן מענטשן, פון פליגלמאַנען — זי גראָד שרײַבט־אָן די צוואה פון בלינדסטן גלויבן אין ייִדישן לעבן, די צוואה פון אייביקן ייִדישן בטחון — דאָס בוך פון דער „משפּחה"... ער פאָרט, ווי עליאָש, „אומעטום ווו ייִדן בויען לעבנס־געלן", וואָרן ער וויל זיך אַלץ איבערצײַגן, צי בליט טאָקע אויף דעם בוים פון ייִדישן לעבן. כדי בלינד צוצומאַכן די אויגן פאַר יעדער האָפענונגלאָזיקייט, ווערט דער דאָזיקער ראַפי־נירטער אינטעליגענט איבערגעטריבן „פאַרליבט" אין דער פּראָסט־קייט, וואָס באַווײַזט זיך אין דער ייִדישער ליטעראַטור. דאָס פאָלק רעדט צו אים אַרויס פון דער פּראָסטקייט און דער טעמפּער חשק צו עקסיסטענץ. ער ווערט דער הייסטער חסיד פון „ווייסנבערגיזם" [33].

---

[33] י. י. טרונק — צווישן ווילן און אָנמעכטיקייט, „קולטור־ליגע", וואַר־שע 1930, ז' 171.

פאַר וועמען איטשע מאיר ווייסנבערג איז געוואָרן אַ סענסאַציע פאַר זײַן קאַמף קעגן די ליטוואַקעס, פאַר זײַן „זשעלעכאָווער אָרטאָגראַפיע“ און פאַר זײַן זידלען גאָרנדיקע אינטעליגענטן און גדולדיקע דערפאָלגרײַכע שרײַבערס, אַ קאַמף וואָס איז באַטראַכט געוואָרן פאַרן אויסדרוק פון עם־הארצות, אָבער פאַר נאָמבערגן איז דער דאָזיקער טאַלאַנטפולער שריפטשטעלער, וועמען מ׳האָט אָפּגעצאָלט מיט שמוץ און זידלערײַען, „אַ פּראָטעסט פון אונטן, אַ דומפּיק געשריי פון עפּעס אַ מאַסע, אַ פאַרהאָרעוועטע, נידעריק־געהאַלטענע פון גבירים און וויללערנערס... ער איז געקומען, דער ווײַסנבערג, מיט אַ צונויפגעפרעסטער פויסט... דאָס איז פאַרגענגלעך... אומפאַרגעסלעך בלײַבן אָבער די געשאַפענע ווערק פון קינסטלער ווײַסנבערג“ [34].

נאָמבערג, דער „צעבראָכענער“ אינטעליגענט, איז סענסיטיוו פאַרן „פּראָטעסט פון אונטן“ און פאַרטיידיקט די מאַסע, די „נידעריק־געהאַלטענע פון גבירים און וויללערנערס“. זײַנע לידער פון סאָציאַלן פּראָטעסט זײַנען פאַר אים ניט סתם „גוטע טעמעס פאַר דער צײַט“, נאָר אַן אויסדרוק פון זײַן געמיט, פון זײַן רעוואָלט. דער קליינבירגערלעכער נאָמבערג האָט אין זיך געהאַט גײַסט פון רעוואָלט. פרײַגײַסט האָט אים ניט געלאָזט פאַרטראָגן עוולות. האָט ער אויסגעזונגען דאָס ליד פון שטורמישן פּראָטעסט קעגן צאַרישן רעזשים, קעגן סיביר, קעגן יעדער אונטערדריקונג, ווי קעגן יעדער געפאַלנקייט. ער האָט די געפאַלנקייט געזען — און געשילדערט — צווישן די ייִדקאָמוניסטן אין ראַטנפאַרבאַנד: ער האָט געוויזן מיט אַ צעטרייסלענדיקער קלאָרקייט, ווי די יעווסעקן האָבן מיט די אייגענע הענט ליקווידירט דאָס ייִדישע לעבן, גרייט געווען צו פאַרמסרן יעדן נאַציאָנאַל־דענקענדיקן ייִדן פאַר אַ שונא פון רעזשים, אַ פערטל יאָרהונדערט איידער דער סאָוועטישער רעזשים האָט אויסגעריסן מיטן וואָרצל דאָס רעכט פון ייִדן אויפן אייגענעם לעבן אין ראַטנ־

[34] ה. ד. נאָמבערג — ווידער ווייסנבערג, „דער מאָמענט“, 26 דעצעמבער 1924.

לאַנד. נאָמבערגס דערציילן, ווי ייִדקאָמוניסטן האָבן געקוקט אויף די ניט־ייִדישע פּירערס ווי אויף שונאים, באשר זיי האָבן פאַרטיידיקט דאָס רעכט פון ייִדן אויף אַ נאַציאָנאַלער אָריענטאַציע אין דער קאָלאָניזיר־אַרבעט, איז איינער פון די איבערצײַגנדיקסטע דאָקומענטן — אַ ראַדיאָגראַפיע פון דער יעווסעקציע פאַר דער געשיכטע[35].

נאָמבערגס בעלעטריסטיק אינטערפּרעטירט דעם סאָציאַלן אומרו פון דער עפּאָכע, געזען מיט די אויגן פון אַן אינטעליגענט, מיט אַ געפיל פון אַ פאָלקסמענטש. זײַן פאַרליבטקייט אין פאָלקלאָר איז אַ רעזולטאַט פון זײַן פאַרליבן זיך אין פאָלק. די אמונה, וואָס ער האָט פאַרלוירן אין זײַן יחידישן לעבן, האָט ער געפונען אינעם פאָלקס־לעבן. אינעם כלל ווערט אויך דער קראַנקער יחיד געזונט און שטאַרק. דערפאַר האָט ער געהאָלפן שאַפן די פאָלקספּאַרטיי. אָפּגרענעצנדיק זיך פון שאָוויניזם, האָט ער מורא געהאַט פאַר יעדער מינדערשאַצונג, וואָס קען אָפּשוואַכן דאָס לעבן פון פאָלק. דערפאַר איז ער געווען קעגן דער שיטה פון אחד־העם, בײַ וועמען „דאָס אבסטראַגירן איז דערגאַנגען ביז צו שאַפן אַ פעטיש, אַן אָפּגאָט, אין געשטאַלט פון רוח היהדות", בעת „די רעאַלע באַדערפענישן פון דער 12־מיליאָניקער מאַסע פאַרלירן זיך אין גאַנצן פון האָריזאָנט". נאָמבערג האָט עס אַזוי געגעבן צו פאַרשטיין: „מיר האָבן ליב העברעיִש און מיר האָבן ליב ציון. וועלכער ייִד האָט נישט ליב אונדזער אַלטע שפּראַך און וועלכעס ייִדיש האַרץ רעאַגירט נישט ווונדפול, ווען מען דערמאָנט ארץ־ישראל? — דאָס זײַנען געפילן טיף־אײַנגעוואָרצלטע אין ייִדישן האַרץ. אָבער ווען מען וויל אָנוואַרפן די דאָזיקע סענטימענטן אויף אונדזער לעבן ווי די איינציקע געביטערס, ווי רעגולאַטאָרס, און אונטערוואַרפן אונטער זיי אַלע זאָרגן און אַלע אינטערעסן פון די מיליאָנען — דעמאָלט באַקומט זיך די שעדלעכע באַוועגונג, וואָס באַפרוכט נישט אונדזער לעבן, נאָר העמט און שטערט די אַנטוויק־

[35] „דער צוזאַמענשטויס אויף דעם געזערד־צוזאַמענפאָר", געדרוקט אין דעם בוך, איז אַקטועל ביז גאָר — אַ פּרעכטיקע פּרשה פון לעבנס־חכמה.

לונג", בעת „מיר ווילן אַ נאָרמאַלע, געזונטע טעטיקייט אומעטום, וווּ דאָס איז מעגלעך און אויף וויפל דאָס איז מעגלעך"[36]. דאָס איז נייטיק פאַר דעם פּסיכישן צושטאַנד פון יעדן ייִדן. מ׳קען דאָס דערקלערן מיט נאָמבערגס זאָג אין „מײַן רײַזע איבער רוסלאַנד":

— „ווער וויל דאָס זײַן אין דער ראָלע פון אַ האַמלעט אַלע טעג און אַלע נעכט פון אַ גאַנץ יאָר?"

מיט דעם דאָזיקן זאָג האָט נאָמבערג פון 1924 אַליין אָפּגעפרעגט זײַן העלד פליגלמאַן פון 1908. דער סאָציאַלער מוז איז אַרויסגעטראָטן קעגן קרבן פון דער געזעלשאַפט. נאָמבערג דער פּובליציסט האָט זיך קעגנגעשטעלט נאָמבערגן דעם בעלעטריסט.

דער בעלעטריסט, בויענדיק אויפן נעכטן, האָט געזען דעם צעבראָכענעם אינטעליגענט. דער פּובליציסט, בויענדיק אויפן הײַנט, האָט געזען דעם יונגן ייִדן פון מאָרגן. אַנטקעגן פליגלמאַנען האָט זיך אַוועקגעשטעלט עליאַש.

דער ווילן צו זען דאָס פאָלק, וואָס איז צעשפּרייט איבער דער גאַנצער וועלט, פעיִק צו שאַפן, גענערט פון ווײַטן אַמאָל ווי פון דער נישט־לאַנגאָניקער פאַרגאַנגענהייט, האָט געפירט נאָמבערגן צו ייִדישיזם. ער איז פאַרליבט אין ייִדיש, ווײַל ער זעט די מעגלעכקייט צו דערציִען דורך ייִדיש די ברייטע ייִדישע פאָלקסמאַסע, אַז זי זאָל זײַן אינטעגראַל ייִדיש. פונקט ווי ער וויל נישט, אַז מ׳זאָל אין נאָמען פון ייִדיש מינדערשאַצן העברעיִש, אַזוי וויל ער נישט, אַז מ׳זאָל אין נאָמען פון כל תפוצות ישראל מינדערשאַצן די בענקשאַפט צו ציון. ער איז טאַקע געווען אַ טאָנגעבער אויף דער שפּראַך־קאָנפערענץ אין טשערנאָוויץ, וווּ ער האָט צוזאַמען מיט ד"ר חיים זשיטלאָווסקי און שלום אַש פאָרגעלייגט די רעזאָלוציע, וועלכע איז מיט אַ ברעקל ענדערונג אָנגענומען געוואָרן: „די ערשטע קאָנפערענץ פאַר דער ייִדישער שפּראַך — זאָגט זי — אָנערקענט ייִדיש פאַר אַ

---

[36] פאָלק און נאַציאָן, זאַמלבוך „נייע היימען", צונ׳ ליפּע קעסטין, וואַרשע 1921, זז׳ 78—80.

נאַציאָנאַלע שפּראַך פון יידישן פאָלק און פאָדערט איר פּאָליטישע, קולטורעלע און געזעלשאַפטלעכע גלייכבאַרעכטיקונג". אויף יענער היסטאָרישער קאָנפערענץ האָט אָבער נאָמבערג גלייכצייטיק געמאָנט אַ תשובה, „וואָס פאַר אַן אָרט דאַרף פאַרנעמען העברעיִש אין אונדזער שול", ווייל ער „וואָלט געהאַלטן פאַר אַ נאַציאָנאַלן אומגליק, ווען יידן זאָלן פאַרגעסן העברעיִש [37]. און ס'איז נישט מער ווי נאַטירלעך. ווייסן מיר דאָך, אַז „אַש און נאָמבערג, יעקב פּיכמאַן און פּרץ הירשביין, י. ד. בערקאָוויטש און ז. שניאור זיינען פּונקט אַזוי ווי די עלטערע מענדעלע און פּרץ, סאָקאָלאָוו און פרישמאַן, מיכה יוסף בערדיטשעווסקי און יהודה שטיינבערג געווען אָנגעלייגטע געסט סיי אין דער העברעיִשער, סיי אין דער יידישער פּרעסע, סיי אין דער העברעיִשער, סיי אין דער יידישער ליטעראַטור" [38]. נאָמבערג האָט געזוכט אַ סינטעז צווישן אַלטער און נייער יידישקייט. „ביי אונדז — האָט ער געזאָגט — דאַרף אויפצוהערן די טיילונג פון אינטעליגענץ און פאָלק; די ערשטע מוז ווערן פאָלקסטימלעך און האָבן די זעלביקע שפּראַך פאַר דעם אייגענעם געברויך, וואָס דאָס פאָלק האָט" [39], ווי מיר זעען, האָט דער פאָלקיסט זיך קלאָר דעפינירט.

„אַזוי ווי אין אַלץ אין זיין לעבן האָט ער ליב געהאַט גיכע אַנטשיידונגען" [40] — נישט ווי די העלדן אין זיינע נאָוועלן — איז אָט־די אייגנשאַפט געווען מזל־ברכהדיק אין זיין פּובליציסטיק. אַז ער האָט געזאָגט, האָט ער אָנגעזאָגט. אַז ער האָט גענומען אַ שטעלונג צו אַ פראַגע, האָט ער זיך איינגעשטעלט. אַזוי האָט ער זיך איינגעשטעלט

---

[37] די ערשטע יידישע שפּראַך־קאָנפערענץ, ייוואָ, ווילנע 1931, זז' 211, 66, 84.

[38] ש. ניגער — די צווייִשפּראַכיקייט פון אונדזער ליטעראַטור, לואיס לאַמעד־פאָנד, דעטראָיט 1941, ז' 112.

[39] צו וואָס „אַ נאַציאָנאַלע שפּראַך", צום ערשטן מאָל געדרוקט אין „טעאַטער־וועלט" נ' 1־2, וואַרשע 1908, איבערגעדרוקט אין „די ערשטע יידישע שפּראַך־קאָנפערענץ", 1931, און א. מענעס — „דער יידישער געדאַנק אין דער נייער וועלט", נ"י 1957.

[40] מלך ראַוויטש — מיין לעקסיקאָן, מאָנטרעאַל 1945, ז' 141.

פאַר דער ייִקאָ, ווען ער איז אָנגעקומען אין בוענאָס־איירעס און גע־מיינט, אַז מ׳טרײַבט־איבער מיט דער קריטיק קעגן באַראָן הירשס אַדמיניסטראַציע, „באַשולדיקנדיק די ייִקאָ אין דעם דורכפאַל און שיעור נישט אין דער צעפאַלונג פון דעם ייִדישן קאָלאָניזאַציע־וועזן אין לאַנד״. אָבער אַז ער איז צוריקגעקומען פון די קאָלאָניעס, האָט ער זײַן אייגענע שטעלונג אַזוי רעווידירט, און אַזוי גיך זיך אָנט־שלאָסן, אַז זײַן אַרויסטריט קעגן דער ייִקאָ האָט מרעיש עולם גע־ווען. „און די ייִקא שווײַגט״ — האָט דער אַרטיקל געדונערט, איינער פון די שטאַרקסטע, שענסטע און טרעפלעכסטע אַרטיקלען, וואָס זײַ־נען ווען פון זײַן פעדער אַרויס״ [41].

נאָמבערג, וואָס האָט געוויזן, ווי מענטשן ווערן ציניקערס, ווײַל זיי זעען און פאַרשטייען צופיל, איז פאַרשיכורט געוואָרן פון דעם אידעאַליזם, וואָס ער האָט דערפילט אין ארץ־ישראל. „און מענטש־לעכער אידעאַליזם און איבערגעגעבנקייט — איז ער זיכער — ווערן קיין מאָל נישט פאַרפאַלן אָן נוצן״. דערפאַר גלייבט ער, אַז די חלו־צישע באַוועגונג איז אַ ברכה נישט בלויז פאַר ארץ־ישראל, נײַערט פאַרן ייִדישן לעבן אין אַלגעמיין, ווײַל „יעדער אידעאַליזם, פון ווילדסטן ביז צום קולטורעלסטן און ראַפינירטסטן, פון פאַנאַטישסטן ביז צום „וויסנשאַפטלעך־באַגרינדעטן״, האָט באַפרוכטיקט די ערד״. און טאָמער זײַנען די פאַקטן נישט איבערצײַגנדיק, גיט־צו דער „פּע־סימיסט״ נאָמבערג זײַן אני מאמין: „איך וויל נישט און איך קאָן נישט גלייבן — זאָגט ער — אַז מענטשלעכע טרײַקייט, איבערגע־געבנקייט און אידעאַליזם זאָלן קאָנען גיין לאיבוד״ [42].

נאָמבערג ווײַזט, ווי עס גייט גאָר נישט פאַרלוירן אינעם לעבן פון כלל, פּונקט ווי אין דער נאַטור. אין זײַנע רײַזע־אײַנדרוקן, גע־זאַמלטע אין ביכער, געפינען מיר אַ שלל וויכטיקע שטריכן פאַר דער כאַראַקטעריסטיק פון פאַרשיידענע ישובים. פּרטים, אַנעקדאָטן

---

[41] יוסף מענדעלסאָן — ה. ד. נאָמבערג אין בוענאָס־איירעס, „אַ מאָל אין אַ האַלבן יאָרהונדערט״, ב״א 1943, זז׳ 407־413.

[42] עמק יזרעאל, קאַפּיטל פון „ארץ־ישראל״, געדרוקט אין דעם־אַ בוך.

און קוריאָזן, וועלכע האָבן אין זייער צײַט אויסגעזען ווי צופעליקייטן אָדער קלייניקייטן, זײַנען גאָר עד־היום פאַרבליבן וויכטיקע סימנים, וואָס גייען־אַריבער בירושה פון איין דור צום צווייטן, אָנערקענט ווי גרונטיקע אייגנשאַפטן פון די קיבוצים און צענטערס, טענדענצן פון זייער נאַציאָנאַלער און סאָציאַלער פורעמונג, קענצייכנס פון זייער פערזענלעכקייט.

מיט אַ באַזונדערן חוש פאַר קאָלעקטיווע נייגונגען און טיפּישע פאָלקס־אימפּולסן, רעזולטאַטן פון אַ ספּעציפישער לאַגע פון יִדישן כלל, האָט נאָמבערג זיך אָפּגעשטעלט אין זײַנע באַשרײַבונגען פון לענדער און ישובים איבערהויפּט אויף אַזעלכע מאָמענטן און עלע־מענטן. ער האָט געזען ליכט אַפילו דאָרט וווּ ס'איז טונקל געווען. לייענענדיק הײַנט זײַנע רײַזע־אײַנדרוקן, זעען מיר ווי ער האָט פאָ־רויסגעזען גרויסע פּראָצעסן אין דעם יִדישן לעבן.

שוין אין דער האָניק־צײַט פון „דרײַ קופּים" (קעמפּערס קעגן קונסט) האָט ער פאָרויסגעזאָגט דעם אויפקום פון דער אייגענער יִדישער ליטעראַטור אין דער גרויסער אַמעריקע, געוויזן ווי עס האָבן זיך גענומען אַרויספּיקן פון סאָציאַליסטישע היימען קינדער מיט יאַרמלקעס אויף די קעפּ, ווי פילאַנטראָפּיע ווערט ממש אַ נאַ־ציאָנאַלע ווייסנשאַפט און אַ פּראָפעסיע, ווי דער „גרינהאָרן" איז אין ניו־יאָרק אַ לײַדנשאַפטלעכער „פּאַטריאָט פון זײַן שטאָט און פון איר „עלעקטריק טשער", אַז „עס באַפאַלט אַזש אַ שרעק צו קוקן אין דעם תהום וואָס ווערט געעפנט פאַר מײַנע אויגן", אין אַן אַטמאָספערע פון פרײַהײַט, „די פרײַהײַט פון „שלאָג דיר קאָפּ אין וואַנט, נישט מיין באָבעס דאגה"...[43]. ער האָט באַנומען דעם אייגנ־אַרטיקן פּראָצעס אין אַרגענטינע, ווו „זעלטן איינער פון די ערשטע עמיגראַנטן איז געקומען מיט זײַן אייגענעם ווילן, מיטן אייגענעם באַשלוס. אָדער ער שטאַמט פון דער ערשטער „באַראָן הירש־עמי־

---

[43] אין צפון־אַמעריקע, זז. 67,29 („ניו־יאָרק זינגט איר ליד"), 96 („ווו איז די פרייהייט?"), 22, 112 („יידן זיינען „אָ ל ר יי ט" אין אַמעריקע"). 19. זע: די קאַפּיטלען אין דעם־אָ בוך.

גראַציע" און איז געקומען מיט אַ „פּאַרטיע", אָדער ער איז געלאָפן פון פּאָגראָמען, אָדער עס האָט געפעלט אויף אַ שיפסקאַרטע קיין ניו־יאָרק, אָדער אַן אַגענט פון אַ שיף־געזעלשאַפט האָט אים פאַרנאַרט". אין אַרגענטינע זײַענדיק האָט ער דערפילט, אַז „ווען יידישע שרײַבערס וואָלטן וויסן, וואָסער ראָלע זיי שפּילן און וואָסערע נאַציאָנאַלע פונקציע זיי פולן־אויס אין דער נשמה פון די מאַסן, וואָלטן זיי דערשראָקן געוואָרן פאַר דער גרויסער אחריות, וואָס זיי טראָגן אויף זיך". מיט אַזאַ אחריות האָט ער אַרויסגעפירט פאַר דער ברייטער יידישער וועלט דעם שרײַבער מרדכי אַלפּערסאָן, „אַ יידישער ראָבינזאָן קרוזאָ". אַלפּערסאָנס ערשטער באַנד „30 יאָר יידישע קאָלאָניזאַציע אין אַרגענטינע", דערשינען אין בוענאָס־אײַרעס אין 1922, וואָלט מסתמא געבליבן אין אַ ווינקל, פּונקט ווי די שפּעטערדיקע צוויי בענד, ווען ניט נאָמבערג, וואָס האָט דאָס ערשטע בוך געלאָזט איבערדרוקן אין בערלין אין 1923, מיט זײַנעם אַן אַרײַנפיר — עס איז איינס און צוויי געוואָרן איינע פון די פּאָפּולערסטע און געליבטסטע יידישע ביכער אומעטום [44]. פּונקט ווי ער האָט באַזונגען „די קרוין פון די יידישע קאָלאָניעס", מאָזעסוויל, אַזוי האָט נאָמבערג געהאַלטן פאַר זײַן חוב צו דערמוטיקן „די שפּראָצונג" פון דער יידישער ליטעראַטור אין בוענאָס־אײַרעס, וועלכע „האָט אַרום זיך אַ פּילגינסטיקערע אַטמאָספערע ווי עס האָט געהאַט אַמאָל די צפון־אַמעריקאַנישע". ווײַל „דער עמיגראַנט, וואָס פאַרט הײַנט קײַן אַרגענטינע — האָט נאָמבערג געשריבן אין 1924 — שטייט דאָך קולטורעל מיט פיל קעפּ העכער ווי דער עמיגראַנט קיין ניו־יאָרק פון פאַר 30 יאָר" [45]. ניט וויניקער ניכטער און קריטיש האָט נ. זיך באַמיט צו זען

---

[44] דאָס בוך פעליעטאָנען, זז' 60, 82, 99. זע: — קאַפּיטלען אין דעם בוך. — אין אַ ריי לערנביכער און כרעסטאָמאַטיעס געפינען זיך פראַגמענטן פון אַלפּערסאָנס מעמואַרן, ווי מוסטערן פון נאַטור־שילדערונגען אין אַרגענטינע און אַ צושטייער פאַר דער געשיכטע פון לאַנד און ישוב.

[45] ליטעראַרישע פרווון אין אַרגענטינע (וועגן „זעגלען"), „דער מאָמענט", וואַרשע, 7 נאָוו' 1924.

ארץ־ישראל, כאָטש ער האָט דאָרטן זיך געפונען „אין אַ ליבן שיכרות פון די חושים". ער האָט געזען, ווי עס ווערט געפלעגט פאַראַכטונג צום „גלות־לעבן" און צו אַלץ וואָס איז אין דער אַטמאָספערע געשאַפן געוואָרן, אָבער אויך געזען, ווי אין קיבוצים „קאָכט זיך דורך און ווערט געבוירן אַ ברייטערע וועלט־אָנשויאונג, וווּ עס ווערט געזוכט דער סינטעז צווישן דעם „גלות־לעבן" און ארץ־ישראל". ער האָט איינצײַטיק פעסטגעשטעלט, ווי ארץ־ישראל האָט אויפגעהערט צו זײַן פאַר די פאָלקסמאַסן בעיקר „אַן אַלגעמיינע פראַגע", נאָר „פאַרענטפערט עפעקטיוו זייער פערזענלעכע יידישע פראַגע". היטנדיק זיך פאַר מליצה, האָט נאָמבערג אַזוי דעפינירט די באַציִונג צו ארץ־ישראל: „פאַראַן זאַכן, וואָס מען דאַרף נישט און מען זאָל נישט פאָרמעל־לאָגיש באַווײַזן, וואָס זייער נייטיקייט איז אײַך קלאָר אינטויִטיוו, אוממיטלבאַר, ווי למשל, די נייטיקייט פון אײַער אייגענער עקסיסטענץ; ארץ־ישראל געהערט צו די זאַכן — ווען מען האָט דאָס לאַנד איין מאָל מיט די אויגן געזען און זײַן לופט געאָטעמט"[46].

ה. ד. נאָמבערג דער פּובליציסט, דער וואָרטזאָגער, איז פאַר אונדז אַ בײַשפּיל פון פעסטן קאָנטראָל איבער זיך אַליין.

דורך זײַנע פליגלמאַנס און שוואַרצוואַלדס האָט ער פאַרן פאָלק סיגנאַליזירט די גרויסע סכנה, וואָס דוקט זיך אָן אויפן יידישן לעבן: „נעמט־צו פון דער יידישער אינטעליגענץ עטלעכע געציילטע אַקטיווע, געזונטע פערזענלעכקייטן — און איר האָט פאַר זיך אַ קאָלעקטיוון פליגלמאַן... די קאָמעדיע פון דער יידישער אינטעליגענץ"[47].

אָבער ווי עליאַש, אין „די משפחה", האָט ער געקענט זאָגן וועגן זיך:

— איך האָב אויסגעזען די וועלט, אומעטום ווו יידן שפּאַרן־

---

[46] ארץ־ישראל, זז' 35, 144 147 152, ווי אין קאַפּיטלען פון דעם בוך.

[47] ש. ניגער — אויף דעם גרענעץ פון טויט און לעבן, „ליטעראַרישע מאָנאַטסשריפטן", בוך 2, מאַרץ 1908. די דאָזיקע שורות זײַנען פון ניגערן אין זײַנע געזאַמלטע שריפטן נישט דערשינען — זאָל עס זיין דערפאַר, ווייל זיי זײַנען צו־שאַרף?

אָן. און איך וועל אײַך ברענגען די טרייסט. מיר לײַטערן זיך, מיר ווערן שטאַרקער און געזינטער גײַסטיק און פיזיש. מיר בויען אור־מעטום לעבנס־צעלן.

און דער עיקר:

— מיר זײַנען בעסער ווי אונדזערע עלטערן, אונדזערע קינדער וועלן בעסער זײַן פון אונדז.

מיט אָט־דעם חוש צו דערשפּירן דאָס פאָלק האָט ער סיגנאַ־ליזירט דעם אומרו, בענקשאַפט און קאַמף־גרייטקייט פון פאָלק דורך „אַ וויגליד", וואָס איז אויפגעכאַפּט געוואָרן פון דער יידישער מאַסע, איבערהויפּט צווישן די דערשלאָגענע אַרבעטער, און געוואָרן אַן עמאָטיווער שטאָף פאַר כאָרן־געזאַנג [48].

צוליב דעם פאַרשותפן זיך מיטן פאָלק איז געווען „אַ טריומף־צוג" די נסיעה, וואָס נאָמבערג האָט מיטגעמאַכט גלײַך נאָך דער טשערנאָוויצער שפּראַך־קאָנפערענץ: „דער צוזאַמענקונפטים פון די פיר נעמען, פּרץ־אַש־נאָמבערג־רייזען, איז געפלויגן ווי אַ צויבער־טעפּיך איבער די פאַרוואָלקנטע הימלען פון די געדיכטע יידישע ישובים" [49].

אינספּירירט פון פאָלק, האָט דער סקעפּטיקער הערש דוד נאָמ־בערג געוועקט צו עבודת־הבורא אין אַ מאָדערנעם נוסח:

— „שטייט־אויף, מענטשן, שטייט־אויף, צו דינען זיך זעלבסט! הייליק איז דער מענטש!" [50].

שמואל ראָזשאַנסקי

---

[48] יוסף אחרון האָט קאָמפּאָנירט צו דעם ליד מוזיק פאַר געזאַנג און פּיאַנאָ אין 1917, אין לענינגראַד, און אויף דאָס ניי קאָמפּאָנירט פאַר כאָר אין 1940, אין האָליווד, געדרוקט אין „כאָרן זינגען", בוך 2, רעד' לאַזאַר ווײַנער, אַר' „אַרבעטער־רינג", נ"י 1940.

[49] מאַרק שווייד — טרייסט מיין פאָלק, נ"י 1955, ז' 271.

[50] ה. ד. נאָמבערג — מען וועקט, „שריפטן", ב' 4, וואַרשע, תרס"ט, ז' 79.

## אַ װיגליד

ס׳לויפן, ס׳יאָגן שוואַרצע וואָלקנס,
ס׳פֿײַפֿט און ברומט דער ווינט —
פון סיביריע שיקט דײַן טאַטע
דיר אַ גרוס, מײַן קינד!

נאָר דער ווינט — ער ברענגט אונדז גרוסן
פון דעם קאַלטן לאַנד;
דאָרטן שטייט ער: אַ לאָפּאַטע
האַלט ער אין דער האַנט.

און ער גראָבט אַלץ טיפער, טיפער,
וואַרפט די ערד אַרויס.
ניט געזאָרגט דאָך! פאַרן שקר
גראָבט ער קברים אויס.




ניט דער ערשטער, ניט דער לעצטער
פאַלט ער אויפן פעלד!
זאָרג ניט, קינד מײַנס, דיך געבוירן
האָט אַ גרויסער העלד.

און אַ העלד ווּעסטו אויסוואַקסן,
שלאָף־זשע, שלאָף אַצינד!
זאַמל כוחות פאַר דער צוקונפט,
זאַמל, איינציק קינד!

## אוי, וויי, און כאַ־כאַ־כאַ, אוי־אוי
(קופּלעטן)

I

אַ שאָטן איז דעם מענטשנס לעבן —
אוי, יאָ! עס איז אַזוי.
ער יאָגט דאָס גליק און טרעפט דערנעבן,
און יאָגט, און פאַלט. אוי־אוי!
כאַ־כאַ! ער יאָגט און לויפט.
אוי, וויי! דאָס גליק אַנטלויפט.
די צײַט
פאַרגייט.
אַליין
בלײַבט שטיין
דער מענטש און זעט: דער קאָפּ איז גרוי!
ער פרעגט דערשטוינט: „ווו איז דער ציל?"
און לאַכט מיט גאַל: „דער סוף פון שפּיל!"
אוי, וויי, און כאַ־כאַ־כאַ, אוי־אוי!

II

די וועלט איז נאַריש און פאַרדאָרבן —
אוי, יאָ! עס איז אַזוי.
זי האָט פיל האָב און גוטס דערוואָרבן,
אײַן נויט — נאָך מער, אוי־אוי!
כאַ־כאַ! דאָס געלט באַגליקט.
אוי, וויי! די נויט דערשטיקט.
איך שעלט
די וועלט
מיט האַק און פּאַק
און טראַכט דערבײַ מיר שטיל אַזוי:
און שלאָגט די וועלט זיך קאָפּ אין וואַנט —

בלײַב רויִק, האַרץ! זײַ קלאָר, פֿאַרשטאַנד!
אוי, ווײ, כאַ־כאַ־כאַ, אוי־אוי!

## III

מײַן מײדל איז אַ ליד פֿון לידער —
אוי, ווײ, כאַ־כאַ־כאַ, אוי־אוי!
אַ קרוין אַ קאָפּ, געטאָקטע גלידער
און אויגן צווײ — אוי־אוי!
כאַ־כאַ! זי לאַכט און שטיפֿט.
אוי, ווײ! זי בײַסט מיט גיפֿט.
איר בליק
גיט גליק.
זי קושט —
דערפֿרישט,
איר מילדקײט איז פֿרימאָרגן־טוי —
דאָך שפּילט זי איצט אויף יענעמס שויס!
זײַ רויִק, האַרץ, און לאַך דיך אויס!
אוי, ווײ, און כאַ־כאַ־כאַ, אוי־אוי!

— א —

מוזיק: אליהו קאַנטאָר



oi io es iz a zoi er iogt dos glik un

treft der — ne — bn un iogt un falt oi oi oi —

cha — cha — er iogt un loift oi wei

dos glik ant — loift di tzait far —

geit a — lein blaibt shtein der

mentsh un zet der kop iz groi er

fregt der — shtoint wu iz der tzil un

lacht mit gal der sof fun shpil oi

wei un *f* cha — cha — cha oi oi

— ב* —

A sho — tn iz dem men — tshns

le — bn — oi io es iz a — zoi er

togt dos glik un treft der — ne — bn —

un togt un falt — oi oi oi

cha — cha — cha er togt un loift oi

oi oi wei dos glik am — loift

di tzait far — geit a — lein blaibt shtein

der mentsh er zer der kop iz groi er

---

* אין פוילן איז ה. ד. נאָמבערגס ליד געזונגען געוואָרן מיט דעם דאָזיקן ניגון. מיר האָבן דעם ניגון אויפגענומען ביי משה לייוואַ. עס איז אונדז נישט געלונגען פעסטצושטעלן, ווער עס איז דער מחבר פון דעם געזאַנג־מאָטיוו, וואָס האָט בולטע דעקלאַמאַטאָרישע שטעלן.

fregt der — shtoint wu iz der tzil un

lacht mit gal der sof fun shpil

oi wei un cha — cha — cha

cha — cha — cha oi oi oi oi

— *ג —

A sho — tn iz dem men — tshns

le — bn oi io es iz a —

zoi er iogt dos glik un treft der–

ne — bn un iogt un falt oi oi

cha cha cha er iogt un loift oi

wei dos glik dos glik ant — loift di

tzait far — geit a — lein blaibt shtein der
mentsh un zet der kop iz groi er
fregt der — shtoint wu iz der tzil un
lacht mit gal der sof fun shpil oi
wei un cha cha cha oi oi oi

---

* מיט דעם ניגון, וואָס זיין מחבר איז פֿאַר אונדז אויך אומבאַקאַנט, איז „אוי, יויי, כאַ־כאַ־כאַ!” געזונגען געוואָרן אין אַרגענטינע. מיר האָבן דעם ניגון אויפֿגענומען פֿון רחל בורסוק־גאָראָדיסקי.

**
*

קאָן איך דען פאַרשטיין,
וואָס עס איז מיט מיר,
אַז מײַן שטאָלצן קאָפּ
בייג איך אײַן פאַר דיר?

קאָן איך דען פאַרשטיין,
וואָס בײַ דיר דערוועקט
מײַן פאַרליבטער בליק,
ווען ער בעט און פרעגט?

רירט ער שטיל דײַן האַרץ,
אָדער שרעקט ער דיך?
האָסט דו מיטלײַד, קינד,
און באַדויערסט מיך?

אָדער לאַכסט דו גאָר
קינדיש, ווילד און פרײַ? —
..............................

זײַ געזונט, מײַן קינד,
כ׳ליב דיך סײַ־ווי־סײַ.

**
*

איך קען אַ מיידל, זייער אַ שיינס,
איך זיץ ביַי איר גאָר גערן:
זי האָט אַ לאַנגן, שוואַרצן צאָפּ,
אַ שמאָלן, גלאַטן שטערן.

אַ מויל אַ קליינס, אַ פרישס, אַ רויטס,
וואָס עפנט זיך גאַנץ אָפּט;
צוויי ברוסטן קליינע און אַ האַרץ,
וואָס ציטערט און עס האָפּט.

ביַי איר אין שטוב איז אויפגערוימט,
דאָס בעט איז צוגעבעט...
מיר זיצן, ריידן, שעהן־לאַנג —
איך ווייס נישט וואָס מען רעדט.

די ליפּן אירע רירן זיך.
— וואָס האָט מאַרי געזאָגט?
„היַינט האָט די מאַמע אונדזער דינסט
פון שטוב אַרויסגעיאָגט".

— אַזוי? די דינסט? — פאַרטראַכט איך מיך
אוי־וואַ! אַ מאָדנע זאַך...
איך וואָלט די ליפּן אויסגעקושט,
און זיך, און רייד, און לאַך.

אין דרויסן פאַלט די נאַכט שוין צו:
— „וואָס האָט איר איַיך פאַרטראַכט?"
איך כאַפּ מיך אויף: וווּ בין איך דען?
און זאָג: אַ גוטע נאַכט!

# די פאַרלאָזטע כלה

(פאָלקסמאָטיוו)

Brei — lech koif ich mir far gelt

shlog ich zei tzu — za — men

boi ich mir a shi — fe — le tzu

fo — rn i — ber ia — men

loz ich mich in weg a — rain

in dem weg in wai — tn

shpreit ich mit a ze — gl oif a

lan — gn un a brei — tn

I

ברעטלעך קויף איך מיר פאַר געלט,
שלאָג איך זיי צוזאַמען,
בוי איך מיר אַ שיפעלע
צו פאָרן איבער ימען.

לאָז איך מיך אין וועג אַרײַן,
אין אַ וועג אַ ווײַטן;
שפרייט איך מיר אַ זעגל אויף,
אַ לאַנגן און אַ ברייטן.

שפרייט איך מיר אַ זעגל אויף,
בלאָזט אים אויף דער ווינט.
— ווינט, דו ווינט, מײַן שיפל טראָג
צו יענעם ברעג געשווינד!

אויפן ברעג פון גרויסן ים
איז אַ שטאָט פאַראַן,
גייט זיך דאָרט שפּאַצירנדיק
אַ בלאָנדער יונגערמאַן.

רעדט און שמייכלט חנעוודיק,
לאַכט און זינגט אַ ליד...
ווייסט ער כאָטש, אוי, פילט ער כאָטש
מײַן האַרץ, מײַן שווער געמיט?!

II

צווישן טאָג און נאַכט בײַם ברעג
בלײַבט מײַן שיפל שטיין;

זע איך אים שפּאַצירן דאָרטן
מיט אַ מיידל גיין.

האָט ער מיך דערזען און שרײַט:
— „רחלע, דו, מײַן!"
לויפט ער צו און שפּרינגט צו מיר
אין שיפעלע אַרײַן;

קושט ער מיך און האַלדזט ער מיך,
נעמט ער מיך אַרום...
פּלוצלינג לויפט דאָס מיידל צו
און קערט מײַן שיפל אום.

פאַלן מיר אין ים אַרײַן,
שלינגט אַ פיש אונדז אײַן...
שווימט אַוועק מײַן שיפעלע
טרויעריק, אַליין.

שווימען שווימט עס טאָג און נאַכט,
בייזע ווינטן יאָגן...
ווער עס וועט מײַן שיפל טרעפן,
זאָל ער קדיש זאָגן.

***

שיינע יוגנט, פרעג נישט, זוך נישט!
אײַל צום לעבן גיך, געשווינד!
ס׳לויפן טעג, חדשים, יאָרן —
אַלצדינג טראָגט־אַוועק דער ווינט.

איבער בערגער, איבער טאָלן
בלאָזט אַ ווינט מיט שטאַרקער מאַכט,
שלעפּט־אַוועק דאָס גאַנצע לעבן
צו דער אומבאַקאַנטער נאַכט.

שיינע יוגנט, פרעג נישט, זוך נישט —
טרינק פון בעכער, ווען ער שוימט!
ביז דו פרעגסט און ביז דו ענטפערסט,
האָסטו שוין דײַן גליק פאַרזוימט.

***

עס בלייכט אויפן הימל מײַן שטערן
און בלאָנדזשעט, ווי איך אויף דער ערד.
אָ, פרעג מיך נישט — ווינקט ער מיר טרויעריק,
איך ווייס נישט — וואָס דיר איז באַשערט.

ווילסט וויסן, ווו ס׳טראָגט זיך דײַן מזל?
דו זעסט דאָך, איך בלאָנדזשע אַליין;
אוי, טונקל איז הײַנט אין די הימלען,
נישטאָ מער די געטלעכע שײַן.

מיר בלאָנדזשען, ווי שאָף אָן אַ פּאַסטוך,
אין אייביקן וועלטאַל אַרום...
אָ, פרעג נישט קיין שאלות, מײַן קינד —
עס בלאָנדזשעט הײַנט אַלץ אומעטום.

## פון מיכה ו׳

עס ציטערן טורעמס און ווערן צעשטערט,
עס וואַקלט זיך שיכור די זינדיקע ערד.
און איר, אָ, צופרידענע, רויקע לײַט,
פאַרטאַנצט און פאַרהוליעט די ביטערע צײַט!
און זעט ניט וואָס ס׳טוט זיך, און ווייסט ניט וואָס שאַפט
אויף מאָרגן די רויע, די אײַזערנע קראַפט;
און ליגט אײַך באַרויִקט אויף בעטן פון בייז,
דערוואַכט נאָר צום פרעסן, צום זויפן דעם ווײַן.
אויך האַרפן, ווי דוד, פאַרשאַפט איר אײַך פיל,
די צײַט צו פאַרטרײַבן אין לוסטיקן שפיל.
נאָר טאַנצן, נאָר הוליען, נאָר זויפן און פרעסן,
אין פרעמדן, אין אייגענעם לעבן פאַרגעסן!

„נישט צו שטראָפן אײַך האָט
מיך געשיקט אונדזער גאָט! —
אײַך וועט טרעפן זײַן שטראָף,
ווי אַ דונער אין שלאָף...
נאָר באַפוילן מיר האָט
דער אַלמעכטיקער גאָט:
אײַך אין פנים צו שפּײַען,
אין די גאַסן צו שרײַען:
אוי, איך האַס און פאַראַכט
אײַער לעבן און פּראַכט!

## דער נביא

העם ההולכים בחושך

און זאָל דער וואָלקן זײַן ווי דיק,
דאָך שײַנט אים דורך מײַן שאַרפער בליק.
און ווען דער עולם זאָגט: „ס׳איז נאַכט״,
און ליגט פאַרחושכט און פאַרשמאַכט,
דאַן זע איך גיין אין הימל פרײַ
די ליבע זון. און וועק און שרײַ:
ס׳איז טאָג! אַ וואָלקן נאָר פאַרשטעלט
די זיסע ליכט פון אײַער וועלט.

עס בלאָזט אַ ווינט. איך ווייס, איך הער:
קוים קומט דער שטורעם נאָר אַהער
צערײַסט ער באַלד די שוואַרצע דעק
און טראָגט דעם וואָלקן ווײַט אַוועק.
דאָס בלינדע פאָלק! אַ העלע ליכט
באַשײַנט מײַן וועג און מײַן געזיכט...

# פליגלמאַן

## I

### ווער און וואָס איז פליגלמאַן און וועגן זײַנע באַקאַנטע

פליגלמאַן איז אַ יונגערמאַן פון עטלעכע און דרײַסיק יאָר. ער האָט אַ קלײנעם, אַ ביסל אײַנגעהויקערטן גוף, אַ גרויסן, קרומען שטערן און אַ קלײן בלאָנד בערדל. די אויגן זײַנע זעען־אויס ווי פאַרלאָפן מיט פאַרע. עס דוכט זיך, אַז מען דאַרף זיי נאָר מיט אַ טיכל איבערווישן, כּדי זיי זאָלן העל גלאַנצן.

ניט זעלטן, גײענדיק פאַמעלעך איבער דער רוישנדיקער גאַס, אויף אַ לעקציע אײַנגעבויגן, האַלטנדיק די הענט אין די טאַשן, טראַכט ער, אַז אויף דער וועלט האָבן געלעבט אַ סך גרויסע מענטשן: בודאַ, שפּינאָזאַ, קאַנט און נאָך אַ סך אַנדערע, און ער, דעם קוניוועדער שמשׂ אַ זון, ווייסט זייערע פילאָסאָפישע סיסטעמען אויף קלאָר און קאָן נאָכזאָגן אַלץ, וואָס ער האָט געלייענט פון זיי, וואָרט בײַ וואָרט.

און אַז אויף דער גאַס איז אַ שײן וועטער, די דראָזשקעס * האַקן גראָד נישט אין די אויערן, און אויף דער לעקציע ברויך מען זיך נישט צו אײַלן, טראַכט ער נאָך מיט פאַרגעניגן, אַז אין תּוך אַרײַן זײַנען אַלע פילאָסאָפן נישט איבעריק קלוג געווען; יעדערער האָט זיך פאַרמאַכט אין זײַן ווינקעלע, געטראָפן, דאָך אַ ביסל נאָר געטראָפן; און ער, פליגלמאַן, ווייסט אַלץ, וואָס זיי האָבן אויפגעטאָן, און נאָך ווייסט ער, אַז דער עיקר, דער תּוך כּל־התּוכות, איז דאָס לעבן, דאָס לעבן אַלײן טאַקע.

---

* אָפענע קאַרעטקע מיט געבעטע זיצערטער, באַנוצט אין גרויסע שטעט.

און פון זײַן לעבן איז פליגלמאַן צופרידן. די ערשטע פינף יאָר אין װאַרשע זײַנען אָנגעקומען אַ ביסל שלעכט, נאָר דעמאָלט איז ער געװען אַ מענטש אָן פעסטע איבערצײַגונגען, אָן אַ װעלט־אָנשױאונג, און פון יענעם לעבן האָט פליגלמאַן נישט ליב צו טראַכטן. זינט אַכט יאָר אָבער האָט ער זיך בעסער אײַנגעריכט, באַקומען גוטע לעקציעס און האָט אָנגעהויבן לעבן רויִק, לויט פעסטע פּרינציפּן, אַ ביסל אָפּגעזונדערט פון דער װעלט, אַליין אין זײַן צימער אויף דעם פינפטן שטאָק.

זײַן צימער איז שטענדיק אויפגערוימט אויף אַ באַזונדערן אַרט, אויף פליגלמאַנס אייגענעם אַרט. מיט דער דינסט באַניצט ער זיך נישט, זײַענדיק איבערגעצײַגט קעגן יעדער קנעכטשאַפט. און אַז מען ברויך די פּאָדלאָגע צו װאַשן, װאָס ער קאָן אַליין נישט טאָן, האָט ער פּרעטענזיעס צו זיך אַליין און װאַרפט זיך פאָר, אַז ער מאַכט קאָמפּראָמיסן, און װערט איבערגעצײַגט, אַז אַן אָרנטלעכן מענטשן איז לעת־עתה זייער שװער צו עקסיסטירן אויף דער װעלט.

באַקאַנטע האָט ער אַ סך, נאָר נאָענטע מענטשן — גאָר װייניק. צװישן זײַנע באַקאַנטע יונגעלײַט האַלט מען אים פאַר זייער אַ גע־בילדעטן, פאַר אַ פילאָסאָף און אַן עסטעט, נאָר ריידן רעדט מען פון אים נישט. גאַנצע חדשים פאַרגעסט מען אין אים גאָר; ערשט אַז מען ברויך געלט אויף עפּעס אַ זאַך, דערמאָנט מען זיך אין אים; דעמאָלט רופט זיך איינער אָן:

— אָ! אין פליגלמאַנען האָט מען גאָר פאַרגעסן!

— טאַקע! — זאָגט דער אַנדערער, און אַלע פאַרװונדערן זיך, װאָס פליגלמאַן איז זיי נישט געקומען אין קאָפּ אַרײַן.

און אַז מען קומט צו אים, איז פליגלמאַן מכבד מיט טיי, פרעגט זיך נאָך װעגן אַלע באַקאַנטע, גיט געלט, נאָר גלאָט זיך שפּאַרן אַזוי, האָט ער נישט ליב און זעט, אַז דער שמועס זאָל נישט צו נאָענט צוקומען, ער זאָל ניט באַרירן, װי ער דריקט זיך אויס, זײַן װעלט־אָנשױאונג. דער באַקאַנטער גייט־אַװעק צופרידן, פאַרציילט די

חברים, און אַלע רימען פּליגלמאַנען זייער און פאַרגעסן ווידער באַלד פון אים אויף עטלעכע חדשים.

נאָענטער פאַר אַלע איז אים לעוואַנטקאָווסקי, אַ לערער, אַ טאַטע פון זעקס קינדער און אַ גרויסער אָרעמאַן, נאָר זייער אַ פריילעכער. באַקענט האָבן זיי זיך אין אַ בוכהאַנדלונג. לעוואַנטקאָווסקי האָט עפּעס אַ מאָדנע תאווה צו ביכער. קוים דערשפּירט ער אַ ניי בוך, אויף העברעיִש אָדער אויף ייִדיש, און ער קאָן עס דערוויַיל נישט קויפן, ווערט ער זייער טרויעריק און אויפגערעגט, און זיצנדיק ביי פּליגלמאַנען, וויל ער נישט טרינקען קיין טיי. פּליגלמאַן באָרגט אים אַ סך מאָל געלט און האָט דערפון עגמת־נפש, ווייל לעוואַנטקאָווסקיס ווייב האַלט אים פאַר *, צו וואָס ער באָרגט אים געלט.

מיט לעוואַנטקאָווסקין איז פּליגלמאַן אָפנהאַרציק און רעדט מיט אים אַ סך מאָל פון זיך אַליין:

— די פּאָעטן מיינען, אַז נאָר זיי אַליין פילן די שיינקייט פון דער נאַטור. ס'איז אַ ליגן. דער אונטערשייד איז נאָר, וואָס זיי קאָנען דאָס געפיל אַרויסגעבן אין אַ פּאָעטישער פאָרעם, און איך קאָן נישט; איך באַשעפטיק זיך נישט דערמיט. צום ביישפּיל: איך צאָל אַ רובל טייערער פאַר מיין צימער, נאָר ווייל ביינאַכט שיינט אַריין די לבנה. איך בין אַן אָפּענער מענטש, איך האָב זיך אויסגערעדט מיט דער ווירטין, אַז איך צאָל אַ רובל טייערער נאָר מיט דער באַ־דינגונג, אַז אין צימער איז דאָ די לבנה. איר ווייסט, לעוואַנטקאָווסקי, דער המון, דאָס פּראָסטע פאָלק, איז, פאַרשטייט זיך, גראָב. שטעלט אייך פאָר, מיין ווירטין האָט געשמייכלט, אַז איך האָב זי געפרעגט, צי ביינאַכט שיינט די לבנה אין צימער, און, פאַרשטייט איר, זי איז איבערגעצייגט, אַז איך בין אַ נאַר... מיט איין וואָרט, איך זאָג אייך, לעוואַנטקאָווסקי, אַז אַן אָרנטלעכן, קלוגן מענטשן איז שווער צו לעבן אויף דער וועלט, יאָ!

---

* פאַרהאַלטן, פירהאַלטן — פאָרוואַרפן, אויסזעצן, האָבן פאַראיבל, אַ טענה.

פליגלמאַן רעדט רוסיש. לעוואַנטקאָווסקי פאַרשטייט נישט די שווערע ווערטער, נאָר מודה איז ער, און לייענט אים פאָר אַ שיר וועגן דער טבע.

— אַ גוטער שיר, — ענטפערט פליגלמאַן — איר וואָלט גאָר געברויכט צו האָבן אַ טיפערן פילאָסאָפישן בליק. אַ שטייגער, איר זאָגט: „מה יפה הטבע, על כל הר וגבע". אָן אמתער פּאָעט פילט, אַז דער באַרג און דער הימל און די ערד און די גאַנצע נאַטור איז פונקט דאָס אייגענע, וואָס מיר אַליין...

— ווי הייסט? — פרעגט לעוואַנטקאָווסקי און דאָס פּנים זײַנס ווערט וויינענדיק־ערנסט, אין אָפּענעם מויל זעען זיך לאַנגע צווויי שורות ציין, און זײַן האַנט ציטערט אין דער לופט.

— עס איז אַזוי. איך, צום בײַשפּיל, פיל עס גאַנץ גוט. עס טרעפט אַ סך מאָל, וואָס איך פיל, אַז איך און דער הימל און די לבנה איז אַלץ איינס, איין אַבסאָלוט, פאַרשטייט איר, נאָר אין פאַר־שיידענע פאָרמען...

— הערסט דו?! אין פאַרשיידענע פאָרמען! דאָס האָב איך דאָך באַלד געזאָגט. הײַנט, מילא, וואָס ווילט איר? איז דאָך ווידער גוט!

און לעוואַנטקאָווסקי וואַרפט אַזוי מיט דער האַנט, אַז פליגלמאַן ווערט־אָן דעם מוט: ער האָט פײַנט, אַז מען צעקאָכט זיך.

— יאָ, דער שיר איז גוט, — זאָגט ער, — מיר וועלן נאָך ריידן דערפון, אַ גוטע נאַכט.

טייל מאָל, אַז ער גייט־אַרויס, גייט אים נאָך לעוואַנטקאָווסקיס ווײַב, אַ ייִדענע מיט אַ געלבלעך פּנים און מיט אײַנגעפאַלענע ברוסטן, און שטעלט אים אָפּ:

— פּאַני פליגלמאַן, טאָמער קאָנט איר באָרגן פּופּציק קאָ־פּיקעס?

פליגלמאַן באָרגט אין האַלט זיך אַ ביסל אויף אין הויז, ווײַל באַלד דערהערן זיך פון שטוב געשרייען פון מאַן און ווײַב. לעוואַנט־קאָווסקי וויל פּופּצן קאָפּיקעס אויף טאַבאַק, דאָס ווײַב וויל נישט

געבן; לעוואַנטקאָווסקי זאָגט, אַז ווען נישט ער, וואָלט פליגלמאַן איר נישט געבאָרגט. דאָס ווײַב ענטפערט:

— דו ביסט נישט ווערט מיט אים צו ריידן!

לעוואַנטקאָווסקי ווערט שטיל. עס הערט זיך נאָר, ווי ער גייט־אַרום אין שטוב, און אויף פליגלמאַנס פּנים צעגיסט זיך אַ צופריי־דענער שמייכל, וואָס ליגט שוין אַזוי אויפן פּנים ביז ער קומט־אַהיים און זעצט זיך לייענען.

לייענען לייענט ער לאַנג, פּאַמעלעך, שטענדיק אין דער אייגע־נער פּאָזע, זיצנדיק, און מיט דעם אייגענעם, ערנסטן, רויִקן אויסדרוק אויפן פּנים. טרעפט זיך אַ מערקווירדיק אָרט, שטעלט ער זיך אָפּ, לייענט עס נאָך אַ מאָל דורך, און קען עס אויף אויסנווייניק, ציט די וואָנצע און לייענט ווײַטער, אַלץ ווײַטער, און עס דוכט זיך, אַז זײַן מוח וואָלט נאָר קיין מאָל נישט מיד געוואָרן צו שלינגען די זײַטלעך, ווי די לונגען — לופט. עס גייט־דורך אַ צײַט, ער נעמט־אַרויס דאָס זייגערל, און אויב ס׳איז שוין עלף, מאַכט ער צו דאָס בוך, ציט נאָך אַ מאָל די וואָנצע און אויף זײַן פּנים צעגיסט זיך אַ מאָדנע זיסקייט.

און אַז די לבֿנה איז דאָ אויפן שטיק הימל, וואָס זעט זיך דורכן פענצטער, לעשט ער אויס דעם לאָמפּ, רוקט־צו דעם שטול צום פענצ־טער און קוקט אויף דער לבֿנה. ער רויכערט אַ פּאַפּיראָס, ציט אים לאַנגזאַם, אַ רויך צעלייגט זיך אין דער בלווילעכער לופט, און אין דעם נעפּל שווימט די לבֿנה, פּאַמעלעך, פרום און ערנסט... אַן אַלטן, חסידישן, טרויעריקן ניגון, די אײנציקע מעלאָדיע, וואָס פליגלמאַנס אויערן האָבן אויפגעכאַפּט אין זײַן לעבן — ברומט ער צו דערבײַ; דער נעפּל צעטראָגט זיך, דער טונקעלער הימל מיט דער לבֿנה ווערן העכער, און פליגלמאַן האַלט דעם קאָפּ געהויבן אין דער הויך, קוקט לאַנג און פילט, אַז ער און דער הימל און די לבֿנה און די גאַנצע וועלט זײַנען איינס, איין אַבסאָלוט אין פאַרשיידענע פאָרמען, און אַז דאָס לעבן איז אַלץ. ליגנדיק דערנאָך אויפן בעטל, ווערט ער אַנטשלאָפן מיט דעם געדאַנק, אַז דאָס ערלעכסטע, קליגסטע לעבן

איז דערבײַ אױך דאָס בעסטע און דאָס שענסטע, אַז זײַן לעבן איז רײַך אױך מיט פּאָעזיע.

אָט אַזאַ מענטש איז פליגלמאַן.

## II

װעגן פליגלמאַנס ערשטער ליבע

פון ליבע האָלט פליגלמאַן זײער.

— ליבע — פלעגט ער זאָגן — איז דער הױפּט־פּרינציפּ פון לעבן. דאָס לעבן אָן ליבע האָט נישט קײן זין און פאַרלירט זײַן פאַרטײדיקונג. אַ מענטש, װאָס איז נישט גענײגט פון דער נאַטור צו ליבע, איז װײניקער װערט װי אַ מענטש װאָס קען נישט לײענען און שרײַבן.

און פליגלמאַן איז פון דער נאַטור זײער גענײגט געװען צו ליבע. נאָר אַז מען לעבט אַ פאַרשטענדיק, קלוג לעבן, דאַרף מען זיך ריכטן צו זײַן אָפּגעזונדערט און עלנט.

— איך קאָן נישט קײן ליגן זאָגן, איך קאָן נישט חנפענען — פלעגט ער זיך טרײסטן פאַר זײַן אומגעשיקלעכקײט בײַ פרױען.

און געהאָפט האָט ער שטענדיק, אַז עס װעט זיך טרעפן אַזאַ נשמה, װאָס װעט זײַן נשמה פילן, אַז דײַטלעך רײדנדיק קאָן קײן פּלאַכע נשמה אים נישט ליב האָבן.

אַמאָל, נאָך דעם װי ער האָט זיך איבערגעצױגן אױף אַ נײַער דירה, האָט ער באַמערקט אין אַ קעגנאיבערדיקן פענצטער אַ בלײכלעכע געשטאַלט מיט שװאַרצע האָר, אין אַ העלער בלױזע און מיט אַ שנײ־װײַסן, שטײַפן קאָלנער. אױגן, גרױסע און שװאַרצע, האָבן געקוקט גלײַך צו זײַן פענצטער. עס איז געװען אין דער פרי. אין דרױסן איז געװען ליכטיק. אַ העלע שײַן איז געלעגן אױף אַ האַלבער, קעגנאיבערדיקער מױער. די פענצטער זײַנען געװען אָפן, און דאָס

מיידל האָט געהאַלטן די האַנט איבער די אויגן און האָט געקוקט. פליגלמאַן האָט אויך געקוקט. דאָס מיידל האָט אַראָפּגעלאָזט די אויגן פאַרשעמט, איר ברוסט האָט זיך באַוועגט, עס האָט זיך געדוכט, אַז זי האָט אָפּגעזיפצט. פליגלמאַן האָט אַלץ געקוקט אויף איר מיט אַנטציקונג. נאָר דאָס מיידל האָט ווידער אויפגעהויבן די אויגן און ווידער זיי אַראָפּגעלאָזט פאַרשעמט, און די ברוסט האָט זיך ווידער באַוועגט... פליגלמאַן האָט אַ קלאַפּ־געגעבן מיט צוויי פינגער אויפן פענצטער און געזאָגט צו זיך:

— גענוג!

און איז אַוועקגעגאַנגען פון פענצטער צופרידן, וואָס ער האָט זיך אַליין באַזיגט, וואָס ער האָט ווײַטער נישט געקוקט, כאָטש דאָס האָט זיך אים אַזוי געוואָלט.

„דער גרעסטער נצחון פון אַ מענטשן איז, אַז מען איז זיך אַליין מנצח“, האָט ער געטראַכט דערנאָך, גייענדיק איבער דער גאַס אויף דער לעקציע. נאָר זיצנדיק אויף דער לעקציע האָט ער געפילט, אַז ער איז עפּעס אומרויִק, אין דער זײַט ביים האַרצן האָט זיך עפּעס אַלע ווײַלע צוגערוקט, עפּעס אַ נאָג געגעבן און ווידער זיך אָפּגע־רוקט; די שוואַרצע האָר און די העלע בליוזע מיטן ווײַסן קאָלנער האָבן געציטערט אין מוח, און בכלל איז ער געווען אויפגערוימט, עפּעס הײַטער, ווי ער פלעגט אַמאָל זײַן ערב פסח, אין די אַלטע, אַלטע יאָרן.

„הם... יאָ“... — האָט ער געטראַכט פאַר זיך אַ גאַנצן טאָג, געווישט מיט די הענט די וואָנצעס און האָט כמעט קיין איבעריק וואָרט נישט אַרויסגערעדט, באַהאַלטנדיק פון זיך עפּעס אַ סוד. זײַן פּנים האָט אַ גאַנצן טאָג געשמייכלט.

בײַנאַכט, ליגנדיק אין בעט, קוים האָט ער די אויגן צוגעמאַכט, האָט זיך דאָס בעטל אויסגעדרייט, און ער איז אויסגעקומען מיט די אויגן צום פענצטער, ער האָט אַלץ געטראַכט וועגן דער געשטאַלט, און אין פינצטערן פאַן זײַנען געלאָפן פיל, פיל פײַערדיקע פינטע־לעך און עפּעס ווײַס האָט זיך נאָכגעשלעפּט, ווי אַ לײַכטער נעפּל.

געדוכט האָט זיך, אַז די פֿינטעלעך, פֿליִענדיק, מאַכן אַ גלײַכע געאָמעטרישע ליניע פֿון יענעם פֿענצטער צו זײַנעם. אין מיטן האָט ער זיך דערמאָנט, אַז ער ליגט גאָר מיטן קאָפּ צום פֿענצטער, און האָט זיך אָנגעהויבן צו אָריענטירן אין בעט. קוים האָט ער דערטאַפּט די וואַנט און האָט געעפֿנט די אויגן, איז דאָס בעטל אויסגעדרייט געוואָרן, און ער האָט געקוקט גלײַך אויפֿן ווײַסן אויוון. ער האָט זיך אויפֿגעזעצט, אויסגעדרייט דעם קאָפּ. אַקעגנאיבער איז געווען פֿינצטער. ער האָט זיך צוריקגעלייגט, און אין אַ פּאָר מינוט אַרום איז דאָס בעטל ווידער אויסגעקומען פֿאַרקערט.

— המ... — האָט ער געשמייכלט צו זיך אין געדאַנק און איז אײַנגעשלאָפֿן מיט עפּעס אַ פֿרישן חלום.

צומאָרגנס איז דאָס מיידל ווידער געזעסן בײַם פֿענצטער. זי האָט געלייענט אַ בוך, און פֿליגלמאַן האָט געקאָנט קוקן, וויפֿל ער האָט געוואָלט, נאָר דאָס מיידל האָט פּלוצלינג אויפֿגעהויבן די אויגן און געקוקט אויף אים, גלײַך אויף אים, און אין דעם בליק איז עפּעס געווען.

„די נשמה פֿון אַ מענטשן שפּילט זיך אָפּ אין בליק און אין געלעכטער“, האָט ער געחזרט פֿאַר זיך עפּעס אַ פֿראַזע פֿון לאַנג, גאָר לאַנג שוין דורכגעלייענטן בוך. „מערקווירדיק, ווי גוט געזאָגט“.

ער איז צוגעגאַנגען צו זײַן קליין שפּיגעלע, אײַנגעקוקט זיך אין זײַן פּנים און האָט געפֿונען, אַז זײַן בליק איז גאָר אינגאַנצן אַן ענלעכער צו איר בליק. עס איז קיין ספֿק נישט געווען, אַז ער געפֿעלט איר: „אַ נשמה אַ נשמה פֿילט“.

אַזוי האָט עס זיך געפֿירט צוויי וואָכן. דאָס מיידל איז געזעסן בײַם פֿענצטער און פֿליגלמאַן האָט געקוקט. אַ מאָל, אַז ער האָט געקוקט אויף איר, האָט זי פּלוצלינג, ווי געוויינטלעך, אויפֿגעהויבן די אויגן, נאָר נישט ווי געוויינטלעך — האָט זי זיי אַראָפּגעלאָזט און געקוקט אים מיט שטאָלץ אין די אויגן אַרײַן אַזוי לאַנג, ביז ער, פֿליגלמאַן, האָט אַראָפּגעלאָזט די אויגן פֿאַרשעמט! דערנאָך, אַז ער האָט בגנבה נאָך געוואָרפֿן אויף איר אַ בליק, איז אויף איר פּנים

געלעגן אַ שמייכל און איר ברוסט האָט זיך אַזוי פרײַ באַוועגט... פליגלמאַן האָט זיך געפילט באַזיגט דורך אַ מיידל.

— אַ שטאַרק פאָלק — האָט ער דעם זעלביקן טאָג גערעדט מיט לעוואַנטקאָווסקין, זיצנדיק בײַ זיך אין צימער און טרינקענדיק טיי — אַ שטאַרק פאָלק זײַנען די פרויען...

— אַהאָ האָט לעוואַנטקאָווסקי געענטפערט און האָט אָנגעהויבן צו דערציילן עפּעס פון זײַן ווײַב.

— וואַרט, לעוואַנטקאָווסקי, פאַרשטייט איר, איר פאַרשטייט מיך שלעכט — איך גיי נישט אַרויס פון דעם שטאַנדפּונקט. איך רייד וועגן דעם, אַז שטרײַטנדיק האָבן זיי אַ סך מער טאַקט און זיכערקייט ווי מאַנסלײַט, ווײַל זיי זײַנען זיכער אין זייער קראַפט, אין זייער שיינקייט, אייגנטלעך איז דאָך שיינקייט אַלץ; די עסטעטישע איז דאָך די העכסטע וועלט־אָנשויאונג, דײַטלעך ריידנדיק.

לעוואַנטקאָווסקי האָט, ווי געוויינטלעך, ווען זײַן חבר האָט זיך אַרײַנגעלאָזט אין עפּעס אַ הויכן שמועס, געשוויגן, געזופּט טיי און אָנגעשטעלט עפּעס אַ מין ערנסטע מינע, ווי אַ קינד, בשעת אַ זיידע בענטשט אים. טייל מאָל נאָר האָט ער אָנגעקוקט פליגלמאַנען, אַ זיפץ־געגעבן און צוריק אָנגענומען די ערשטע פּאָזע. פליגלמאַן האָט ווײַטער גערעדט:

— דעם אמת ריידנדיק ווייסן מיר דאָך גאָרנישט. די פּסיכאָלאָגישע עלעמענטן זײַנען אַזוי פאַרווירט, אַז עס איז זייער גרינג צו ווערן אַ מיסטיקער. צום בײַשפּיל: איר טרעפט עמעצן אויף דער גאַס, לאָמיר אָננעמען, צום ביישפּיל, אַ מיידל; איר קוקט זי אָן, זי — אײַך, און די צוויי בליקן האָבן צווישן זיך געהאַלטן אַ וויכוח, געקעמפט, איינער האָט געזיגט... און ווי אַזוי איז דאָס צוגעגאַנגען?... אָט הייבט זיך אָן ספּיריטואַליזם. נאָר, פאַרשטייט איר, דער ריינער פאַרשטאַנד הייסט אויף אַלץ זוכן באַשייד, אַלץ בינדן לויט דעם געזעץ פון אורזאַכלעכקייט, און וווּ מען ווייסט נישט שטעלן אַ פראַגעצייכן, נישט פאַרלאָזן זיך אויף סודות... איך ווייס אויף זיכער

פון אייגענער פּראַקטיק, אַז ווען נישט מײַן פאַרשטאַנד, וואָלט איך שוין לאַנג געווען אַ מיסטיקער. יאָ!

— איר האָט אַ סך געלייענט... האָט לעוואַנטקאָווסקי אָפּגעזיפצט.

— לייענען איז נישט דער עיקר. — פליגלמאַן איז געוואָרן זייער ערנסט — פאַרשטייט איר, די פילאָסאָפיע וויל פון דער טעאָ־ריע מאַכן דאָס לעבן, נאָר דאָס לעבן איז אַ סך ברייטער, אַ סך... מען ברויך פון לעבן, פון פּראַקטיק, זוכן די וואָרהייט... פאַרשטייט עס, קלערט וועגן דעם.

בײַנאַכט האָט געשײַנט אַ קײַלעכדיקע, ריינע לבנה. זי איז אַרויס פּונקט פון אונטערן קוימען פון אַ קעגנאיבערדיקן דאַך; איבערן הימל האָבן זיך געטראָגן לײַכטע, נידעריקע וואָלקנדלעך, און די לבנה צווישן זיי איז געלאָפן, געלאָפן און אַלץ אויף איין אָרט גע־שטאַנען; אויפן הויף איז אַלץ געווען באַגאָסן מיט אַ בלויילעכער לופט, אין אַ קעגנאיבערדיקן פענצטער האָט זיך נאָך געלײַכט, נאָר די ראָליעט איז געווען אַראָפּגעלאָזט, און פליגלמאַן איז געזעסן בײַם פענצטער און זײַן בליק האָט זיך געוואָרפן צווישן הימל און פענצטער.

די ראָליעט האָט זיך אויפגערוקט און אַרויסגעקוקט האָט אַ באַקאַנטער קאָפּ. די אָרעמס, צוויי נאַקעטע אָרעמס פון אַ יונג מיידל, האָבן זיך געזען, די האָר זײַנען געווען צעוואָרפן... און פליגלמאַנס אויגן האָבן זיך געשווינד אויפגעהויבן צו דער לבנה.

„אַ כיטרע פאָלק״, האָט ער געטראַכט און איז אײַנגעשלאָפן אויפגערעגט.

אַמאָל, פאַרנאַכט, איז פליגלמאַן געזעסן איבערן בוך און האָט געלייענט. אין דרויסן איז געווען אַ שטאַרקער רעגן, בליצן האָבן געבליצט און דונערן האָבן געשלאָגן מיט אַזאַ אימפּעט, אַז נאָך יעדן קלאַפּ איז פליגלמאַן צוגעלאָפן צום פענצטער צו איבערצײַגן זיך, צי אַלץ אַרום אים איז גאַנץ, און האָט געזען, אַז אַקעגנאיבער קוקט אַרויס זי. געדוכט האָט זיך, אַז זי האָט אים נישט באַמערקט, זי איז געזעסן אָנגעלענט מיטן קאָפּ אויף דער האַנט, און די אויגן

זײַנען געווען מוראדיק: געקוקט האָבן זיי אויף דעם שוואַרצן וואָלקן, און אין זיי איז געלעגן אַ טרויער, אַ סך אַ שווערער ווי דער וואָלקן אויבן... פליגלמאַן איז אומגעדולדיק אַרומגעגאַנגען איבערן צימער.

דאָס געוויטער האָט זיך געענדיקט, אין דרויסן האָט זיך באַוויזן אַ שײַן פון דער זון, אַלץ איז געווען אָפּגעוואַשן און פריש. פליגלמאַן איז געשטאַנען בײַם פענצטער און געקוקט. דאָס מיידל האָט אויך אַ סך מאָל אויפגעהויבן די אויגן און איר בליק איז געווען דרייסט. פליגלמאַן, אין אָנהייב אַ ביסל פאַרשעמט, דערנאָך אַלץ דרייסטער און דרייסטער, האָט געקוקט אויף איר אָן אויפהער, און דאָס פּנים זײַנס האָט זיך צוגעגרייט צו אַ שמייכל. דאָס מיידל האָט ווידער אויפגעהויבן די אויגן און איז עפּעס פּלוצלינג אַוועקגעגאַנגען, צו־ריקגעקומען עטלעכע מאָל, און זי האָט אויסגעזען זייער אומרויִק.

„די ריכטיקע צײַט“, האָט פליגלמאַן געטראַכט און האָט זיך אונטערגעגעבן מוט... ער האָט אַ שאָקל געגעבן מיטן קאָפּ, און אַ זיסער שמייכל האָט זיך צעגאָסן אויף זײַן פּנים — — —

נאָר דאָס מיידל האָט זיך ראַש אויפגעשטעלט, אַ גרויסע רויטע צונג האָט זיך באַוויזן, און די ראָליעט איז ראַש אַראָפּגעפאַלן...

עטלעכע סעקונדעס האָבן געדויערט ביז פליגלמאַן איז געקומען צו זיך. און אַז ער האָט זיך אומגעקוקט, איז די ראָליעט געווען אַראָפּגעלאָזט און אין דער זײַט האָט זיך געזען דער רעגנבויגן.

בײַנאַכט, ליגנדיק אין בעט, האָט ער שטאַרק געביסן די ליפּן און ער האָט נישט געקאָנט געפינען דעם ריכטיקן אויסדרוק פאַר דעם געפיל, וואָס ער האָט איצט געטראָגן אין האַרצן צו דעם מיידל: פאַראַכטונג אָדער כעס? פינטעלעך זײַנען ווידער געלאָפן, ווי דע־מאָלט, אין יענער נאַכט, נאָר איצט זײַנען זיי געלאָפן עפּעס גאָר אָן שום אָרדענונג, האָבן זיך צעטראָגן אין אַלע זײַטן, און פאַר די אויגן איז געבליבן נאָר די שוואַרצקייט, און פאַרן שלאָף האָט זיך דאָס בעטל עפּעס געדרייט און געקנײַקלט אין אַ לערן* רוים.

---

* לער —ליידיק.

אויפגעשטאַנען איז ער מיט דעם געדאַנק, אַז ער ברויך אָנצו־שטרענגען זײַן ווילן, כדי צו קעמפן קעגן דעם אומגליק, אַז בײַ אַ קלוגן, פאַרשטענדיקן מענטשן ברויך קיין מאָל דער מוט נישט צו פאַלן, און ריידנדיק מיט לעוואַנטקאָווסקין האָט ער געזאָגט:

— אַ מענטש ברויך צו זײַן פאַרזיכטיק. מען מוז זיך שטענדיק אָנגרייטן קראַפט, כדי צו זײַן גרייט קעגן יעדן אומגעריכטן אומ־גליק, וואָס דערוואַרט אונדז אומעטום. איך קאָן זאָגן, אַז ווען נישט, וואָס איך בין שטענדיק פאָרגעברייט קעגן יעדן אומגעריכטן צופאַל, פאַרשטייט איר, לעוואַנטקאָווסקי, וואָלט שלעכט געווען, יאָ שלעכט וואָלט געווען!

## III

וועגן פליגלמאַנס אָפּגעשוואַכטע נערוון, וועגן זײַן וועלן זחתונה האָבן און ווי אַזוי ער איז משוגע געוואָרן

עס זײַנען דורכגעגאַנגען צוויי יאָר און פליגלמאַנס לעבן האָט זיך ווייניק געענדערט. עס איז נאָר געוואַקסן דאָס בענקשאַפט אין זײַן האַרצן נאָך אַ ווײַב, אַ בענקשאַפט האָט אים אַ סך מאָל זייער צערודערט, און אין דער לעצטער צײַט אויפגערעגט די נערוון און געשטערט צו לייענען. עס האָט זיך געטראָפן, אַז ער האָט פלוצלינג פאַרגעסן גאָר אַ באַקאַנט וואָרט. פאַר די אויגן האָט אים אַ סך מאָל געשווינדלט און אין קאָפּ איז עפּעס אַלץ שיטער געוואָרן און ווי צעשרויפט.

עפּעס האָט זיך אים אָפטער דערמאָנט זײַן קינדהײַט. ער האָט געדענקט דעם פאָטער, אַ קליין, דאַר ייִדל, וואָס האָט שטענדיק גע־הוסט. עפּעס אַ קאַלטע נאַכט האָט זיך געדענקט. דער פאָטער איז אַראָפּגעקראָכן פון בעט מיט אַ הוסט, און אים איז געוואָרן זייער קאַלט, בלײַבנדיק אַליין אויפן געלעגער. ער האָט געדענקט דעם פאָ־טערס טויט: ליגנדיק אויף דער ערד, האָט ער אויסגעזען אַזוי קליין,

אַז ס׳האָט זיך געדוכט, ער האָט זיך אײַנגעקאָרטשעט און אײַנגעשלאָפן. די אײנציקע עלטערע שװעסטער, פליגלמאַנס, האָט שטאַרק געװײנט און געװישט מיט דעם פאַרטוך די נאָז. און אַהײמקומענדיק צוריק פון דער לװיה, האָבן זײ זיך בײדע געשלאָגן און געריסן איבער אַ האַלבן פאָמעראַנץ, װאָס איז געבליבן אויפן פענצטער... דערנאָך האָט ער געגעסן טעג... די שװעסטער איז הײַנט אַ מלמדתטע, װײל אַװדאַי זײַן נאָמען ניט הערן, װײַל ער איז אַן אַפּיקורס. זי האָט אַװדאי אַ סך קינדער, װאָס גײען אַזױ אָפּגעריסן און פאַרשמאַכט, װי לעװאַנטקאָװסקיס קינדער, און ער, פליגלמאַן, געהער זײ אָן אַ פעטער. עפּעס מאָדנע איז דאָס אַלץ אויסגעקומען.

אין נײַעם פאַספּאָרט, װאָס פליגלמאַן האָט באַקומען אַרײַנגעשיקט פון זײַן געבורט־שטעטל, איז ער געשטאַנען אײַנגעשריבן זעקס און דרײַסיק יאָר, און דרײענדיק דעם פאַספּאָרט אין דער האַנט, האָט ער זיך שטאַרק פאַרטראַכט. אים האָט געשראָקן דער געדאַנק, אַז ער האָט שוין פאַרשפּעטיקט חתונה צו האָבן. ער האָט גענומען זוכן באַקאַנטשאַפט. דאָס אָבער איז אים אָנגעקומען זײער שװער.

אין דער לעצטער צײַט האָט ער זיך באַקאַנט מיט עפּעס אַ מײדל, אַ דענטיסטקע. זי איז געװען נישט זײער שײן, אַ ביסל אַ דיקע, מיט אַ פול פּנים, נאָר זי האָט הויך געלאַכט, אַזױ אַז עס איז שװער געװען צו הערן, װאָס זי רעדט, און האָט ליב געהאַט אויפצופלעכטן און צוצופלעכטן אַלע װײַלע די האָר. פליגלמאַן האָט אָנגעהויבן אָפט אַרײַנצוגײן צו איר, און אין האַרצן איז געװאַקסן אַ האָפענונג.

גערעדט מיט איר האָט ער שטענדיק װעגן ביכער, שרײַבערס און פילאָסאָפן. זי איז געזעסן שטיל און האָט אַלץ אויסגעהערט, אויסגעהערט, אין מיטן נאָר פלעגט זי איבערהאַקן:

— איר װילט טײ?

עס האָט געדויערט אַ גאַנצן חודש. אַ מאָל איז זי אַרײַנגעגאַנגען אין דער ערשטער שטוב ברענגען טײ. פליגלמאַן איז געבליבן אַלײן. ער האָט זיך אומגעקוקט אין דער שטוב און האָט נישט גע־

ווּסט, וואָס ער טוט דאָ. ער האָט אַראָפּגענומען דאָס שפּיגעלע פון טיש און האָט עס געדרייט פאַר זײַן פּנים. אין מיטן איז זי אַרײַנ־געקומען מיט טיי.

— איר שפּיגלט אײַך אויך? אַבי איר, מאָנסלײַט, רעדט אויף אונדז, פּרויען, אַז מיר קאָקעטירן! ערלעך, ס'איז אַ געלעכטער.

— יאָ, — האָט פליגלמאַן געצויגן די ווערטער — מיר ווילן אויך געפעלן. ווי דען? איבערהויפּט איך — אײַך.

די לעצטע ווערטער האָט ער אַרויסגערעדט שטיל, מיט נישט קיין זיכער קול. דאָס מיידל האָט נאָר געפרעגט עפּעס ווי פאַר־וווּנדערט:

— אַזוי? — און איז שטיל געבליבן.

פליגלמאַן האָט אויך נישט גערעדט, עס איז געווען עפּעס זייער שווער אין שטוב. דאָס מיידל האָט געעפנט אַ בוך, ער האָט לאַנג געקוקט אויפן אויוון.

— וויפל, צום ביישפּיל, קאָן קאָסטן אַזאַ אויוון? אַ שיינער אויוון... — ער האָט גערעדט שטיל און געפילט, אַז ער רעדט נאַריש און האָט אַ הייב געגעבן די אַקסלען.

זי איז לאַנג געזעסן שטיל, דאָס בוך איז געלעגן אָפן פאַר איר, און זי האָט זיך עפּעס פלוצלינג צעלאַכט.

— לעכערלעך... לעכערלעך... — האָט זי קוים אַרויסגערעדט און אָנגעוויזן מיטן פינגער אויפן בוך, וואָס זי האָט אָבער באַלד צוגעמאַכט. און פליגלמאַן האָט נישט געוווּסט, צי זי האָט געלאַכט פון אים אָדער אין בוך איז אַזעלכעס געווען. אין שטוב איז ווייטער געווען שווער און ענג. עס איז אַרײַנגעקומען אַ באַקאַנטער. זי האָט גאָר אויפגעלעבט, און פליגלמאַן איז אַרויסגעגאַנגען און שוין נישט מער אַרײַנגעגאַנגען צו איר.

די צײַט איז געגאַנגען שנעל איר וועג, אַ טאָג נאָך אַ טאָג איז אַוועק. פליגלמאַן האָט געלעבט זײַן איינזאַם לעבן. די נערוון זײַנען אַלץ מער אומרויִק געווען, אין פּאַספּאָרט איז ער שוין געשטאַנען אײַנגעשריבן אַכט און דרייסיק יאָר...

עס איז אָנגעקומען אַ באַסער, ווינטיקער אָסיען *, וואָס האָט אויף פליגלמאַנען שלעכט געווירקט. קויפנדיק זיך אַ פּאָר קאַלאָשן, האָט ער פאַרגעסן דעם נומער און האָט געקויפט מיט אַ נומער גרעסער, און גייענדיק אויף דער גאַס, האָט ער אַ מינוט נישט געקענט פאַרגעסן זײַן טעות: די קאַלאָשן האָבן זיך אַראָפּגערוקט פון די פיס און האָבן שטאַרק דערקוטשעט. ער איז אין דער לעצטער צײַט מער געגאַנגען איבער דער גאַס אָן שום ציל און האָט כמעט גאָר נישט געלייענט. דער טראָטואַר אויף דער גאַס איז שטענדיק געווען נאַס, די דראָזשקעס האָבן געשפּריצט מיט בלאָטע; לוויות האָבן זיך געצויגן יידישע און קריסטלעכע. עפּעס מיידלעך מיט ביכער אונטערן אָרעם זײַנען אַלע ווײַלע דורכגעגאַנגען, דאָס קלייד אין דער האַנט האַלטנדיק, און די ווײַסע ספּאָדניצע ** איז געווען באַשפּריצט מיט בלאָטע, און זיי האָבן געאײַלט, געאײַלט. פאַרנאַכט איז עפּעס אַ טרעגער געשטאַנען אויפן טראָטואַר, מיט אַ שטריק אַרומגעגאַרטלט, און האָט זיך געשוואָרן, אַז ער האָט אַ גאַנצן טאָג קיין גראָשן נישט פאַרדינט... פליגלמאַן האָט זיך געפילט מיד, אין מוח איז אַלץ אָפּטער שיטער געוואָרן, פאַר די אויגן האָט אַלץ געשווינדלט און איבערן רוקן האָט געבראָכן... ער איז אַרײַנגעגאַנגען צו אַ דאָקטער. דער דאָקטער האָט אים לאַנג רעווידירט, געפרעגט, צי ער איז אַ באַווײַבטער. פליגלמאַן האָט געלייקנט, געזאָגט „יאָ“. דערנאָך האָט אים זייער פאַדראָסן, וואָס ער האָט אַ ליגן געזאָגט.

— איך פיל — האָט ער גערעדט מיט לעוואַנטקאָווסקין — אַז איך ווער אַ פּעסימיסט. אייגנטלעך, איז דאָך דער פּעסימיזם דאָס לעצטע וואָרט פון דער פילאָסאָפיע...

ער האָט עפּעס דערמאָנט וועגן שאָפּענהויערן, נאָר ער האָט אין מיטן אַ בליק געוואָרפן אויף לעוואַנטקאָווסקין, וואָס איז געזעסן און געמאַכט זיך פאַמעלעך אַ פּאַפּיראָס און האָט זיך באַמיט אַלץ מער טאַבאַק אָנצושטאָפּן. דאָס האָט עפּעס פליגלמאַנען פאַרדראָסן, און

---

* האַרבסט. — ** אונטערקלייד.

נאָך מער דערבייזערט האָט אים, וואָס לעוואַנטקאָווסקי האָט גאָר נישט באַמערקט, אַז ער האָט זיך אָפּגעשטעלט אין מיטן ריידן.

— איר ווייסט וואָס, לעוואַנטקאָווסקי? — האָט ער זיך פּלוצלינג אַרויסגעכאַפּט — איר זײַט אַ נאַר.

לעוואַנטקאָווסקי האָט נישט באַמערקט, ער האָט רויק געצויגן דעם פּאַפּיראָס און האָט אָנגעמאַכט אַ שטאַרקן רויך. פליגלמאַן האָט אים לאַנג אָנגעקוקט און געזאָגט:

— דײַטלעך ריידנדיק, וואָס טויג אײַך אַזוי פיל קינדער, לע־וואַנטקאָווסקי? איר זײַט לײַכטזיניק, כ׳לעבן.

לעוואַנטקאָווסקי האָט געשמייכלט און געזאָגט:

— איך האָב גראָד זעקס, איר — גאָרנישט, איז גוט! לאָז אײַך דוכטן, אַז יעדערער האָט דרײַ. איז נישט גוט? זאָגט אַליין.

לעוואַנטקאָווסקי האָט געקוואָלן פון זײַן ווערטל, ער האָט זיך צעלאַכט, און פליגלמאַנען האָט זײַן געלעכטער נאָך מער אויפגערעגט.

— הערט, לעוואַנטקאָווסקי, איר זײַט אַ נאַר, אַ נאַר, איך זאָג אײַך, אַ נאַר, הערט, וואָס איך זאָג אײַך, אַ נאַר...

פליגלמאַן האָט דערפילט, אַז ער ווערט אויפגערעגט און האָט אָפּגעהאַקט. לעוואַנטקאָווסקי האָט געמאַכט זייער אַ זויערע מינע. עפּעס האָט אים דאָס אַלץ זייער פאַרוווּנדערט. ער האָט זיך געזעגנט מיט אַן אַראָפּגעלאָזטער נאָז און איז אַרויסגעגאַנגען.

פליגלמאַן איז געבליבן אַליין אין שטוב. ער האָט גענומען קלערן וועגן פּעסימיזם, נאָר די געדאַנקען האָבן פאַרלוירן זייער שטײַפקייט, און ער האָט פאַרגעסן אַ גאַנצן זאַך, וואָס ער האָט אַמאָל געדענקט אויף אויסנווייניק.

ער איז אַרומגעגאַנגען איבער דער שטוב און געחזרט פאַר זיך: „ער איז אַ נאַר, אַ ריינער נאַר... אַ נאַר... אַ נאַר... אַ נאַר"... און עפּעס האָט זיך געוואָלט דאָס וואָרט אַ סך מאָל איבערחזרן.

עטלעכע טעג האָט ער זיך געפילט שטאַרק צערודערט, בײַנאַכט איז ער מיט דעם בעטל געפאַלן עפּעס אין טיפע אָפּגרונטן. ער האָט שטאַרק געזיפצט אין שלאָף. בײַטאָג איז אויף דער גאַס געווען גאָר

אַ שלעכט וועטער, פּליגלמאַן האָט געפּרוּווט זיצן אין דער היים. אין הויז, וווּ ער האָט געוווינט, איז עמעצער געשטאָרבן, און אויפן הויף האָט מען שרעקלעך געוויינט און געמאַכט קולות, ביז דער שוואַרצער וואָגן איז געקומען און האָט דעם טויטן אַוועקגעפירט, און אויפן הויף איז שטילער געוואָרן. ער האָט געפּרוּווט לייענען, נאָר אָפּלייענענדיק אַ ביסל, האָט ער זיך אָפּגעשטעלט, געגענעצט און פאַר די אויגן האָט געשווינדלט. ער האָט זיך געלייגט. קוים איז ער איינגעשלאָפן, האָט זיך אים געחלומט אַ שלעכטער חלום:

ער האָט געטראָגן אַ לאַנגן, שטייפן, טויטן גוף, איינגעוויקלט אין אַ שוואַרצער קאָלדרע. די קאָלדרע האָט ער געהאַלטן אין ביידע הענט און איז געגאַנגען איינגעבויגן. געקומען איז ער פון אונטער דער שטאָט און געטראָגן דעם טויטן באַגראָבן. עס איז געווען פינצטער. מיט אים זיינען געגאַנגען צוויי שמשים און האָבן גערעדט צווישן זיך. פון שמועס איז ער געוויר געוואָרן, אַז ער טראָגט זיין טויטע שוועסטער. ער איז געווען זייער מיד. ביי אַ שוועל פון אַ געוועלב האָט ער זיך אויסגעגליטשט, דער טויטער איז אַרויסגעפאַלן און האָט זיך אָנגעשלאָגן מיטן קאָפּ אויף דער שוועל. און פון דער קאָלדרע האָט זיך געהערט אַ געוויין, ווי אַ קינד פּישטשעט. איין שמש האָט געזאָגט:

— טראָגט, פּליגלמאַן, זי איז טויט, דאָס איז נאָר אַ רעפלעקסיע, טראָגט!

ער האָט ווייטער געטראָגן. דאָס קול איז געוואָרן אַלץ ציטעריי־קער, און ער איז געווען מיד. זייער מיד, די שמשים האָבן אים צוגעשטופּט, געקלאַפּט אין די אַקסלען און צוגעאיילט, ער זאָל גיין גיכער. פּליגלמאַן האָט געוואָלט וויינען און האָט מורא געהאַט, אַז דאָס וועט זיין אַ רעפלעקסיע, אַז ער איז טויט... אים איז געוואָרן זייער שלעכט, און איז זיפצנדיק אויפגעשטאַנען פון שלאָף.

אין קאָפּ, איבערן רוקן האָט זייער געבראָכן; אין צימער איז געווען אַזוי פינצטער, אַז אַפילו דער פאַרוואָלקנטער הימל האָט אַריינגעשיקט אַ קלאָרן אָפּגלאַנץ, און דער אָפּגלאַנץ איז שרעקלע־

כער געווען פאַר דער פינצטערניש. אויפן הויף האָט אַ קאַץ יאָמער־לעך געשריִען, אויפגעהערט און ווידער אָנגעהויבן. דאָס געשריי האָט געריסן בײַם האַרצן, און עס איז ניט מעגלעך געווען צו פאַר־שטיין, וואָס איר פעלט, וואָס זי קלאָגט זיך אין דער טונקעלער נאַכט אַזוי שפּעט. פליגלמאַן האָט זיך אײַנגעוויקלט אין דער קאָלדרע. די קאַץ האָט אַלץ געיאָמערט.

די גאַנצע נאַכט איז ער ניט געשלאָפן. בײַטאָג, אויף דער לעקציע זיצנדיק, האָט אים דער תלמיד זייער אויפגערעגט: ער האָט איבער־געזעצט אַנשטאָט: „די גרינע לאָמפּן פון אײַערע שכנים" — „די לאָמפּן פון אײַערע גרינע שכנים". פליגלמאַן האָט אים געהייסן פאַר־ריכטן, און דער שילער האָט איבערגעזעצט: „די לאָמפּן פון אונ־דזערע גרינע שכנים". ער איז בייז געוואָרן און האָט געכאַפּט דאָס יִנגל פאַרן אַקסל, אים געטרייסלט און געשריִען ניט מיט זײַן קול:

— גרינע שכנים! ווי קאָן דאָס זײַן „גרינע שכנים"? ווי קאָן דאָס זיין?

אין מיטן האָט ער זיך דערמאָנט און האָט אָנגעהויבן צו ריידן ווייך:

— נו, זאָג אַליין! איז דאָס מעגלעך? ווי?

נאָר דאָס קול זײַנס האָט געציטערט, דאָס האַרץ האָט געקלאַפּט, ער האָט זייער שווער געאָטעמט, און דאָס יִנגל האָט זיך צעוויינט:

— פאַרשטיי דאָך... פאַרשטיי דאָך, דאָס איז דאָך אוממעגלעך...

דאָס יִנגל האָט זיך אויפגעהויבן און איז אַרײַן צו דער מוטער מיט אַ געוויין.

די מוטער איז אַרײַנגעקומען און פליגלמאַן האָט געפילט, אַז ער ברויך איר צו געבן פאַרשטיין, אַז „גרינע שכנים" איז אומ־מעגלעך, און ער האָט נישט געוווּסט, ווי אַזוי מען טוט דאָס. די מו־טער האָט געפרעגט:

— וואָס איז דאָס פאָרגעקומען צווישן אײַך?

פליגלמאַן האָט אַ ווײַלע נישט געענטפערט, נאָר די מוטער איז

אַלץ געשטאַנען און געוואַרט. פליגלמאַן האָט זיך עפּעס אַרויס־געכאַפּט:

— גאָר נישט. איך בין היינט צערודערט, מיין שוועסטער איז געשטאָרבן...

די מוטער האָט זיך פאַראינטערעסירט מיט דער שוועסטער. פליגלמאַן האָט אָנדערציילט ליגנס, וואָס ער האָט אַליין נישט גע־ווּסט, פון וואַנען זיי זיינען אים געקומען אין קאָפּ אַריין. און אַרויס־גייענדיק האָט ער געחזרט: „איך בין קראַנק, איך בין קראַנק, קראַנק, קראַנק"... און פון דעם איבערחזרן איז אים ווידער לייכטער געוואָרן. אויף די איבעריקע לעקציעס איז ער ניט געגאַנגען. פאַרנאַכט איז ער אַהיימגעקומען, אים האָט זיין שטוב זייער אָפּגעשראָקן, און ער האָט זיך געלייגט אויפן בעטל און איז איינגעשלאָפן.

ער איז אויפגעשטאַנען זיפצנדיק, דערשוויצט. אין שטוב איז געווען פינצטער. דער ווייסער האַנטוך האָט אים אָפּגעשראָקן. ער האָט גיך געכאַפּט דעם פּאַלטאָ* אויף זיך, און נישט באַמערקנדיק, ווו ער גייט, איז ער אַריין צו לעוואַנטקאָווסקין.

לעוואַנטקאָווסקי האָט אים שטאַרק געטרייסלט מיט דער האַנט אַזוי, אַז אין מוח האָט זיך דערביי געוואָרפן. אַרום האָט זיך געזען בעטגעוואַנט, קינדערשע פנימער. אין איין בעט האָט געזיפצט לע־וואַנטקאָווסקיס ווייב. פליגלמאַן האָט זיך געזעצט אויף אַ שטול און האָט איינגעדרימלט. אין דרימל האָט ער אויף זיך דערפילט לעוואַנטקאָווסקיס האַנט. ער האָט אויפגעעפנט די אויגן. לעוואַנט־קאָווסקי, האַלב אויסגעטאָן, האָט אים געשמייכלט אין פּנים אַריין, עפּעס גערעדט, אַז ער איז שיכור... פליגלמאַנען האָט זייער געאַרט דער שמייכל, און ער האָט געוואָלט זאָגן עפּעס זייער שטאַרקס, כדי ער זאָל אויפהערן צו שמייכלען.

— איך גיי צו דער ווייסל... — האָט ער קוים אַרויסגערעדט.

— גייט שלאָפן, ס'איז קאַלט...

* מאַנטל.

פליגלמאַן האָט דערפילט, אַז אים איז קאַלט. אין שטוב האָט זיך געזען אַ פּאַרע. לעוואַנטקאָווסקי האָט געשמייכלט, און פליגלמאַן איז אַרויסגעגאַנגען.

ער איז דורכגעגאַנגען אַ סך גאַסן און האָט נאָר באַמערקט, אַז ער רוקט זיך אָפּ פון איין לאַמטערן צו דער אַנדערער, אַז זײַן שאָטן ווערט קירצער און קירצער און וואַקסט ווידער אַרויס... אויף איין גאַס האָט אים אָפּגעשטעלט עפּעס אַ מיידל. זי האָט געשמייכלט און געדרייט מיטן קאָפּ לוסטיק. און אַז ער איז אַוועקגעגאַנגען, האָט זיך געהערט אַ פּוילער הוסט, וואָס האָט לאַנג געציטערט אין דער לופט... און דאָס אַלץ איז שווער געווען צו פאַרשטיין.

אָפּגעשטעלט האָט ער זיך אויף דער בריק פון דער ווײַסל און האָט זיך אומגעקוקט. אַ פּאָליציאַנט האָט אים נאָכגעקוקט. „איך האָב אַ פּאַספּאָרט“, האָט ער זיך געטראַכט און געהאַלטן די האַנט פאַרן בוזעם.

אויף דער בריק איז ער געשטאַנען לאַנג. פונדערווייטנס האָבן זיך געזען צוויי שורות לאַמטערנעס, וואָס האָבן געבילדעט אַ פײַער־דיקע דלת. אין וואַסער האָבן זיך געוויגט זייערע שטראַלן, אויפן הימל האָבן זיך געריררט פאַרשיידענע שטיקער וואָלקנס, שוואַרצע און העלערע. זיי האָבן זיך עפּעס ווי געדרייט, און איין עק דאָרטן זיך אויסגעמישט מיטן וואַסער. אויף דער בריק איז מען דורכגעפאָרן, און אַלץ אַרום האָט געציטערט... די פינצטערניש פונדערווייטנס איז אַלץ נאָענטער געוואָרן, די וואָלקנס האָבן זיך אַראָפּגעלאָזט, און פאַר די אויגן האָט זיך גערודערט, גערודערט אָן אַן אויפהער...

פליגלמאַן האָט דערפילט, אַז זײַן גאַנצער קערפּער שאָקלט זיך, און האָט זיך משער געווען, אַז ער האָט זיך אַרײַנגעוואָרפן אין וואַסער, נאָר דאָס שאָקלען האָט לאַנג געדויערט. עס האָט זיך גע־הערט אַ געקלאַפּ פון רעדער אויף אַ האַרטן בריק. עפּעס האָט מען גערעדט צו אים אויף רוסיש, און ער האָט נישט פאַרשטאַנען.

ער איז אײַנגעשלאָפן אין פּאָליציי־צירקל. אַ גאַנצע נאַכט האָט ער געפילט, אַז ער ליגט אין וואַסער. איבער די אויגן האָט זיך

געצויגן, געצויגן אַ בלווילעכער שטראָם, און אים איז געווען לײַכט און גרינג. נאָר אונטערן קאָפּ האָט וויי געטאָן. און אים האָט זיך געדוכט, אַז ער איז געפֿאַלן אויף אַ שטיין.

אין דער פֿרי, אַז דער פּאָליציאַנט האָט אים מיט געוואַלד אויפֿגעשטעלט אויף די פֿיס, האָט ער זיך בשום אופֿן נישט געקאָנט דערמאָנען, וואָס ער טוט דאָ, און ער האָט געקוקט מיט אויסגעגלאָצטע אויגן אַרום זיך. נאָר אַז ער האָט פֿאַר זיך דערזען אַ פּאָר שליפּעס מיט אַ שווערד און האָט דערהערט אַ שטרענג קול, האָט עפּעס אַ געדאַנק אויפֿגעבליצט אין זײַן קאָפּ. ער האָט אַרײַנגעשטעקט פֿאַמעלעך די האַנט אין דער בוזעם־טאַש און געדערט:

— איך האָב די ערע אונטערטעניקלעך צו בעטן... באַגראָבט מיך. איך האָב אַ פּאַספּאָרט, אָט!

# צווישן בערג

## I

ווען מען רעדט וועגן יוגנט און געזונטקייט, שטעלט זיך מיר פֿאַר ווי לעבעדיק סאָניע, אַ יונגע מאָלערן, וואָס איך האָב קענען געלערנט פֿאַר עטלעכע יאָר אין מינכען. קוקנדיק אויף איר, וואָלט קיינעם ניט איינגעפֿאַלן צו טראַכטן, אַז זי געהערט צו דער קינסט־לערישער ראַסע. אַ רויט, פֿול פּנים מיט רונדע ליניעס, אַ פֿעסט־געבויטער קערפּער, קרעפֿטיק און שטאַרק; ענערגיש, זייער־לעבע־דיקע אויגן; מיט איין וואָרט, אַ ווײַב פֿון בלוט און מוסקולן, וואָס האָט ווייניק געהאַט אין זיך פֿון דער ווײַבערישער שוואַכקייט. פֿון וואַנען האָבן זיך גענומען צו דעם באַשעפֿעניש אַזוי פֿיל ווייכקייט און פֿאַרחלומטקייט, וואָס זי האָט אויסגעדריקט מיט איר פּענדזל, — פֿאַר פֿיל איז דאָס געווען אַ רעטעניש. פֿון איר גאַנצן וועזן האָט גערעדט איין טאָן, וואָס האָט אַלע איבעריקע פֿאַרטונקלט; איר גע־זונטקייט, איר שפּראָצעדיקע יוגנט, אַן אַנטוויקלטער קערפּער, אי־בערגעפֿולט מיט קרעפֿטן. ערשט מיט דער צײַט האָב איך באַמערקט אין איר פּנים אָריגינעלע ליניעס: רויע, ווילדע צוגן; באַזונדערס, ווען זי האָט גערעדט, פֿלעגט פֿון צײַט צו צײַט דורכלויפֿן איבער דעם פּנים, שנעל ווי אַ בליץ, אַ ווילדקייט פֿון אַ בעסטיע, און אין די קאַנטיקע ווינקלען פֿון איר הערלעכן שטערן האָב איך געפֿונען פֿיל איינגעבוירענע אינטעליגענץ. דאָס גאַנצע באַשעפֿעניש איז אַלט גע־ווען ניט מער ווי צוואַנציק יאָר און האָט געהאַט פֿיל טאַלענט. די פּראָפֿעסאָרן האָבן זי גערימט. זי האָט געמאָלט קי, סטאַדעס שעפּסן, דעם שטילן ים און דעם דרום־הימל (איר פֿאָטער איז געווען אַ

יידישער גוטבאַזיצער אין דרום־רוסלאַנד) מיט פיל ליבע און פריש־קייט. דערצו איז זי געווען אַ פרייע נאַטור, אָפנהאַרציק, טייל מאָל ביז גראָבקייט, האָט ליב געהאַט אַלערליי ספּאָרטן, באַוועגונגען, ליכט און לוסטיקייט. צוויי וואָכן נאָך אונדזער באַקאַנטשאַפט בין איך שוין געווען פאַרליבט אין איר ביז איבער די אויערן, און זי מיך האָט אויך ליב געהאַט, אויף יעדן פאַל, מער פון אירע אַלע איבעריקע באַקאַנטע.

מיר האָבן נישט פיל געפאָדערט איינער פון אַנדערן, נישט גענומען אונדזער פאַרהעלטעניש צו ערנסט און מיר האָבן געלעבט גליקלעך. קיין ווייכקייטן און צערטלעכקייטן האָט זי נישט ליב געהאַט; זי האָט נישט געוואָלט בלייבן פּאַסיוו אַפילו אין איר ליבהאָבן. זי האָט, דוכט זיך, נישט געוווסט פון שטילער בענקשאַפט, פון ציטעריקע געפילן; איר ליידנשאַפט איז זי באַפאַלן ווי אַ שטורעמווינט. טייל מאָל, גייענדיק מיט מיר אויף דער גאַס, האָט זי געקאָנט אָננעמען מיין האַנט, דריקן זי פעסט און צוטוליען זיך צו מיר, ווי אַ קינד. אָדער עס האָט געטראָפן, אַז איך בין געזעסן ביי איר ביז שפּעט אין דער נאַכט און איך האָב באַמערקט, ווי זי ווערט אויפגערעגט, ווי אויף איר פּנים לויפן דורך די בליצן פון ווילדקייט. דעמאָלט איז זי פּלוצלינג אויפגעשטאַנען און געהייסן מיר גיין:

— נו, פּאַק דיך אַהיים. און מאָרגן קום נישט! — האָט זי גערעדט ענערגיש.

און קושנדיק מיך פאַרן אַוועקגיין, אַנשטאָט אַן ענטפער אויף מיין פּראָטעסט נישט צו קומען, האָט זי מיך צוגעשטופּט צו דער טיר:

— נו, גיי; איך וועל קומען צו דיר, אויב עס וועט זיך מיר וועלן. איצט פּאַק דיך, גיכער!

אין דער זעלביקער צייט האָט מיך זייער פאַראינטערעסירט מיינער אַ באַקאַנטער, אַ יידישער סטודענט פון רוסלאַנד, וואָס האָט זיך האַלב אַסימילירט אין דייטשלאַנד, שוואַרצוואַלד האָט ער געהייסן. ער איז געווען קלוג, זייער־אינטעליגענט, נאָר מיט אַ שוואַכן,

לירישן כאַראַקטער; אָרעם, פֿאַרשטויסן און עלנט. אַ צעבראָכענער מענטש. איך האָב אים געפּרווט צו מאָלן, האָב פיל געאַרבעט איבער זײַן פּאָרטרעט, נאָר מיר האָט זיך בשום אופן נישט אײַנגעגעבן אויפצוכאַפּן דעם גרונט־טאָן פון דעם פּנים, דאָס, וואָס מיך האָט אייגנטלעך אין דעם אינטערעסירט, דאָס איז געווען אַ קרענקלעך־מאָגער פּנים, מיט אײַנגעפאַלענע באַקן, מיט אַן אַרויסגערוקט מויל, מיט אַ לאַנגער אָדלער־נאָז, אַליין פאַר זיך אפשר נישט מיאוס און טיפּיש, נאָר פון דעם מאָגערן געזיכט האָט זי אַרויסגעשטאַרט ווי איבעריק. און דאָך האָט דאָס פּנים פאַרמאָגט עפּעס טיף־סימפּאַטישס, וואָס האָט צוגעצויגן צו זיך — דאָס, וואָס איך האָב סוף כל סוף נישט געקאָנט אויפכאַפּן און אויפמאָלן. אין די ליניעס פון זײַנע קינבאַקן, אין די קנייטשן, נעבן מויל, איז געלעגן אַ מאָדנע אונטערטעניקייט, אַן אומבאַהאָלפנקייט, אַ האָפענונגסלאָזיקייט... נייז, איך דריק מיך נישט ריכטיק אויס. דאָס אַלץ איז געלעגן אין זײַנע גרויע, טיפע, פאַראומעטיקטע אויגן; אין די ליניעס פון פּנים איז געלעגן עפּעס אַנדערש — אַ הייליקייט? אויך נישט דאָס, ריכטיקער: אַ שטילקייט און אַ רויִקייט; אַ רויִקייט פון אַ טויט פּנים. ס'איז גענוג געווען, ער זאָל צומאַכן די אויגן און פאַרוואַרפן אַ ביסל דעם קאָפּ אַרונטער, אַז עס זאָל פאַרשווינדן פון אים יעדער שפּור פון לעבן און באַוועגונג, און ס'זאָל זיך דוכטן, אַז מיר האָבן פאַר זיך אַ טויטן קאָפּ. דער גאַנצער מענטש האָט אויסגעזען צו זיין געקנאָטן פון לײַדן, נאָר אויך די לײַדן האָבן נישט מער געלעבט; זיי זײַנען געלעגן טויט, פאַרגליווערט אויף זײַן פּנים. און דאָך איז קיין שאָטן פון פאַרביטערטקייט, קיין צייכן פון גאַל און סאַרקאַזם נישט געווען צו געפינען אין זײַן פּנים!

איך האָב דערציילט סאָניען וועגן אים, און זי איז געקומען אים באַטראַכטן, ווי עפּעס אַן אינדיאַנער פון אַמעריקע. זי איז געקומען, בשעת איך האָב געאַרבעט, און ער האָט פּאָזירט פאַר מיר, און האָט זיך גלײַך גענומען אים אַרומקוקן, פון דער נאָענט, פון אַ פּערספּעקטיוו, פון אַ פּראָפיל, אָן שום צערעמאָניעס, נישט צו ריידן מיט

אים קיין וואָרט. איך האָב מיך אַזש פאַרשעמט. איך האָב גוט גע־קענט שוואַרצוואַלדן, האָב געקענט זײַן אײַנגעבאָרענעם שטאָלץ, וועלכן ער האָט געוווּסט אָפּצוהיטן, נישט געקוקט אויף זײַן גוטמוטיקייט. נאָר סאָניע אַליין האָט זיך באַלד געכאַפּט און גענומען זיך פאַרענט־פערן פאַר אים:

— אַנטשולדיקט, הער שוואַרצוואַלד, — האָט זי געזאָגט, — וואָס איך דערלויב זיך אײַך אַזוי צו באַטראַכטן. אַזוי איז שוין אונ־דזער נאַטור. פאַר אונדז עקסיסטירט דאָך ניט קיין זאַך, אויסער דער ליניע און דער פאַרב. נישט וואָר?

איך האָב באַמערקט, אַז זי האָט געמאַכט אַן אײַנדרוק אויף מײַן באַקאַנטן: ער האָט אַפילו נישט געטראַכט צו פילן זיך באַליי־דיקט און האָט געענטפערט גוטמוטיק:

— וואָר; געוויס.

— און אָט זעט איר, איך שפּאַר מיך אַלץ מיט אים (זי האָט אָנגעוויזן אויף מיר). ער זאָגט, אַז זען די ליניעס און די פאַרב איז נישט גענוג; מען מוז נאָך פילן די נשמה פון דער זאַך. צי איז דאָס אַזוי? איך האָב נאָך קיין מאָל נישט געזען קיין נשמה, איך ווייס נישט, וואָס דאָס איז אַזוינס. ווי אַזוי זאָל איך זי פילן? ווי מיינט איר, הער שוואַרצוואַלד? ער האָט מיר געזאָגט, אַז איר זײַט קלוג און איר האָט קלאָרע באַגריפן וועגן קונסט.

— אָ! — האָט שוואַרצוואַלד אויסגערופן — איך בין קיין קינסטלער נישט, נאָר אַ סטודענט־פילאָסאָפיע; וועגן קונסט קאָן איך נאָר פילאָסאָפירן; פאַר אַ קינסטלער ווידער איז פילאָסאָפירן גאָר אַן איבעריקע זאַך.

— אָט אַזוי האָב איך ליב, אָט דאָס זאָג איך אויך! איך וויל גאָר נישט וויסן, איך וויל זען און מאָלן; זען און מאָלן און ווײַטער גאָר נישט.

איך האָב מיך אָנגעהויבן שפּאַרן:

— מען מוז דאָך האָבן האַרץ, געפיל; מען מוז דאָך האָבן אַ באַציִונג צו דער זאַך, וואָס מען מאָלט; אַ גײַסטיקע פּערספּעקטיוו...

און מיר האָבן זיך גענומען שפּאַרן לויט אונדזער געוויינטלעכן שטייגער.

שוואַרצוואַלד האָט געשוויגן. ער האָט זיך ניט אַזוי פיל אײַנ־געהערט ווי צוגעקוקט צו דער יונגער מאָלערן, וואָס איז אַזוי אײַנ־געליבט אין ליניעס און פאַרבן. צום סוף האָט ער זיך געשטעלט אויף איר זײַט:

— איר זײַט דאָפּלט נישט גערעכט. — האָט ער זיך געווענדט צו מיר — איין מאָל, וואָס איר שפּאַרט אײַך. דאָס לאָזט איבער פאַר אונדז, פילאָסאָפן, איר דאַרפט נאָר מאָלן. צווייטנס, זען אַ זאַך, זען זי קינסטלעריש, הייסט זען זי מיט האַרץ, מיט געפיל, מיט אַ גײַס־טיקער פּערספּעקטיוו, מיט אַלעם דעם, וואָס איר ווילט. איר שפּאַרט אײַך וועגן ווערטער.

מיר האָבן זיך גענומען צוזאַמען באַטראַכטן מײַן אַרבעט. זי איז קיינעם נישט געפעלן. מיר — נאָך ווייניקער ווי זייביידן. אויף צו מאָרגנס האָב איך אָנגעהויבן אויף דאָס נײַ, און ווידער נישט געענדיקט, ווידער גענומען אים מאָלן אין אַ נײַער פּאָזע. פון דעם אַלעם איז אָבער גאָר נישט אַרויסגעקומען.

## II

אין דער צײַט פון מײַן אַרבעט פלעגט סאָניע אָפט אַרײַנקומען צו מיר. שוואַרצוואַלד פלעגט אָפט מיט מיר אַרײַנגיין צו סאָניען און פאַרברענגען מיט אונדז צוזאַמען דעם אָוונט. לאַנגווײַליקע אָוונטן זײַנען דאָס געווען. זיי האָבן זיך געשלעפּט פּאַמעלעך און אומעטיק און האָבן איבערגעלאָזט אין האַרץ אַן אומצופרידנקייט, עפּעס אַ שווערע, אומבאַקאַנטע זאָרג. ער אַליין איז געזעסן און געשוויגן. מיר האָבן זיך געשעמט צו ריידן. וועגן וואָס ריידן? פילאָסאָפירן? — אונדזערע אידייען אינטערעסירן אים נישט; ער האָט זיי טויזנט מאָל געהערט. פלוידערן? — דאָס איז געווען אוממעגלעך; זײַן קעגנ־וואַרט האָט אָנגעוואָרפן אַ טונקעלן שאָטן אויף אונדזער געמיט. פון

זײַן גאַנצן וועזן האָט געוויזט אַ האָפענונגסלאָזיקייט, אַ וויסטער אומעט פון שוין לאַנג חרובֿ־געוואָרענע וועלטן. אין זײַן קעגנוואַרט, דוכט זיך, האָט מען געקאָנט טראַכטן און ריידן נאָר וועגן איין זאַך — וועגן טויט.

און אין די לאַנגווײַליקע אָוונטן האָב איך זיך צוגעקוקט צו זײַן פּנים, האָב שטודירט יעדע איינציקע ליניע, יעדן איינציקן קנייטש, יעדע באַוועגונג, יעדע מינע, יעדן בליק. און גאַנץ גיך האָב איך אַנטפּלעקט אַ שרעקלעכן סוד: דער אָרעמער מענטש האָט טיף פֿאַרגעטערט די סאָניע, ער האָט זי געגעסן מיט די אויגן, ער האָט זיך פֿאַרליבט אין איר, פֿאַרליבט אומזיניק, מיט דער גאַנצער קראַפט פון זײַן האָפענונגסלאָזיקייט! אַז זי האָט גערעדט אָדער איז נאָענטער צוגעגאַנגען צו אים, האָט זיך זײַן געזיכט מאָדנע געענדערט. עס האָט אויסגעזען, ווי די פֿאַרגליווערטע לײַדן זאָלן צעשמאָלצן ווערן: זיי זײַנען געוואָרן לעבעדיק, האָבן דערציילט שרעקלעכע, האַרצ־רײַסנדיקע געשיכטעס און האָבן געבעטן, געבעטן... אַך, ווי ווידעריק דאָס פּנים איז אין די מאָמענטן געוואָרן! ווי אומבאַהאָלפן, ווי קרענק־לעך־שוואַך, ווי רחמנותדיק און ווי נאַריש: איך האָב פיל מאָל ניט געקאָנט אַריבערטראָגן און האָב מיר פֿאַרדעקט מיט די הענט די אויגן. און סאָניע — זי האָט זיך געלאַנגווײַליקט. געפילט זיך טרוי־עריק, מיד און אַפּאַטיש נאָך אַזאַן אָוונט, און דאָך האָט זי נישט געזוכט קיין וועג אָפּצוהאַקן מיט אים. פֿאַרקערט: זי האָט אים שטענ־דיק געבעטן קומען און האָט געהאַט פּרעטענזיעס, אויב ער האָט זיך אַ טאָג־צוויי ניט געוויזן.

— זאָג מיר, — האָט זי מיט מיר געטענהט נאָך דעם ווי ער איז אַרויסגעגאַנגען — צו וואָס לעבט אַזאַ מענטש?

איך האָב געשוויגן, נאָר זי איז צוגעשטאַנען צו מיר, פּונקט ווי דאָס וואָלט געווען מײַן שולד און מײַן לעבן.

— ער גלייבט אין גאָרנישט, ליבט גאָר נישט, האָפט אויף גאָרנישט. אַלץ, אַלץ איז אים גלײַך! קיין זאַך אינטערעסירט אים

נישט, נישט קיין ביכער, נישט קיין מענטש, נישט קיין קונסט — גאָרנישט. ווי אַזוי־זשע לעבט ער? זאָג מיר, איך פרעג דיך.

— ער לעבט, ווײַל ער לעבט. צו וואָס לעב איך? צו וואָס לעבסט דו?

— איך? איך האָב ליב די קונסט!

זי האָט די ווערטער אַרויסגערעדט מיט אַזאַ שטאָלץ און זיכער־קייט, אַז זי האָט געקאָנט איבערצײַגן דעם גרעסטן סקעפּטיקער. די קינסטלערן אין איר האָט זיך אָנגערופן און האָט געפינקלט אין אירע אויגן.

— און אפשר האָט ער אויך וועמען ליב. מען קאָן נישט וויסן — האָב איך באַמערקט קורץ.

זי האָט פאַרשטאַנען דעם ווונק, און אויף אירע ליפּן האָט, אַנשטאָט אַן ענטפער, געשפּילט אַ צופרידענער שמייכל. דאָס איז געווען איר אַרט אַזוי אָפּצוהאַקן אַ געשפּרעך מיט אַ באַזונדערן שמייכל, וואָס האָט באַדעקט איר גאַנץ פּנים און האָט דערציילט פון אַ טיף גליק־געפיל און אײַנגעליבט זײַן אין זיך, וואָס האָט קיין גרענעץ ניט.

און אַזוי זײַנען דורך אָוונטן נאָך אָוונטן.

זי האָט זיך געלאַנגווײַליקט מיט אים און האָט אים צוגעלאָש־טשעט; פאַר מיר האָט זי זיך געקלאָגט אויף דעם „שוואַרצן שאָטן" (אַזוי האָט זי אים גערופן), וואָס וואַרפט־אָן אַן אומעט אויף איר נשמה, און אים האָט זי געבעטן קומען און האָט נישט אויפגעהערט צו רייצן זײַנע נערוון. זי פלעגט זיך שפּילן מיט זײַן האַנט, פלעגט אים הייסן, ער זאָל באַרירן די מוסקלען פון אירע הענט און זען, ווי שטאַרק זי איז, און האָט זיך שטײַף געשטעלט קעגן אים אין איר יוגנטלעכער פרישקייט, אַרויסרוקנדיק איר ברוסט. דער אָרעמער מענטש האָט זי געפאָלגט ווי אַ קינד.

איך האָב אַלץ נאָך געאַרבעט איבער זײַן פּאָרטרעט, כאָטש איך האָב שוין געפילט, אַז דערפון וועט גאָרנישט ווערן. מיר איז דער־עסן געוואָרן מײַן אַרבעט, נאָר אָט איז אַרײַנגעקומען סאָניע, אין אַ

ווײַס פוטערן היטל, געריוויטלט, קלינגענדיק מיט די גליטשאײַזנס, וואָס זי האָט געהאַלטן אין דער האַנט, און האָט מיטגעבראַכט מיט זיך אין צימער אַרײַן די פרישקייט און שיינקייט פון פראָסטיקן, זוניקן ווינטער־טאָג, צו וועלכן זי איז אַזוי ענלעך געווען. שוואַרצ־וואַלד איז אויפגעשטאַנען איר אַנטקעגן און האָט זי באַגריסט לוסטיק און דרייסט, גאָר נישט ווי זײַן שטייגער. דאָס איז געווען איינער פון די קרענקלעך־לעבהאַפטע מאָמענטן, ענלעכע צו דעם פלוצלינגן אויפפלאַקערן פון אַ ליכט, וועלכע זײַנען אים באַפאַלן פון צײַט צו צײַט. ער איז געוואָרן רירעוודיק... פריילעך, ווי אַ נײַער.

— און וואָס איז מיטן פּאָרטרעט? — האָט סאָניע געפרעגט.

— ס'וועט גאָרנישט זײַן דערפון. — האָב איך געענטפערט.

— לאָז, איך וועל פּרובירן; זעצט אײַך, שוואַרצוואַלד.

זי האָט אַראָפּגעוואָרפן פון זיך דעם מאַנטל, האָט גענומען אַ בלײַשטיפט און געצייכנט עטלעכע ליניעס, נאָר דאָס איז איר באַלד דערעסן געוואָרן און זי האָט אַוועקגעלייגט די אַרבעט.

— דאָס איז נישט פאַר מיר. — האָט זי געזאָגט.

— ניין, ריסעוועט* מיך, איך בעט אײַך. — האָט שוואַרצוואַלד זי געבעטן — איר דאַרפט מיך ריסעווען. איך בין זיכער, אַז אײַך וועט עס געלינגען, אײַך, נאָר אײַך.

— פון וואַנען ווייסט איר דאָס? — האָט זי געפרעגט פּראָסט.

— איך ווייס, איך בין זיכער. איך פיל דאָס, אין אמתן; ריסעוועט מיך.

בעטן, אײַנריידן — דאָס איז נישט געווען אין שוואַרצוואַלדס נאַטור. און ס'איז אויסגעקומען אַזוי מאָדנע, אַזוי אומבאַקוועם צו הערן אים ריידן אין אַזאַ טאָן.

— נו, לאָזט מיך צו רו! — האָט סאָניע געזאָגט — איך קאָן אַזעלכע פּנימער ניט ריסעווען.

— פאַרוואָס?

---

* (פּויל') צייכענען.

— ווײַל זיי זײַנען ניט שיין.

שוואַרצוואַלד איז איבערגעראַשט געוואָרן פון איר קורצן ענט־פער, וואָס איז, דוכט זיך, נישט געווען קיין נײַס פאַר אים. וויפל מאָל האָט ער אַליין פאַר מיר גערעדט מיט פאַראַכטונג וועגן זײַן אויסערלעכער, אומגעלומפּערטער פּערזאָן! איצט איז ער בלייך גע־וואָרן, זײַן שטימונג האָט זיך פּלוצלינג געענדערט, ער איז געוואָרן שטיל, פאַראומעטיקט, און די פאַרגליווערטע לײַדן זײַנען געלעגן טויט אויף זײַן פּנים.

מיר האָבן זיך אַלע געפילט שלעכט. און אַז ער האָט זיך גע־זעגנט, האָט סאָניע אים געבעטן קומען, אומבאַדינגט קומען מאָרגן צו איר, און האָט געשמייכלט צו אים און קאָקעטירט מיט אירע אויגן, גלײַך ווי אַלץ וואָלט געווען אין בעסטער אָרדענונג.

## III

„אַ גאָט האָט פאַרלאָזט דעם אַלימפּ און געקומען מיך וועקן:
— שטיי־אויף, דו, אײַנגעשלאָפענער מענטש, דו, פאַרשעמטער, דו אַנטרונענער פון לעבן — דערוואַך!

ווו איז דײַן יוגנט? — פאַרגעסן.
ווו איז דײַן גליק? — פאַרפלויגן.
ווו איז דײַן האָפענונג? — געשטאָרבן.

שטיי־אויף, שטיי־אויף! אַ וויסטער חלום האָט זיך דיר געחלומט.
פון אַ ווײַט לאַנד בין איך געקומען, פאַראומערטער מענטש! פון אַ לאַנד, ווו דער קוואַל פון לעבן האָט גערוישט און געשפּריצט אין די אַלטע פאַרגאַנגענע דורות; פון לאַנד פון דער אייביקער שיינ־קייט בין איך געקומען — דיך צו וועקן: שטיי־אויף!
אַ נײַער טאָג ווערט געבוירן אויף מזרח־זײַט; אַ נײַע ליכטיקייט ליגט אויסגעגאָסן אויף טאָלן און בערג, אויף וועלדער און פעלדער, און מיט גינגאָלדענע ראַנדן באַצירט ציִען וואָלקנס איבערן הימל אָנצוזאָגן אַ גוטע בשורה דער וועלט און דיר — דער וויסטער חלום איז פאַרשוווּנדן — דערוואַך!
די מאָרגן־לופט איז פול מיט פרישע ריחות, לינדע ווינטן בלאָזן

און וועקן יעדעס גרעזל און בלימל. «שטייט־אויף! דערוואַכט!». לוי־טערע שטימען פון ריינע גלאָקן ציטערן אין דער לופט; און העלער, העלער ווערט די נײַע ליכטיקייט, און די זון צערײַסט איר פורפור־נעם שלייער און גייט־אַרויס פריש און יונג און נײַ־געבאָרן. דער־וואַך, פאַרשלאָפענער מענטש, וועק דײַנע בייזע און גוטע געפילן, וועק דײַנע האָפענונגען — די צײַט איז געקומען. שטיי־אויף!

— וואָס וועקט זיך אין מיר? — דײַן פאַרשלאָפענע יוגנט.

— וואָס רוישט מײַן בלוט? — עס באַגערט גליק און ליבע.

— וואָס בלענדט מיר די אויגן? — דײַן אויפדערוואַכטע האָפענונג.

— שטיי־אויף!

אַראָפּגעריסן איז דער שוואַרצער שלייער פון דײַנע אויגן און פאַריאָגט געוואָרן איז דער שאָטן פון טויט. לעבן און לוסט גיס איך אין דײַנע גלידער, איך — דער גאָט פון ליבע!

— שטיי־אויף!".

דאָס דאָזיקע געדיכט, געשריבן אין דײַטשע העקזאַמעטערס, האָט געהייסן „די אַופערשטעהונג". שוואַרצוואַלד האָט עס מיר גע־בראַכט און דערלאַנגט מיט אַ פאַרשעמטער מינע.

— נאַט, לייענט־דורך, אויב ס'איז אײַך נישט לאַנגווײַליק! — האָט ער געזאָגט.

איך האָב עס דורכגעלייענט און האָב געקוקט אויף אים אומ־באַשטימט.

— נו, וואָס קוקט איר מיך אָן? דאָס געדיכט געפעלט אײַך?

— יאָ, געוויס, קלאַסיש, ווי עס פּאַסט פאַר אַ פילאָסאָף. נאָר האָט נישט פאַראיבל, איר זײַט, דוכט זיך, פאַרליבט, נישט וואָר?

ער האָט זיך אַ ביסל פאַרשעמט און געזאָגט שמייכלדיק:

— און אַז יאָ, איז וואָס?

— איז גאָר נישט.

ער איז זיך איבערגעגאַנגען עטלעכע מאָל איבערן צימער. ס'איז קענטיק געווען, אַז ער וויל עפּעס ריידן מיט מיר. ער איז געווען אין זײַן לוסטיקער שטימונג, די אויגן זײַנע האָבן געפינקלט. און פּלוצלינג האָט ער זיך צו מיר געווענדט:

— איר ווייסט דאָך געוויס אין וועמען?

— געוויס; אויף יעדן פֿאַל איז זי דאָס ווערט.

— איר זײַט אַן אויפריכטיקער מענטש? איר זאָגט קיין ליגן נישט?

— דוכט זיך.

— אויב אַזוי, ווײַל איך, איר זאָלט מיר זאָגן די וואָרהייט, איר זײַט אײַפערזיכטיק? איך וויל דאָס וויסן.

— וואָס רעדט איר, שוואַרצוואַלד? עס פֿאַלט מיר נישט אײַן. איך פֿאַרזיכער אײַך; איך בין נישט אײַפערזיכטיק. מײַנע באַציִונגען צו סאָניען זײַנען זייער נישט־ערנסטע, מיר זײַנען צוויי פֿרײַע פֿויג־לען, איין מאָל. און, צווייטנס, ווי זאָל איך אײַך זאָגן...

איך האָב שיער נישט אויסגעזאָגט מײַן געדאַנק, אַז אויף וואָס נישט, נאָר אויף דעם געזונטן אינסטינקט פֿון סאָניען קאָן איך מיך פֿאַרלאָזן. נאָר איך האָב מיך געכאַפּט און ניט געענדיקט די פֿראַזע, ער האָט דאָס ניט באַמערקט. ער האָט געוואָלט אויסגיסן פֿאַר מיר זײַן האַרץ:

— איר זײַט אַ ווילער מענטש. איך האָב אײַך וואָרהאַפֿטיק ליב. און ווייסט איר: איך בין פֿאַרליבט, פֿאַרליבט אָט ביז אַהער (ער האָט אָנגעוויזן אויפֿן האַלדז). איך האָב קיין מאָל אַזאַ געפֿיל נישט געהאַט. איך קאָן וועגן גאָרנישט טראַכטן, קאָן וועגן גאָר נישט ריידן, ווי נאָר וועגן איר. איך בין נישט פֿעיִק צו לעבן אַן דעם גע־דאַנק, מײַן בלוט וועט זיך אָן אים אָפּזאָגן צו שלאָגן אין די אָדערן... איר וועט זאָגן, אַז איך בין אַ נאַר, אַז איך בין דול, נאָר איר פֿאַר־שטייט נישט, איר קאָנט דאָס נישט פֿאַרשטיין. איר ווייסט נישט, וואָס דאָס איז אַזוינס אַפּאַטיע, די טויטע עקסיסטענץ, אָן אינטערעס, אָן פֿרייד, אָן אַנטציקן, אָן האָפֿענונג, אָן גליק. איך נאַר מיך? גוט! איך וויל נישט מער ווי זײַן גענאַרט. איך וויל האָבן מײַן אילוזיע. איך קאָן מער נישט אויסהאַלטן מײַן אַפּאַטיע. אַזוי קאָן מען לאַנג נישט לעבן...

ער האָט זיך באַלד געזעגנט מיט מיר און איז געגאַנגען אַהיים.

זײַן פּנים איז געוועזן אויפגערעגט, אין די אויגן האָט געפינקלט אַ קרענקלעך פײַער און אינגאַנצן האָט ער אויף מיר געמאַכט אַן אײַנדרוק פון אַ האַלב־פּאַרריקטן *.

— נו, דיר דאַרף מען ווינטשן גליק צו דײַן נײַעם דערפאָלג.

— האָב איך געזאָגט סאָניען נאָך דעם זעלביקן טאָג — שוואַרצוואַלד איז אין דיר פאַרליבט אויף טויט. נאַ, לייען!

איך האָב איר איבערגעגעבן דאָס געדיכט, וואָס איך האָב גע־האַט גענומען בײַ שוואַרצוואַלדן. זי האָט עס געלייענט און געזאָגט, אַז ס׳געפעלט איר נישט.

— און אַזוי האָסט דו אַ נײַ האַרץ באַוועלטיקט. זײַ שטאָלץ! — האָב איך געזאָגט מיט פאַרוואורף.

— און דו ביסט אפשר אײַפערזיכטיק? איך בין, דוכט זיך, נאָך פרײַ.

— ווי שעמסט דו דיך ניט צוריידן אַזוינע רייד? איך — אײַפערזיכטיק! און אויף וועמען?

זי האָט זיך צעלאַכט און געפרעגט:

— ער איז אין אמתן אין מיר פאַרליבט? דו מיינסט?

— פאַרליבט אויף טויט.

זי האָט גאָר נישט געענטפערט, נאָר אויף אירע ליפּן האָט געשפּילט אַ שמייכל — איר שמייכל.

## IV

אין מיטן בעסטן ווינטער איז סאָניען אײַנגעפאַלן צו מאַכן אַ שפּאַציר אויף די בערג און זי האָט מיטגענומען מיט זיך מיך מיט שוואַרצוואַלדן. מיר האָבן זיך אָנגעטאָן ווי טוריסטן, וואַרעם און לײַכט; סאָניע — אין ווײַסן! אין אַ טריקאָטענער יאַקע, וואָס האָט איר פרישן קערפּער צוגעגעבן גאָר אַ באַזונדערן רייץ, און אין אַ

* (דייטש׳) צעדרייטן, אויפן וועג צו משוגעת.

ווײַס פוטערן היטל, וואָס איז געלעגן קאָקעט אויף איר קאָפּ; מיר האָבן זיך געקליידט אין קורצע, וואַרעמע טוזשורקעס *, אין ברייטע, גענעגלטע שיך, אין לאַנגע זאָקן, וואָס האָבן דערגרייכט ביז איבער די קני, און אין טיראָלער היט מיט אַ פעדער בײַ דער זײַט. די ווײַ־לערישע קליידונג האָט, דעם אמת זאָגנדיק, ניט זייער האַרמאָנירט מיט שוואַרצוואַלדס פיגור, נאָר ער האָט זיך געפרייט מיט איר ווי אַ קינד. ווי איך האָב שוין באַמערקט, האָט ער זיך אין דער לעצטער צײַט געענדערט, געוואָרן צײַטנווײַז לוסטיק־אויפגערעגט. דערפאַר איז ער טייל מאָל אַרײַנגעפאַלן אין אַזאַ שווערן אומעט, אַז ער האָט געמאַכט דעם אײַנדרוק פון אַ פאַרריקטן מעלאַנכאָליקער.

נאָך האַלבער נאַכט זײַנען מיר אַרויסגעפאָרן פון מינכען און אָנ־געקומען קיין קופשטיין פאַרטאָג. קופשטיין איז אַ קליינע שטאָט אויף צפון־טיראָל, האַרט בײַ דער בײַערישער גרענעץ, אַרומגערינגלט פון אַלע זײַטן מיט בערג; פון איין זײַט — מיטן בײַערישן היכלאַנד, פון דער צווייטער — מיט אַ גאַנצער קייט בערג, וואָס טראָגן צוזאַ־מען דעם נאָמען „קייזער־בערג" און וועלכע שטייען ווי פאָסטן פאַר די ריזיקע אַלפּן. מיר האָבן אָפּגערוט אין אַ רעסטאָראַן אַ שעה צוויי, ביז ס'איז טאָג געוואָרן, אָנגעטאָן די זעקלעך אויף די פּלייצעס, גע־נומען די לאַנגע שטעקנס אין די הענט און זײַנען אַרויס פון שטוב.

די שטאָט איז געלעגן אײַנגעהילט אין אַ טיפן נעפּל. מיר האָבן אַפילו נישט דערזען די הײַזער פון דער קעגנאיבערדיקער זײַט אין מאַרק. דאָס איז נישט געווען קיין געוויינטלעכער נעפּל, נאָר אַ דיקע כמאַרע, וואָס האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אין טאָל אַרײַן פון די בערג און האָט שווער געלויערט איבער אַלץ און איבער אונדז. מענטשן האָבן געוואַנדלט אין מיטן דער כמאַרע, ווי שאָטנס, און האָבן אויסגעזען צו מאָכן מאָדנע באַוועגונגען. צײַטנווײַז האָבן זיי זיך פאַרלוירן און צוריק באַוויזן, אַרויסשווימענדיק פון דעם גרויען ים. פון דער ערשט־אויפגעגאַנגענער זון איז קיין שפור נישט געווען צו דערקע־

---

* לעדערנע רעקלעך אויסגעבעט מיט וואָל אָדער פוטער.

נען. און נישט געקוקט אויף דעם נעפּל איז געווען געווען קאַלט, פּראָסטיק און גליטשיק. און מיר זײַנען געווען נישט אויסגעשלאָפן. מיר האָבן זיך דעריבער געהאַלטן צוזאַמען, ווי אַן איבערגעשראָקענע סטאַדע, צו קאָנען זיך העלפן איינער מיט דעם צווייטנס אָקסלען, אויב מיר וועלן זיך אויסגליטשן. מיר זײַנען געגאַנגען שטיל, נישט גערעדט צווישן זיך, און אין האַרצן האָבן מיר באַדויערט, וואָס מיר האָבן געפאָלגט דעם משוגענעם אײַנפאַל פון סאָניען צו לאָזן זיך אין מיטן ווינטער אין די בערג. סאָניע אַליין, די שטענדיק־פריילעכע, שטענדיק־ענערגישע, איז אויך געגאַנגען שטום, ווי אַ זינדיקע, און זי האָט זיך אין אמתן געמוזט פילן זינדיק; באַזונדערס — קעגן מיר. וואָלטן מיר כאָטש געווען אַליין; זי אָבער האָט ניט אַנדערש געוואָלט, נאָר שוואַרצוואַלד זאָל מיטגיין.

נישט געקוקט אויף דעם נעפּל זײַנען מיר געגאַנגען ביז צום באַרג און האָבן אָנגעהויבן אַרויפצוגיין. מיר זײַנען אָפּגעגאַנגען אַ היפּשע צײַט, פּאַמעלעך שלעפּנדיק די פיס, פאַרשלאָפן און פאַרטראַכט. אַז מיר האָבן זיך אויפגעהויבן אויף 2.000 — 2.500 מעטער הויך, האָבן מיר באַמערקט, אַז דער נעפּל איז פאַרשוווּנדן. די לופט איז געווען קלאָר און דורכזיכטיק, כאָטש אַרום זיך האָבן מיר גאָר נישט געקאָנט זען. מיר האָבן זיך געפונען צווישן ביימער, פון ביידע זײַטן וועג איז געלעגן דער פאַרפרוירענער שניי, און דער וועג אַליין האָט זיך טיף אײַנגעשניטן אין מיטן, און מיר האָבן אים געזען פאַר זיך נאָר אייניקע מעטער, ווײַל באַלד האָט ער זיך געבויגן און גענומען אין אַ זײַט און געפירט אונדז מיט זיגזאַגן, ווי אַלע בערג־וועגן.

— נו, ווי פילט איר אײַך, גנעדיגעס פרײַלין? — האָב איך געפרעגט סאָניען מיט נישט ווייניק גאַל.

— זייער־גוט, גנעדיגער הער. — האָט זי געענטפערט קאַלט.

— שוואַרצוואַלד! ווו זײַט איר? — האָט זי זיך געווענדט צו מײַן באַקאַנטן, וואָס איז אַלץ געבליבן הינטערשטעליק הינטער אונדז.

— די מינוט! — האָט ער געשריִען פון דער ווײַטן און האָט גענומען לויפן צו דעריאָגן אונדז.

ניִשט פאַראַן עפּעס ערגערס בײַם גייִן אין בערג ווי לויפן און ענדערן דעם טעמפּ פון גאַנג; אַזוי אַרום ווערט מען זייער־גיך מיד. איך האָב אים דאָס באַמערקט, נאָר ער האָט געענטפערט מיט בריהשאַפט:

— עס מאַכט ניִשט אויס! איך וועל ניִשט מיד ווערן.

און מיר האָט זיך אין דער מינוט געדוכט, אַז ער איז אין אמתן געוואָרן ייִנגער און פרישער, אַז זײַן שטים קלינגט זיכער און קרעפטיק... „דער גאָט פון אָלימפּ האָט געוועקט און דערוועקט", האָב איך געטראַכט...

גייענדיק אַזוי, האָבן מיר אָנגעהויבן צו באַמערקן ליכט־פלעקן אין די שאָטנס פון די ביימער, וואָס האָבן זיך אויסגעריסעוועט אויפן שניי. מיר האָבן אויפגעהויבן די אויגן און דורך דעם געפלעכט פון צווײַגן האָבן מיר דערזען שטיקער בלויען הימל. אונדז אַלע איז מיטאַמאָל געוואָרן פריילעך. מיר האָבן לאַנג שוין ניִשט געפילט קיין קעלט אין קערפּער, זײַענדיק דערוואַרעמט פון אונדזער אייגענער באַוועגונג, און מיר האָבן זיך גענומען גייִן מיט מער קוראַזש. אונדזער וועג האָט זיך געדרייט און געדרייט, ווי אַ שלאַנג; דער זעלביקער צעטראָטענער שניי פון אונטן, דער זעלביקער פאַרפרוירענער שניי פון די זײַטן און אַזוי אָן אויפהער. די ליכט־פלעקן און די שטיקער בלויער הימל זײַנען צײַטנווײַז אינגאַנצן פאַרשוווּנדן. מיר זײַנען שוין געהאַט געגאַנגען מער ווי אַ שעה צײַט, און דער וועג ביז צום שפּיץ באַרג איז געווען אויסגערעכנט אויף 4־5 שעה, אויב מען זאָל אין מיטן ניִשט אָפּרוען אין אַ רעסטאָראַן! אויב יאָ — נאָך מער. אַ לאַנגווײַליקע פּערספּעקטיוו.

נאָר אָט האָט אונדזער וועג זיך שוין אַרויסגעדרייט פון וואַלד; און פּלוצלינג האָבן מיר זיך געפילט באַגאָסן מיט אַ העלער און וואַרעמער ליכטיקייט; אַ גלאַנצנדיקע, קרישטאָל־לויטערע ווײַסקייט האָט אָנגעשלאָגן אויף אונדזערע אויגן פון אַלע זײַטן. נאָר אומגעריכטערהייט זײַנען מיר אַריבערגעטראָגן געוואָרן אין אַ נײַער, ווײַסער, ליכטיקער וועלט אַרײַן. מיר האָבן אויפגעהויבן די אויגן: דער

הימל איז געווען קלאָר, אָן איין וואָלקנדל, און האָט געבלישטשעט און געבלענדט, ווי אַ געשליפן גלאָז. אַרום איז געווען אַ וועלט פון שניי. ער האָט געפינקלט אַרום אונדז, פון אונטן, פון אויבן, פון אָפּ־גרונטן, פון די טיפע פליינען, פון די שפּיץ בערג, וואָס האָבן אונדז אַרומגערינגלט — פון אַלע זײַטן. דאָס אויג האָט זיך געבאָדן אין דער העלער ליכטיקייט, ווי אין אַ קוואַל פון נחת, און האָט זיך גע־קוויקט ביז צו ווייטיק, ביז צו טרערן; מיר זײַנען געבליבן שטיין איבערגעראַשט און אַנטציקט.

אונדזער וועג האָט איצט געפירט אויפן סאַמע ראַנד פון באַרג, און די גאַנצע אומגעגנט אַרום אויף עטלעכע מײַל האָט זיך אַנט־פּלעקט פאַר אונדזערע אויגן. צופוסנס פון באַרג איז געלעגן דער „אין־טאָל״, באַגרענעצט פון דער צווייטער זײַט מיט הויכע בערג; איבער דעם טאָל האָט זיך געשלענגלט דער טײַך אין, וואָס האָט אויסגעזען אויפן פּאָן פון ווײַסן שניי ווי אַ שמאָלער, גרויער פּאַס. אין ווינקל פון טאָל האָבן מיר דערזען די הײַזער פון קופשטיין, צו־זאַמענגעוואָרפן אין איין קופּע און קליינע, ווי קאָרטן־שטיבלעך. אי־בער זיי האָט זיך נאָך געטראָגן אַ דינע פּאַרע, וואָס האָט מיט אַ פליגל באַרירט דעם קעגנאיבערדיקן באַרג. דאָס איז געווען דער נעפּל, וואָס האָט געלויערט אויף דער שטאָט, ווען מיר האָבן זי פאַרלאָזט.

און אַרום זײַנען געשטאַנען די בערג פון פאַרשיידענער הייך, פון פאַרשיידענע געשטאַלטן. זיי האָבן זיך צוגעפּרעסט איינער צום אַנדערן אָדער געקראָכן איינער דעם אַנדערן אויף דעם קאַרק. טייל האָבן אויסגעזען מוראדיק מיט זייערע שאַרפע איבערגעריסענע לי־ניעס; טייל זײַנען געווען אויסגעגאָסן אין ווייכע, פײַנע געשטאַלטן, ווי אַ שיינער פרויען־בוזעם. און דאָס אַלץ האָט געבלאַנקט און גע־פינקלט, באַדעקט מיט שניי און באַגאָסן מיט ליכט. אין דער זײַט האָבן מיר געזען אַ קליינע גרופּע בערג, מיט דרײַ ווילדע, הויכע שפּיצן, וואָס האָבן זיך גלײַך געצויגן צום הימל. זיי האָבן אַראָפּגע־טרייסלט פון זיך דעם שניי, אַרויסגעוויזן זייער נאַקעטן, גרויען,

פעלדזיקן קערפּער און האָבן אויסגעזען ווי פאַרשאָלטענע ריזן, ביי־זע און שלעכטע, גרייט אַלץ אומצוברענגען, נאָר זיי זײַנען צוגע־שמידט צום אָרט מיט נאָך אַ שטאַרקערער מאַכט... מיר האָבן דער־קענט דעם „ווילדן קייזער“. פיל שרעקלעכע לעגענדעס, זייער־פּאָפּו־לערע אין טיראָל, זײַנען פאַרקניפּט מיט דעם נאָמען.

— אָ, ווי שיין! — האָבן מיר אַלע אויסגערופן כמעט מיט איין מאָל.

שוואַרצוואַלד האָט זיך שיער צעוויינט פון אַנטציקן, די אויגן זײַנען אים געוואָרן פײַכט און דאָס מאָגערע, קרענקלעכע פּנים האָט געשײַנט פאַר נחת, ווי דאָס פּנים פון אַ הייליקן.

— ניין, מײַנע ליבע! — האָט ער אויסגערופן — עס לוינט צו לעבן און צו לײַדן הונדערט יאָר, כדי אָט־דאָס צו זען איין קורצע ווײַלע. זעט, וואָס פאַר אַן אָפּרונט דאָ איז: אָט אַזוי זיך אַראָפּוואַרפן און שטאַרבן דאָ אויפן אָרט און באַדעקט ווערן מיטן ווײַסן שניי, ווי אַלץ אַרום!...

מיר האָבן געקוקט אַראָפּ, ווו ער האָט אָנגעוויזן, און מיר האָבן דערזען אַ טיפן אָפּגרונט, פון וועלכן אונדז האָט אָפּגעטיילט דער געפרוירענער שניי בײַ דער זײַט. אונטן אין דער טיפעניש האָט עפּעס גערוישט און גערירט זיך. דאָס איז געווען אַ בערג־שטראָם, וואָס מיר האָבן ניט געקאָנט דערזען. מיר האָבן נאָר באַמערקט אַ לײַכטע פּאַרע, וואָס האָט זיך פּאַמעלעך געשלעפּט פון די שפּאַלטן און היילן.

די זון איז געשטאַנען איבער אונדזערע קעפּ. ס׳איז געווען קעגן צוועלף. דער וועג האָט זיך אויף דעם אָרט כמעט נישט אויפגעהויבן, נאָר געגאַנגען גלײַך, צופירנדיק צו אַ צווייטער אויפהייבונג. מיר זײַנען געגאַנגען געלאַסן, קלאַפּנדיק מיט די לאַנגע שטעקנס אין שניי, און האָבן וויניק גערעדט צווישן זיך.

סאָניע האָט אויך געשוויגן. איך האָב נאָר לויט אירע אויגן דערקענט, וואָס פאַר אַן אײַנדרוק די אויסזיכט האָט געמאַכט אויף איר. דער הײַטערער, ענערגישער אויסדרוק פון איר פּנים איז איצט

פֿאַרשווונדן, און איך האָב אין אירע אויגן, אפשר צום ערשטן מאָל, באַמערקט אַ טיפֿע, פֿאַרבאַהאַלטענע בענקשאַפֿט, אַ ווייכע מעלאַנ־כאָליע. זי האָט זיך פּלוצלינג געווענדט צו שוואַרצוואַלדן און האָט אים דערלאַנגט איר אָרעם. זיי זײַנען געגאַנגען צוזאַמען, איך — נאָך זיי. נאָך אַ האַלבער שעה גיין זײַנען מיר אָנגעקומען אין דעם רעסטאָראַן, וואָס האָט זיך געפֿונען אין מיטן וועג. מיר האָבן אויס־געטרונקען צו גלעזער הייסן גלי־ווײַן, געלייגט צוטריקענען אונ־דזערע דורכגעפֿרוירענע זאָקן און מיר האָבן אויסגערוט און פֿאַר־בראַכט מיט די געסט, וואָס זײַנען אַלע ווײַלע אָנגעקומען פֿון אויבן און פֿון אונטן. די שיינע, העלדישע טיראָלער האָבן אונדז באַגריסט, ווי גוטע פֿרײַנט, און האָבן גערעדט מיט אונדז אויף זייער דײַטשן דיאַלעקט, וועלכן מיר האָבן נאָר מיט מי פֿאַרשטאַנען. דערבײַ האָט יעדער פֿון זיי געהאַלטן קענטיק פֿאַר אַ חוב צוזעצן זיך אַ ווײַלע צו סאָניען און זאָגן איר, אַז זי איז שיין.

— אַ קרעפּטיק מאַד׳ל — האָט מיר איינער אַרײַנגערוימט אין אויער, ווינקענדיק מיט די אויגן און צושאָקלענדיק מיט זײַן פֿאַט־ריאַרכאַלער, בלאָנדער באָרד.

סאָניע האָט דאָס אויסגעהערט זייער־גוטמוטיק און האָט גע־שמייכלט, נאָר געשמייכלט.

V

— נו, מאַרש ווײַטער! — האָט סאָניע אויסגערופֿן, אויפֿהייבנ־דיק זיך פֿון אָרט. מיר זײַנען אויך אויפֿגעשטאַנען און געמאַכט זיך גרייט אין ווײַטערן וועג אַרײַן.

אַ העלע, פֿריילעכע זון איז ווידער געשטאַנען איבער אונדזערע קעפּ, און די בלאַנקענדיקע ווײַסקייט האָט אָנגעוואָרפֿן אַ שיכרות אויף דער נשמה. מיר האָבן נישט געפֿילט קיין מידקייט, כאָטש מיר זײַנען שוין געווען עטלעכע שעה אין וועג. די פֿיס האָבן זיך ווי אַליין באַוועגט. מיר האָבן אײַנגעאָטעמט די פֿרישע, לײַכטע, קריש־

טאָל־ריינע בערג־לופט, און יעדעס אויפעטעמען און אָפּעטעמען האָט פאַרשאַפט אַן אומבאַקאַנט פאַרגעניגן. ווידער האָבן זיך באַוויזן די דרײַ שפּיצן פון „ווילדן קייזער", אָפּגרונטן, טאָלן און פליינען, באַצויגן אין גאַנצן מיט דעם אומגערירטן שניי. דער פעלדזיקער קאַרק פון „ווילדן קייזער" האָט געריכערט און אַ קליין־קליין וואָלקנדל האָט זיך געצויגן פּאַמעלעך און האָט אויסגעזען ווי אַן אומבאַהאָלפן באַשעפעניש, וואָס קלעטערט צו־אומגעלומפּערט צו אַ פאַרבאַהאַלטענער נעסט ערגעץ אין די שפּאַלטן פון באַרג. וואָס העכער מיר זײַנען אַרויפגעקומען, אַלץ נײַע שפּיצן האָבן זיך געוויזן, נײַע געגנטן, נײַע טאָלן און פליינען, און העט־העט ווײַט האָבן געשימערט אין דער קלאָרער לופט די אַלפּן, ליגנדיק אָנגעלייגט אויפן הימל; טייל מאָל זײַנען זייערע סילועטן שאַרף אַרויסגעטראָטן פאַרן אויג, טייל מאָל האָבן זיי אויסגעזען ווי אַ מענגע וואָלקנס, באַגאָסן מיט ליכט, און עס האָט זיך געדוכט, אַז זיי רוקן זיך פּאַמעלעך, דער „אין־טאָל", דער טײַך, די שטאָט און איר אומגעגנט זײַנען אין גאַנצן פאַרשוונדן; מיר האָבן זיך געפילט אָפּגעריסן פון יענער וואָכעדיקער, גרויער וועלט, וואָס מיר האָבן פאַרלאָזט, דרײַ מענטשן אַליין צווישן בערג און פעלדזן און וואָלקנס און שניי. די אומגעווײנטלעכע מונטערקייט, וואָס איז געוואַקסן אין אונדז, האָט זיך געזוכט אַ וועג אַרויס, און מיר האָבן אָנגעהויבן צו זינגען, צו לויפן, צו שרײַען. און דאָס ווידערקול האָט אונדז אָפּגעענטפערט פון אַלע זײַטן.

נאָך מער פאַר אונדז אַלע איז פאַרשיכורט געוואָרן שוואַרצוואַלד. זײַן לוסטיקייט האָט זיך אויסגעדריקט אין ווילדע פאָרמען. ער האָט געשריִען מיט אַ גאָרגלדיקער שטים, אַרויסגערופן דאָס ווידערקול, האָט געזונגען און איז געלאָפן אָן אויפהער. זײַן פּנים איז געווען געררויטלט און זײַנע אויגן האָבן געבליצט, ווי אַ משוגענעמס. מיט סאָניען האָט ער זיך געהאַלטן פרײַ, ווי אַ ברודער, גענומען זי פאַר דער האַנט, פאַרריכט איר דאָס היטל אויפן קאָפּ און נישט אָפּגעטראָטן פון איר אויף אַ מינוט. סאָניע האָט געשטיפט מיט אים און נאָר פון צײַט צו צײַט האָט זי מיר צוגעוואָרפן אַ בליק, גלײַך ווי זי

וואָלט זאָגן: אָט זע, וואָס ס׳הייסט ליב האָבן. אַזוי וויל איך, מ׳זאָל מיך ליבן, אַזוי...

אויפן וועג האָבן זיך אָנגעהויבן ווײַזן פּוסגייערס. טייל האָבן צוריקגעקערט פון אויבן; טייל, קומענדיק פון אונטן, האָבן אונדז אַריבערגעיאָגט. נאָר אַזוי ווי דער וועג האָט זיך אַלע ווײַלע פאַרדרייט אין אַ זײַט, זײַנען מיר באַלד ווידער געבליבן אַליין. פּלוצלינג האָבן מיר דערהערט אַ מאָדנע רופן, וואָס האָט זיך געדוכט צו קומען פון אַ זײַט: „האָפּ־האָפּ! האָפּ־האָפּ". דאָס ווידערקול האָט אָפּגעענטפערט פון אַלע זײַטן. און איידער נאָך מיר האָבן זיך אָריענטירט, וואָס דאָס איז אַזוינס, איז אויף אונדז אָנגעפאָרן, אַראָפּגליטשנדיק זיך מיט אימפּעט פון שיפּן וועג, אַ קליין שליטנדל, אויף וועלכן ס׳איז געזעסן אַ מענטש, רויט און דערשוויצט פון דער שנעלער באַוועגונג... ער האָט קוים געהאַט צײַט צו פאַרקערעווען דאָס שליטנדל אין אַ זײַט מיט דעם שנירל, וואָס ער האָט געהאַלטן אין דער האַנט. דאָס שליטנדל האָט זיך אָנגעשלאָגן אין דעם מויער שניי. דער מענטש איז אומגעפאַלן, האָט זיך עטלעכע מאָל איבערגעקײַקלט אויפן וועג. דערנאָך איז ער אויפגעשטאַנען ווי קיינמאָל גאָרנישט, און האָט זיך געווענדט צו אונדז האַלב מיט פּרעטענזיע, האַלב מיט שמייכל:

— מען דאַרף זיך שטעלן אין אַ זײַט. איך האָב דאָך געשריִען „האָפּ־האָפּ!", צי האָט איר נישט געהערט?

מיר האָבן זיך אַנטשולדיקט און געפרעגט אים, צי ער האָט זיך גאָרנישט געטאָן. ער האָט אונדז דערקלערט, אַז דאָס פאַלן איז לגמרי נישט קיין געפערלעכע זאַך. העכסטנס קאָן מען זיך קײַקלען ביז צו דעם אָרט, וווּ דער וועג פאַרבייגט זיך, און מען שטייט־אויף אומבאַשעדיקט. דאָס איז אַ באַזונדער אַרט אַלפּן־ספּאָרט, וואָס מען רופט „ראָדלען". מיר האָבן וועגן דעם געהערט, נאָר געזען עס צום ערשטן מאָל, און מיר האָבן זיך נישט וויניק דערשראָקן, זעענדיק ווי דאָס שליטנדל קערט זיך אום אין מיטן אַזאַ גרויסן אימפּעט. דער מענטש האָט זיך באַלד צוריקגעזעצט אויפן שליטנדל, וואָס האָט זיך

גענומען אַראָפּגליטשן, און איז באַלד פאַרשווונדן. באַלד אָבער זײַנען אָנגעקומען נײַע, און מיר האָבן זיך געשטעלט אין אַ זײַט זיי דורכ־צולאָזן. זיי זײַנען דורכגעלאָפן, ווי אַ בליץ, און עס האָט געשווינדלט פאַר די אויגן. אויף אַ טייל פון זיי זײַנען געזעסן צו פּאָר־פּאַלק. אַ געזונט, רויט טיראָלער מיידל, אין נאַציאָנאַלער טראַכט * האָט פעסט אַרומגענומען מיט אירע הענט אַ מאַנספּאַרשוין, וואָס איז געזעסן פאָרנט און האָט געפירט דאָס שליטנדל. דאָס מיידל האָט פאַרוואָרפן דעם קערפּער צוריק, כדי צו האַלטן דאָס גלײַכגעוויכט, און מיט די פיס האָט זי זיך פון צײַט צו צײַט אײַנגעגראָבן אין שניי, כדי קלענער צו מאַכן די אינערציע. מיר האָבן נאָך נישט געהאַט גענוג צײַט, כדי צו אָנטציקן זיך מיט דער לוסטיקער, מיט גליק־שפּראָצנ־דיקער דערשײַנונג, ווי זי איז באַלד פאַרשווונדן פון אונדזערע אויגן, און פון דער הייך האָבן זיך ווידער געלאָזט הערן רופן: „האָפּ־האָפּ! האָפּ־האָפּ!".

— מיר וועלן אַראָפּראָדלען? — האָט זיך סאָניע פּלוצלינג גע־ווענדט צו מיר.

— דו האָסט נישט מורא? — האָב איך געפרעגט.

— וואָס פאַלט דיר אײַן?

— און אויב דו וועסט פאַלן?

— וועל איך מיך אויפהייבן.

איך האָב זי געלויבט פאַר איר מוטיקייט און זי איז זייער צופרידן געווען פון קאָמפּלימענט. זי האָט מיר צוגעוואָרפן אַ ליב־לעכן בליק, האָט מיר פעסט געדריקט די האַנט און האָט געזאָגט:

— איך מוז מיך צוריקקערן צו מײַן קאַוואַליר. דער „שוואַרצער שאָטן" וועט בענקען נאָך מיר. ער איז הײַנט אַזוי אינטערעסאַנט: דו ביסט אײַפערזיכטיק?

— ניין.

— מיר וועלן אַראָפּראָדלען צוזאַמען אויף איין שליטנדל?

---

* קליידונג.

— אויב דו ווילסט.

— גוט. — זי האָט מיר נאָך אַ מאָל געדריקט די האַנט און איז צוריקגעגאַנגען צו שוואַרצוואַלדן.

אונדז האָט דעריאָגט אַ פּוסגייער, אַ הויכער, ברייט־געוואַקסע־נער טיראָלער, מיט דעם פּאַטריאַרכאַלן געזיכט און בלאָנדער באָרד — דער זעלבער, וואָס האָט מיר אײַנגערוימט אין אויער: „אַ קרעפּ־טיק מאַד׳ל". צוליב אונדז איז ער געגאַנגען פּאַמעלעכער און מיר האָבן מיט אים גערעדט פון די בערג, פון די לאַווינעס *, פון דעם בערג־לעבן. ער איז געווען שטאָלץ מיט זײַן לאַנד און מיט זײַן שיינער נאַטור. ער האָט אונדז פאַרציילט, אַז אין דעם רעסטאָראַן אויבן פײַערט עפּעס אַ פאַראיין זײַן פעסט **, ער אַליין געהערט צו דעם פאַראיין; אַז שלאָפן אויבן וועט געוויס ניט זײַן ווו, און מיר וועלן געוויס מוזן אַראָפּראָדלען צום אונטערשטן רעסטאָראַן. ער האָט אונדז דערקלערט, אַז ס׳איז אַבסאָלוט קיין שום געפאַר נישט. פאַר־בלאָנדזשען איז אוממעגלעך. דער וועג האַלט אונדז שטענדיק אײַנ־געשפּאַרט צווישן צוויי מויערן. נאָר אויף איין אָרט, ווו דער שניי איז נידעריק און דער וועג גייט האַרט נעבן אָפּגרונט, דאַרף אַן אומגעניטער מענטש זײַן פאָרזיכטיק. ער האָט אונדז געראָטן דורכ־צוגיין דאָס אָרט צופוס, ווײַל פאַר עטלעכע יאָר האָט דאָ פּאַסירט אַן אומגליק.

גאַנץ גיך זײַנען מיר אָנגעקומען צו דעם אָרט. דער טיראָלער האָט אַוועקגעשאַרט דעם שניי פון וואַנט און מיר האָבן געזען פאַר זיך אַ שטיין, אויף וועלכן עס איז געווען אויסגעקריצט דער נאָמען פון דעם אומגליקלעכן, וואָס איז דאָ אַראָפּגעפאַלן, און דער טאָג ווען דאָס איז געשען.

מיר האָבן אַראָפּגעקוקט אַרונטער און אונדז האָט געשווינדלט פאַר די אויגן פון גרויסער טיפעניש. עפּעס אַן אינסטינקטיווער פּחד

---

* שניי־משא, וואָס קייקלט זיך אַראָפּ פון בערג.

** יום־טוב.—

איז אָנגעפאַלן אויף דער נשמה, קוקנדיק אין דעם אָפּגרונט אַרײַן. אַפילו די ווײַסקייט פון שניי האָט קוים אָפּגעשלאָגן פון דאָרט. נאָ־ענטער צו אונדז האָבן פון אַלע זײַטן אַרויסגעשטאַרט פעלדזן. דאָס איז געווען די „טײַפלס־היילע", וואָס איז געווען באַצייכנט אויף אונדזער קאַרטע, אַ וויסטער, שרעקלעכער אָפּגרונט, וואָס איז כמעט אומצוגענגלעך. ס'איז פאַראַן אַהין עפּעס אַ וועג פון יענער זײַט באַרג — האָט אונדז דער טיראָלער דערקלערט — אָט־דער וועג איז איצט פאַרווייט. זומער קומט מען אַהין צו, און אין מיטן העלן טאָג איז דאָרט פינצטערלעך.

— און ווי טיף איז דאָ? — האָט איינער פון אונדז געפרעגט.

דער טיראָלער, אַנשטאָט צו ענטפערן, האָט אָנגענומען אַ פולע האַנט שניי, אים צוזאַמענגעפרעסט און אַראָפּגעוואָרפן. ער האָט צו־געבויגן דעם אויער און ס'זײַנען דורך עטלעכע סעקונדעס ביז דער קלאַפּ האָט זיך דערהערט.

— איבער צוויי הונדערט מעטער. — האָט ער געענטפערט.

אונדז האָט אָנגעהויבן אַ ביסל קאַלט צו ווערן. עס האָט גענומען בלאָזן אַ פּראָסטיקער, שנײַדיקער ווינט. דער הימל איז געוואָרן מאַט. אין דער לופט איז געלעגן אַ טונקלקייט. עס האָט אויסגעזען, ווי אין מיטן בעסטן לײַכטן איז די זון געוואָרן איבערגעשראָקן און פאַרצי־טערט. פון דער ווײַטן האָבן זיך פון צײַט צו צײַט געהערט משונה־דיקע קלעפּ, ווי מען וואָלט האַקןביימער אין וואַלד. טייל מאָל האָט זיך געדוכט, אַז אַ געוויטער קומט־אָן און די דונערן קײַקלען זיך דאָרט, אונטערן באַרג. באַלד האָט זיך דער הימל אין גאַנצן פאַר־צויגן און דער ווינט האָט געבלאָזן אין פּנים אַרײַן מיט שטיקער געפרוירענעם שניי. דאָס איז געגאַנגען אַ שניי־לאַווינע איבערן „ווילדן קייזער" און דער ווינט האָט אַהער פאַרטראָגן אַ מאַסע שניי, וואָס האָט באַדעקט דעם הימל.

— דאָס געדויערט נישט לאַנג. — האָט אונדז דער טיראָלער געטרייסט — דאָ גייט קיין לאַווינע נישט. — און דערבײַ האָט ער אונדז געלערנט, וואָס צו טאָן, אַז אַ לאַווינע טרעפט.

— מען דאַרף אָט אַזוי טאָן.

ער האָט אויפגעהויבן די הענט און גענומען מיט די פיס ציִען זיך אין דער הייך.

— שווימען, אָט אַזוי. — האָט ער געוויזן — אַרויסשווימען פון שניי. — ער האָט אונדז געגעבן די עצה און אַליין האָט ער אונדז פאַרלאָזט. מיר האָבן אים באַלד פאַרלוירן פון אויג. מיר זײַנען געוואָרן אומרויִק און געוואַרט אויף אַ לאַווינע שניי, וואָס וועט קומען אונדז באַגראָבן לעבעדיקערהייט אונטער זיך. ווי שרעקלעך דאָס מוז זײַן דערשטיקט צו ווערן ביסלעכווײַז אונטער דער ווײַסער מאַסע! דאָס איז אַ לאַנגער, שרעקלעכער טויט. עס טרעפט, אַז פאַרפאַלענע טוריסטן מוטשען זיך אַזוי מיטן טויט גאַנצע פיר און צוואַנציק שעה. און פאַרוואָס האָט ער אונדז פאַרלאָזט? — האָבן מיר געטראַכט — געוויס געוואָלט זיך אַליין ראַטעווען, זעענדיק אַז מיר קאָנען נישט נאָכאײַלן נאָך אים! „שווימען, אָט אַזוי"... — האָבן מיר געחזרט אין געדאַנק. און דער שניי, וואָס האָט אונדז ערשט נישט לאַנג אַזוי אַנטציקט מיט זײַן קלאָרקייט, וואָס האָט געקוויקט דאָס אויג און געגאָסן שטראָמען לוסטיקייט אין דער נשמה — דער זעלביקער שניי איז אונדז איצט פאָרגעקומען ווי אַ שרעקלעכע, גרויע, כאַאָטישע מאַסע, באַשאַפן נאָר צום פאַרדאַרבן.

אונדזער שרעק האָט אָבער נישט לאַנג געדויערט. די שנייִ־מאַסע האָט זיך דורכגעטראָגן. עס זײַנען נישט אַריבער קיין גאַנצע צען מינוטן און מיר האָבן ווידער געהאַט איבער זיך אַ קלאָרן הימל, אַ בלאַנקנדיקן, ווי אַ געשליפענע גלאָז, און די זון האָט געשאָטן מיט וואַרעמע שטראַלן; דער שניי האָט געבליצט און געבלענדט, און אונדזער לוסטיקייט האָט זיך צוריקגעקערט צו אונדז מיט נאָך אַ דאָפּלטער קראַפט. גאַנץ גיך האָט די לוסטיקייט דערגרייכט אַ גראַד פון עכטן שיכרות. מיר האָבן זיך אין מיטן וועג אַנידערגעזעצט אויפן שניי און גענומען זינגען עפּעס אַ ליד מיט אַ שאַלנדיקער שטים. אָפּגעריסן פון דער אונטערשטער וועלט, האָבן מיר זיך געפילט באַפרײַט פון אירע קייטן. שוואַרצוואַלד איז געוואָרן מיט אונדז

אויף „דו״, און מירביידע האָבן זיך דערלויבט מיט סאָניען זייער פּיל. מיר האָבן זי געקושט, געפירט זי פון ביידע זייטן אונטער די אָרעמס, ווי די סאַטירן די געפאַנגענע פייען אין רובענסעס אַ בילד. זי האָט זיך געריסן פון אונדזערע הענט און אונדז מיטגעשלעפּט פאָרויס און פּלוצלינג האָט זי זיך אַנידערגעוואָרפן אויפן שניי און האָט זיך צעלאַכט, אַז ס׳האָט געהילכט אַרום.

דער פעלדזיקער קאַרק פון „ווילדן קייזער״ האָט אַלץ געררוי־כערט, דער וואָלקן איז געוואָרן אַלץ גרעסער און גרעסער און האָט זיך אַראָפּגעלאָזט נידעריקער. ער האָט זיך גענומען לייגן אויף די שפּיצן בערג, וואָס מיר האָבן שוין געהאַט אונטער זיך. אַז מיר זײַנען אָנגעקומען צו אונדזער ציל, צו אַ רעסטאָראַן, וואָס האָט זיך געפונען אויף אַ הייך פון צוויי טויזנט פינף הונדערט מעטער, איז שוין אַ געדיכטער וואָלקן געלעגן אונדז צופוסנס און האָט באַדעקט אונטער זיך אַלע שפּיצן, אָפּגרונטן און פּליינען. נאָר העכער פון אונדז האָבן געבלישטשעט אין זייערע ווײַסע מאַנטלען די בערג, באַ־גאָסן מיט דעם ליבלעכן שײַן פון דער אָוונט־זון.

## VI

מיר האָבן שוין געהאַט אָפּגערוט, אָפּגעגעסן און אַ זיסע מידקייט איז געווען אויסגעגאָסן אין אַלע אונדזערע גלידער. די מידקייט איז דאָ געווען אַנדערש ווי אַלץ אַרום. זי האָט נישט גענייגט צו שלאָפן, נאָר וואַך צו זײַן, צו הערן און צו זען און צו רירן זיך. נאָר מיט שוואַרצוואַלדן איז געשען אַן איבערקערעניש. ער איז אַרײַנ־געפאַלן אין זײַן שווערן אומעט, געזעסן בײַם טיש, אָנגעשפּאַרט אויף אַ האַנט, און האָט געגלאָצט מיט זײַנע פינצטערע אויגן נישט צו ריידן קיין וואָרט. מיר האָבן אים געלאָזט זיצן און זײַנען אַרויס פון רעסטאָראַן, צו זען ווי די זון גייט דאָ אונטער אין דער וועלט.

דער וואָלקן, וואָס איז געלעגן אונטער אונדז, האָט זיך גענומען רויטלען, ערטערווײַז, דאָרט ווו די זון האָט זיך צוגעלאָזט, זײַנען

געלעגן פּורפּורנע פּאַסן; באַלד איז דער פּורפּור געוואָרן פײַערדיק־רויט און עס האָט זיך געדוכט, אַז די געדיכטע מאַסע האָט זיך אָנגעצונדן און פלאַקערט. נאָענטער צו אונדז איז דער וואָלקן געווען טונקל און איבערגעצויגן מיט אַ לײַכטער וויאָלעט־פאַרב. די טעמפּעראַטור איז ראַש געפאַלן. אַלע ענדערונגען זײַנען דאָ פאָרגעקומען מיט אַן אומגעוויינטלעכער שנעלקייט. אויף דעם וואָלקן האָט זיך אָנגעהויבן אַ שפּיל פון פאַרבן, וואָס האָבן זיך געביטן פון מינוט צו מינוט, טונקעלער און העלער געוואָרן. עס האָט אויסגעזען, ווי לײַכטע שאָטנס פון ראָזע, רויט, פּורפּור און וויאָלעט זאָלן ציִען אַהין און צוריק, בײַטן די ערטער און אַוועקשטויסן איינער דעם צווייטן. די זון איז אָנגעקומען נאָענטער און האָט זיך גענומען טונקען אין דעם וואָלקן, גלײַך ווי זי וואָלט זיך וועלן אויסבאָדן אין דעם ים פון די פאַרבן. אַרום האָבן אַרויסגעשטאַרט די בערג און האָבן שטיל און ערנסט זיך צוגעקוקט, ווי צו אַ הייליקער צערעמאָניע. זייערע שפּיצן זײַנען נאָך געווען העל באַלויכטן און עס האָט זיך געדוכט, אַז זיי באַוווּנדערן אָט־דעם וואָלקן, וואָס איז אויסגעהאָדעוועט אין זייערע שפּאַלטן און האָט זיך געלאָזט אין דער וועלט אַרײַן, און האָט זיך פאַרשפּרייט און צעלייגט, און שלינגט איצט אײַן די זון.

באַלד איז פאַרשוווּנדן געוואָרן די לעצטע רייף פון דער זון, און די שפּיצן פון די בערג האָבן אַלץ נאָך געפינקלט און געלויכטן. דער וואָלקן אונטן איז מיטאַמאָל טונקל געוואָרן, און נאָר אויף דעם אָרט, ווו די זון איז אונטערגעגאַנגען, האָט אַלץ געברענט אַ פײַער, גלײַך ווי אונטער אים וואָלטן גליִען פײַערדיקע קוילן.

מיר זײַנען געשטאַנען אין צווייען: איך און סאָניע. זי איז געווען אָנגעלענט אויף מײַן אַקסל און מיר האָבן געשוויגן. עס איז געוואָרן טרויעריק־טונקל, פראָסטיק, די פאַרבן זײַנען אויסגעלאָשן געוואָרן, און דער וואָלקן האָט גענומען ווערן גרוילעך־שוואַרץ. נאָר אויף די שפּיצן פון די בערג זײַנען נאָך אַלץ געלעגן ראָזע שאָטנס. גלײַך הינטער אונדזערע אַקסלען איז געלעגן דער קײַלעכדיקער שפּיץ

פון אונדזער באַרג. מיר האָבן זיך אומגעקוקט און ניט געגלויבט די אייגענע אויגן. ער איז געווען איינגאַנצן איינגעהילט אין אַ פּאַר־ביקן מאַנטל, וואָס זיין קאָליר איז ניט מעגלעך צו באַצייכענען מיט ווערטער. דאָס איז געווען אַן אַרט ראָזע, געמישט מיט וויאָלעט, צאַרט און ווייך, ווי די פאַרב, וואָס מיר זעען נאָר אין חלום. און ווייטער, ווייטער, ווו נאָר דאָס אויג האָט דערגרייכט, האָבן געגליט אין דער דעמערונג די שפּיצן פון די אַלפּן, און עס האָט זיך גע־דוכט, אַז זיי זינגען אַ שטילע מעלאָדיע אַלע אין איין כאָר, און אַז אין דער טונקעלער לופט ציטערט דאָס געזאַנג און ווערט פאַרלוירן...

סאָניע האָט זיך צוגעטוליעט צו מיר. איך האָב דערפילט, איר בוזעם פּרעסט זיך צו צו מיין קערפּער. זי האָט אַרומגעוויקלט איר האַנט אַרום מיין האַלדז און האָט מיך געקושט. נעבן אונדז זיינען געשטאַנען מענטשן; ניט זיי איז איינגעפאַלן צו שמייכלען, נישט אונדז צו שעמען זיך. אונדזער פּאָזע איז געווען אַזוי איינפאַך און פאַרשטענדלעך, ווי די גאַנצע שיינע וועלט אַרום. פּלוצלינג האָבן מיר דערזען שוואַרצוואַלדן. ער איז געשטאַנען און געגלאָצט אויף אונדז, און זיין אַדלער־נאָז האָט מאָדנע אַרויסגעשטאַרט. ער האָט געציטערט פון קעלט... אַך, ווי שרעקלעך זיין פּנים איז געווען! אַזוי זעען־אויס נאָר מענטשן, ווען מיר זעען זיי צום לעצטן מאָל, איידער דער טויט בענטשט זיי מיט זיין רויקייט. איך האָב געלאָזט סאָניען און צוגעגאַנגען צו אים.

— אייך איז קאַלט? — האָב איך געפרעגט.

ער האָט געשוויגן.

— מיר וועלן זיך באַלד דערוואַרעמען. דאָ איז נישטאָ ווו צו שלאָפן.

— יאָ. — האָט ער אונטערגעברומט אומבאַשטימט.

מיר האָבן גענומען צוויי שליטנדלאַך: איינס פאַר שוואַרצוואַלדן, דאָס צווייטע פאַר מיר מיט סאָניען צוזאַמען. זי איז געווען לוסטיק, האָט מיר געקלאַפּט אויפן אַקסל און געלאַכט און געשטיפּט. מיט

שוואַרצוואַלדן האָט זי זיך געווייצלט, רופנדיק אים אַלע ווײַלע „שוואַרצער שאָטן״.

— שוואַרצער שאָטן, איר האָט נישט קיין מורא?

— איך וויס נישט.

— איר זײַט געוואָרן אַ לאַנגווײַליקער נאַר.

ער האָט נישט געענטפערט, נאָר זי האָט אים נישט געלאָזט צו רו. איר איז געווען לוסטיק אויפֿן האַרצן. זי איז געווען פול מיט אײַנדרוקן. און דאָ איז נאָך פֿאַרגעשטאַנען אַזאַ רײַזע אין מיטן דער נאַכט אויף אַ שליטנדל, וואָס פליט שנעל באַרג־אַראָפּ, און צוזאַמען מיט מיר, ווי די טיראָלער מיידלעך מיט זייערע אויסדערווײלטע. איר האָט זיך געוואָלט ריידן און רייצן שוואַרצוואַלדן.

— אײַך איז קאַלט, שוואַרצוואַלד? — האָט זי אים געפרעגט.

— אַ ביסל.

— און וואָס וועט איר טאָן, אַז איר וועט פֿאַלן?

ער האָט ווידער געשוויגן.

זי איז שוין געזעסן אויפֿן שליטנדל הינטער מיר. איך האָב מיך אומגעקערט און געלייגט די האַנט אויפֿן מויל. „שווײַג! גענוג!״ — האָב איך איר אײַנגערוימט. זי האָט זיך הויך צעלאַכט.

— מיר הייבן־אָן, — האָב איך געקאָמאַנדעוועט — שוואַרצוואַלד, איר האַלט אײַך נישט צו נאָענט צו אונדז! אַז מיר וועלן פֿאַלן, ברעמזט * און האַלט־אײַן דאָס שליטנדל, אויב אירווילט נישט פֿאַלן אויף אונדז אַרויף. נו, איינס, צוויי, דרײַ — מאַרש!

סאָניע האָט מיך פעסט אַרומגענומען מיט די הענט, און דאָס שליטנדל האָט זיך אָנגעהויבן פּאַמעלעך צו גליטשן.

— גיט אַכטונג! — האָב איך נאָכגעשריִען שוואַרצוואַלדן — אַז דער וועג גייט רעכטס, ברעמזן מיטן רעכטן פוס, לינקס — מיטן לינקן.

---

* טאָרמאַזירט.

— און אויב איר וועט פאַלן, פאַרגעסט אײַך נישט אויפצוהייבן!
— האָט סאָניע צוגעשריִען.

ס׳איז שוין געווען אין גאַנצן פינצטער. דער הימל איז געווען טונקל און אויסגעזעצט מיט בלאַנקע שטערן. די בערג זײַנען געווען אײַנגעהילט אין גרויע מאַנטלען און עס האָט זיך געדוכט, אַז זיי דרעמלען אין זיי. נאָר די שטערן אויבן האָבן געפינקלט לוסטיק און פריילעך און זײַנען געלאָפן נאָך אונדז אויף אונדזער וועג. מיר האָבן זיך באַוועגט אין אָנהייב פּאַמעלעך און פאָרזיכטיק, ברעמזנדיק מיט די פיס אָן אויפהער. ביסלעכווײַז האָבן מיר זיך צוגעוווינט. מיר האָבן געלאָזט פרײַ אויף אַ מינוט דאָס שליטנדל, און עס האָט גענומען לויפן מיט אימפּעט. אונדז איז מיטאַמאָל וואַרעם געוואָרן. און פלוצלינג, בײַ דער ערשטער בייגונג פון וועג — בוך! אונדזער שליטנדל האָט זיך אָנגעשלאָגן אין דער וואַנט שניי, האָט אונדז אַראָפּגעוואָרפן, און אַליין ווײַטער געלאָפן, פאַרהאַלטנדיק זיך ערשט בײַ דער צווייטער בייגונג. מיר האָבן זיך עטלעכע מאָל אויסגעקײַקלט אין שניי, איך אויף סאָניען, סאָניע אויף מיר, און איידער נאָך מיר האָבן צײַט געהאַט צו לאַכן און איבערצײַגן זיך, אַז מיר זײַנען גאַנץ — בוך אויף דאָס נײַ! שוואַרצוואַלד איז אָנגעפאָרן אויף אונדז מיט זײַן שליטנדל, אַליין זיך אומגעקערט, און מיר אַלע דרײַ האָבן זיך צוזאַמענגעקוליעט אין שניי איינער איבערן אַנדערן. סאָניע האָט זיך אויפגעהויבן די ערשטע און האָט זיך צעלאַכט הויך און געזונט.

מיר האָבן זיך באַלד צוריקגעזעצט אין די שליטנדלעך, ווידער אַ מאָל געפאַלן, נאָר גאַנץ גיך האָבן מיר זיך אויסגעלערנט ריכטיק צו ברעמזן, און אונדזער רײַזע איז געגאַנגען פריילעך און גליקלעך. אונדז איז אויסגעקומען נאָר אַלע ווײַלע צו וואַרטן אויף שוואַרצוואַלדן, וואָס איז אָפּגעשטאַנען.

— האָפּ־האָפּ! — האָבן מיר געשריִען פון דער ווײַטן — שוואַרצוואַלד, ווו זײַט איר?

— דאָ! — האָט אונדז אָפּגעענטפערט אַ שטים פון דער ווײַטן, מיר האָבן אים אַלץ נישט געזען פאַר די אויגן.

איך און סאָניע האָבן מיר זיך געטוישט מיט די ערטער. איר האָט זיך געוואָלט זײַן דער פירער, איך האָב זי אַרומגענומען פאַר דער טאַליע, און גאַנץ גיך האָט זי געלאָזט דאָס שליטנדל לויפן מיט אַן אומגעהויערן אימפּעט. דער וועג האָט זיך אַלע ווײַלע געבויגן, און מיר, אויף גאָרנישט אַכטנדיק, זײַנען דורכגעפלויגן אין ביי־גונג נאָך דער צווייטער. שוואַרצוואַלדן האָבן מיר שוין לאַנג נישט געהערט הינטער זיך. פּלוצלינג האָב איך מיך דערמאָנט אין דער „טייפלס־היילע״ און האָב פאַרהאַלטן מיט די פיס דאָס שליטנדל.

— דאָ מוז מען גיין צופוס. — האָב איך געזאָגט.

עס האָט זיך אָבער אַרויסגעוויזן, אַז די „טייפלס־היילע״ זײַנען מיר שוין דורכגעפלויגן אין אימפּעט. מיר האָבן גאָר קיין באַגריף נישט געהאַט פון דער שנעלקייט, וואָס מיר האָבן דערגרייכט. נאָך פערציק מינוט — און מיר קומען גליקלעך אָן אין אונטערשטן רעסטאָראַן. מיר האָבן זיך אָפּגעשטעלט און געוואַרט אויף שוואַרצ־וואַלדן.

— האָפּ־האָפּ! האָפּ־האָפּ! — האָבן מיר געשריִען — שוואַרצ־וואַלד! שוואַרצוואַלד!

קיין ענטפער איז נישט געווען. נאָר אַ ווידערקול האָט זיך אָפּגערופן פון אַלע זײַטן, און די שטערן האָבן געווונקען פון אויבן.

— שוואַרצוואַלד! ווו זײַט איר? — האָב איך גענומען שרײַען נאָך העכער און מײַן שטים האָט געציטערט. איך האָב פאַרויסגעפילט אַן אומגליק. אַן אינערלעכע שרעק האָט גענאָגט דאָס האַרץ.

מיר זײַנען צוריקגעגאַנגען אים זוכן.

לאַנג האָט דאָס געדויערט און די שרעק איז געוואַקסן מיט יעדן טריט אין אונדזערע הערצער. מיר האָבן מורא געהאַט צו ריידן, צו־צוגיין נאָענטער איינער צום אַנדערן. מיר האָבן שוין לאַנג אויפגע־הערט צו רופן „שוואַרצוואַלד״. דאָס וואַרט אַליין האָט באַקומען אַ שרעקלעכע באַדײַטונג און האָט געמאַכט ציטערן יעדערן נערוו, און

מיר זײַנען געגאַנגען באַזונדער, יעדערער מיט זײַן שרעק, און שווײַגנדיק געזוכט. צום סוף האָבן מיר געפונען זײַן שליטנדל אויפן מיטן וועג. שוואַרצוואַלד איז אין ערגעץ נישט געווען.

מיר האָבן ווידער גענומען רופן, שרײַען, זוכן — אומזיסט!

— וואָס קאָן דאָס זײַן? — האָט מיך סאָניע געפרעגט, און איך ציטערדיקע שטים האָט געקלונגען בייז און אויפגערעגט.

— איך האָב מורא, ער איז אַראָפּגעפאַלן — האָב איך געזאָגט.

— אַראָפּגעפאַלן?! — זי האָט זיך אָנגעכאַפּט פאַרן קאָפּ און האָט אָנגעהויבן שרײַען מיט אַ ווילד קול:

— רעטונג! רעטונג! רעטונג!

איך האָב אויך גענומען שרײַען, און אַרום און אַרום האָט געהילכט פון אונדזערע קולות. אַפילו די בערג, דוכט זיך, האָבן מיטגעציטערט מיט אונדז פאַר שרעק.

איך האָב געפּרווט אָנצינדן איין שוועבעלע נאָך דעם אַנדערן; דער ווינט האָט זיי אויסגעלאָשן, און מײַנע הענט האָבן דערצו גע־ציטערט. דאָס איז געווען אַ משוגענע אידייע, וואָס מיר האָט זיך געוואָלט: אַראָפּצולײַכטן אין אָפּגרונט אַרײַן פון צוויי הונדערט מע־טער מיט אַ שוועבעלע. איך האָב מיך אַריבערגעבויגן און אַליין שיער ניט געפאַלן, און סאָניע האָט אַלץ געשריִען און געשריִען.

ס'זײַנען אָנגעקומען מענטשן פון אויבן. זיי האָבן דערהערט אונדזערע געשרייען און האָבן אַראָפּגעראַדלט מיט אַ לאַמטערן. אַלץ איז באַלד קלאָר געוואָרן. די מויער פון שניי איז אויף איין אָרט געווען אײַנגעקוועטשט. פון דעם אָרט איז ער אַראָפּגעפאַלן. העלפן איז געווען אוממעגלעך. בײַנאַכט קאָן מען דאָרט נישט צוקומען, און דאָס וואָלט אויך איבעריק געווען. אַראָפּפאַלנדיק פון אַזאַ הייך איז אוממעגלעך געווען, ער זאָל נישט בלײַבן טויט אויף דער שטעל.

# VII

אָט אַזױ איז אונדזער חבר אומגעקומען אין די בערג!

מיר זײַנען אַראָפּגעקומען אונטן, אין רעסטאָראַן אַרײַן, געפרוירן, טויט־מיד און צעבראָכן. מיר האָבן אַלץ נישט געקאָנט פאַרלאָזן דאָס אָרט, וווּ דאָס אומגליק איז געשען. עס האָט זיך געדוכט, אַז דער טויטער, נאָר נאָך וואַרעמער קערפּער פון דעם אָרעמען מענטשן, ליגט אָט־נעבן אונדז, און מיר דאַרפן נאָר די הענט אויסשטרעקן, כּדי אים צו באַרירן. און אפשר? ווער ווייס? אפשר לעבט ער דאָרט און בעט הילף?! מיר האָבן זיך לאַנג געדרייט אויף דעם אָרט אַהין און צוריק. אונדז האָט געדראָט די געפאַר צו פאַרפרירן דאָ. צום סוף האָט אונדז דער אינסטינקט פון לעבן געפירט אַראָפּ, וווּ מיר האָבן גענומען אַ נומער אין רעסטאָראַן איבערצונעכטיקן. סאָניע האָט זיך ניט אויסגעטאָן. זי איז נאָר געזעסן אויפן בעט, אָנגעלענט מיטן קאָפּ אויף מײַן אַקסל. מיר האָט זיך געדוכט, אַז זי איז אײַנגעשלאָפן אַזוי. נאָר מיט איין מאָל האָט זי אָנגעהויבן צו שליוכצן און צו וויינען הויך און העפטיק, און גרויסע טרערן, ווי טראָפּנס רעגן, זײַנען געפאָלן פון אירע אויגן. זי האָט געוויינט לאַנג און אין דעם וויינען אירן איז געווען אַזוי פיל געזונטקייט און פרישקייט, ווי אין איר לאַכן, ווי אין איר ריידן, ווי אין איר גאַנצן וועזן. אַזוי וויינען מענטשן גליקלעכע, ווען זיי דאַרפן אָפּוואַשן פון דער נשמה עפּעס אַן אומגליק. זי איז אײַנגעשלאָפן אויף מײַן אַקסל. איך האָב זי געלייגט אויפן בעט און אַליין בין איך אַרויסגעגאַנגען אין דרויסן.

די נאַכט איז געווען פראָסטיק. אַרום איז געווען שטיל. די ווײַסע וועלט איז געשלאָפן און האָט באַהאַלטן אין זיך אַ יונג, ערשט געפּטרט לעבן.

אַ ווילדער פאַרלאַנג האָט מיך געצויגן אַהין, צו דעם אָפּגרונט דאָרט, וווּ ער האָט זיך געדוכט צו רופן און צוצוזאָגן גליק און רו אין זײַן טיפעניש. איך האָב געפילט, אַז גייענדיק אַהין וועל איך

מער נישט צוריקקומען, און בין געבליבן שטיין פֿאַרזונקען אין געדאַנקען, פֿון הימל, אויבן, האָבן געווונקען די שטערן און האָבן דערציילט פֿון אייביקייטן, וואָס פֿאַר זיי איז גלײַך פֿרייד און לײַדן, גליק און אומגליק, לעבן און טויט.

און אויפֿן וועג צוריק קײַן מינכען האָבן מיר די גאַנצע צײַט גערעדט פֿון אים. ס'איז אויסגעקומען אַזוי מאָדנע, וואָס מיר זיצן דאָ, נאָר צוויי אַנשטאָט דרײַ, וואָס זײַנען אַהער געקומען. רײדנדיק האָב איך אַרויסגעזאָגט סאָניען מײַן מיינונג, אַז ער איז נישט אַראָפּגעפֿאַלן, ווי די צײַטונגען האָבן באַשריבן דעם פֿאַל, נאָר אַז ער האָט זיך אַליין אַראָפּגעוואָרפֿן.

— און דו מיינסט, ער האָט מיך אין אמתן ליב געהאַט? — האָט זי געפֿרעגט, און אויף איר פּנים האָט זיך צעגאָסן דער צופֿרידענער, גליקלעכער שמייכל אירער.

אַך, דער שמייכל!

# שווייג, שוועסטער!

פעליע פײַנשטיין האָט שטענדיק געהאַלטן בײַ זיך אַ קליין פלעשעלע ציאַניסטי קאַלי. יעדע מינוט, ווען נאָר זי זאָל דאָס וועלן, קאָן זי אויסטרינקען מיט איין זופּ דעם שאַרפן גיפט און אין עטלעכע מינוט אַרום איז זי טויט. איר איז דאָס פאָרגעקומען אַזוי לײַכט צו טאָן ווי, צום בײַשפּיל, לייגן זיך שלאָפן בײַנאַכט.

פאַר עטלעכע יאָר, אין דער זעלביקער צײַט, ווען זי איז געווען דאָס לעצטע מאָל אַזוי שרעקלעך געגאַרט און אַזוי טיף באַליידיקט, האָט זי פעסט באַשלאָסן, אַז — גענוג! זי קאָן מער נישט אַריבערטראָגן דאָס אייביקע מאַטערניש, זי מוז מיט אירע אייגענע הענט איבעררײַסן די קייט פון לײַדן, וואָס ציט זיך און וועט זיך אַזוי ציִען אָן אַן אויפהער, ווי לאַנג זי וועט לעבן. איר יוגנט האָט שוין דעמאָלט געהאַלטן אין אָפּבליִען; מיט יעדן טאָג איז געוואַקסן דאָס קלעמעניש אין האַרצן, די בענקשאַפט, וואָס האָט גענאָגט און גענאָגט און קיין מינוט נישט אויפגעהערט. מענטשן זײַנען איר דערעסן געוואָרן. די לעצטע געשיכטע האָט איר געעפנט די אויגן, צו זען וואָס אייגנטלעך די אַלע מאַנספאַרשוינען פאַרלאַנגען פון איר. זי האָט זיך געפילט ווי אַן אומבאַהאָלפן באַשעפעניש אין וואַלד, אַרומגערינגלט פון יעגערס, וואָס ווילן זי פאַנגען. און דאָס האַרץ האָט אַזוי געצויגן און געבענקט צו זיי, און דער געדאַנק האָט זיי אַזוי פײַנט געהאַט!

זי איז געקומען בײַנאַכט אַהיים אין איר צימער, האָט אַרויסגענומען פון טאַש דאָס קליינע פלעשעלע, האָט עס געשטעלט אויף דער טאַבורעטקע נעבן טיש און האָט אָנגעשריבן אַ קורצן בריוו צו איר מוטער און איר ייִנגערער שוועסטער. זי האָט זיך אויסגעטאָן

און אָנגעטאָן קלאָרע וועש. דערנאָך האָט זי איבערגעצויגן די קישנס מיט ווײַסע ציכלעך, איבערגעטוישט דעם לײַלעך, אַזוי אַז איר געלעגער האָט געבלאַנקט שפּאָגל־ווײַס און נײַ. אין איין העמד האָט זי זיך געשטעלט פאַרן שפּיגל, האָט אויפגעפלאָכטן אירע שוואַרצע האָר — דאָס שענסטע, וואָס איר איז געבליבן — און האָט זיי געלאָזט אַראָפּפאַלן פרײַ איבער איר קאָפּ, און מיט שטילע רויִקע טריט איז זי צוגעגאַנגען צום בעט און האָט זיך געלייגט. זי האָט זיך נישט געאײַלט. בכלל, האָט זי זיך גענומען אין זין אַרײַן צו שטאַרבן רויִק און שיין, נישט אין אײַלעניש און כאַפּעניש, נישט אין אַן אויפגערעגטער מינוט. זי איז געווען שטאָלץ, האָט געהאַט אַ טיפע אַכטונג צו איר אייגענער פּערזאָן, און איר האָט נישט געקאָנט אײַנפאַלן קיין ספק, צי זי וועט האָבן מוט אויסצופירן איר באַשלוס.

זי האָט אויסגעצויגן איר שלאַנקן קערפּער אין בעט, גלײַך אַראָפּגעלאָזט די הענט איבער דער קאָלדרע, האָט צוגעמאַכט די אויגן און זיך פאַרטראַכט. זי האָט זיך פאָרגעשטעלט דעם נאָענטן טויט, און ער האָט זי נישט געשראָקן. וועגן די עטלעכע מינוט פון אויסטרינקען דעם גיפט ביז צום עק האָט זי אַפילו נישט געוואָלט טראַכטן. נאַרישקײַטן! צוויי־דרײַ מינוט לײַדן, דאָס איז דאָך לעכערלעך. און דערנאָך... דערנאָך האָט זי זיך פאָרגעשטעלט, ווי איר קערפּער ליגט פאַרגליווערט אין בעט, די אויגן פאַרמאַכט, דאָס פּנים בלאַס; דאָס האַרץ שלאָגט נישט מער, דער מוח איז אָנגעגאָסן מיט בלײַ און ערגעץ, ערגעץ איז נישטאָ מער קיין שפּור פון דעם שווערן קלעמעניש! איר איז אַפילו שוין איצט פריילעך געוואָרן בײַ דעם געדאַנק, אַז איר האַרץ וועט זײַן פרײַ פון דעם געפיל, וואָס האָט עס געשטיקט טאָג און נאַכט, ווי אַ שטיין. אויף איר טיף־פאַרטראַכטן פּנים מיט די פאַרמאַכטע אויגן איז דורכגעלאָפן עפּעס ווי אַ שמייכל.

זי האָט אויסגעלייגט אירע האָר אויפן קישן, האָט געעפנט די אויגן און האָט אויסגעשטרעקט די האַנט צו דער טאַבורעטקע. די ליכטיקייט, דער טיש, די באַנק און די איבעריקע זאַכן פון צימער האָבן זיך אָנגעשלאָגן אין אירע אויגן אויף עפּעס אַ נײַעם, גאָר

באַזונדערן אַרט. זי האָט געהאַט פאַרגעניגן פון דעם קוקן אויף זיי, פונקט זי וואָלט זיי אָט אַזוי נאָך קיין מאָל אין איר לעבן ניט געהאַט געזען. זיי אַלע, פון דער טאַבורעטקע ביז צו די אויסגע־שטריקטע זוימען פון העמד אויף איר ברוסט, ביז צו אירע אייגענע, רויִק־ליגנדיקע הענט — אַלץ, אַלץ האָט אויסגעזען אַזוי אומבאַ־קאַנט און דאָך אַזוי באַקאַנט, אַזוי נײַ און דאָך אַזוי אַלט. עפּעס אַ פאַרביקע ליכטיקייט, וואָס האָט געשטאַמט פון איר אייגענעם וועזן, איז געלעגן אויסגעגאָסן אויף אַלץ און האָט געגעבן גאָר אַ נײַעם קאָלאָריט דער וועלט אַרום, איר אַליין, אירע אַלע געדאַנקען און געפילן. אַלץ האָט זיך איצט אויסגעדוכט צו זײַן שטיל, רויִק און אַזוי געבענטשט אין זיך.

„איצט שטאַרב איך", האָט זי געטראַכט. און אויך דער גע־דאַנק, מיט וועלכן זי האָט זיך אַזוי לאַנג אַרומגעטראָגן, האָט איר איצט אויסגעזען נײַ. אויך אין אים איז געלעגן באַהאַלטן עפּעס אַ געבענטשטע רויִקייט, פון וועלכער זי האָט פריִער קיין אַנונג ניט געהאַט. זי האָט שוין גענומען דאָס פלעשעלע אין האַנט און עס צו־געטראָגן צו די ליפּן, אויפהייבנדיק דערבײַ אַ ביסל דעם קאָפּ פון קישן, און אין דעם זעלביקן מאָמענט האָט אַ נײַע אידייע אויפגע־בליצט אין איר קאָפּ, אַן אידייע, וואָס האָט זיך געדוכט צו זײַן טיף און אומדערגרינטלעך, ווי דער סוד פון טויט און לעבן, און אַלץ אַרומנעמענדיק אַזוי ווי זיי. זי האָט זיך אָפּגעשטעלט, האַלטנדיק דאָס פלעשעלע בײַם מויל, כדי צו טראַכטן דעם גרויסן געדאַנק. זי האָט פאַר אים נישט געהאַט קיין ווערטער, און דאָך איז ער געווען אַזוי פּראָסט און קלאָר. יענע וועלט פון קלעמעניש און בענקשאַפט, פון לײַדן און מאַטערניש האָט זי שוין געהאַט הינטער זיך. אין איר איז אויפגעגאַנגען אַ נײַע וועלט, וווּ לײַדן זײַנען אוממעגלעך, וווּ קיין זאַך שרעקט מער נישט, וווּ מען בענקט נישט און מען פאַרלאַנגט גאָרנישט — אַ רויִקע און אַ געבענטשטע וועלט. איר האָט זיך גע־דוכט, אַז אָט איצט שטייט זי אויף דער גרענעץ פון טויט און לעבן, אויף דעם פּונקט, וווּ זיי רירן אָן איינער דעם אַנדערן און ווערן

פֿאַרשלונגען איינער אין אַנדערן און זײַנען איינס. זי האָט ווידער צוגעמאַכט די אויגן, צוריקלייגנדיק דעם קאָפּ אויפֿן קישן. פֿאַר אירע אויגן האָבן זיך געטראָגן אויפֿן שוואַרצן פֿאָן פֿאַרשיידענע באַקאַנטע געזיכטער, ציטערנדיק ווי ליכט־פֿלעקן. עס האָט זיך אויסגעריסע־ווּעט דאָס שמייכלדיק, ווייך און דאָך אַזוי געהאַסט פּנים פֿון דעם סטודענט, מיט וועמען איר לעצטע געשיכטע איז געווען פֿאַרקניפּט. זי האָט איצט נישט געפֿילט קיין פֿײַנטשאַפֿט צו דעם פּנים, קיין האַס פֿון באַליידיקונג. דאָס פּנים איז געווען שטיל אין זיך, רויִק אין זיך און געבענטשט אין זיך, ווי דער גרויסער געדאַנק, ווי די גאַנצע וועלט. עס האָבן זיך פֿאַרבײַגעטראָגן איר מוטער, איר שוועסטער, באַקאַנטע — אַלע האָבן געהאַט דעם זעלביקן אויסדרוק.

„צי בין איך שוין געשטאָרבן"? — האָט זי זיך געפֿרעגט. נאָר ניין, זי איז נישט טויט, דאָס פֿלעשעלע גיפֿט איז נאָך געווען אין איר האַנט און זי האָט עס נאָך געהאַלטן פֿאַר אירע ליפּן. און אין דער מיסטישער העלקייט פֿון איר קאָפּ האָט זיך פּאַמעלעך אויסגעוּ־ריסעוועט אַ קלאָרער געדאַנק: „איך שטאַרב דאָך רויִק, גליקלעך און מיט פֿריידן!" און באַלד דערויף האָט זיך צוגעשפּינט אַ נײַער געדאַנק:

„אויב מען קאָן אַזוי רויִק און גליקלעך שטאַרבן, וואָס שרעק־לעכס איז ווידער פֿאַראַן אין לעבן? צו וואָס זיך אײַלן?".

די גאַנצע נאַכט איז זי דורכגעלעגן מיט פֿאַרמאַכטע אויגן, און אין איר קאָפּ האָבן זיך געטראָגן אומקלאָרע בילדער און געדאַנקען. אויף מאָרגן, ווען זי האָט זיך אויפֿגעהויבן און געעפֿנט די אויגן, איז נאָך געלעגן אויף אַלץ אַן אָפּגלאַנץ פֿון דעם נעכטיקן קאָלאָריט, אַלץ האָט נאָך אויסגעזען עפּעס ווי נײַ, און אַליין האָט זי זיך געפֿילט ווי נײַ־געבאָרן... אַ וווּנדער איז געשען: איר האַרץ איז געווען פֿרײַ, קיין שפּור פֿון דעם קלעמעניש, קיין שאָטן פֿון דער בענקשאַפֿט איז דערין מער נישט געווען.

„צי האָב איך נישט געהאַט קיין מוט אויסצופֿירן?" — האָט זי זיך דעם זעלביקן טאָג געפֿרעגט: „נאָר, ניין! איך קאָן רויִק שטאַרבן,

וועט זיך נאָר אָנהייבן דאָס קלעמעניש אין האַרצן, ווער איך דאָס טאָן, און טאָן אָן אַ ציטעריקער האַנט, איבערגעלייגטערהייט, מיט קלאָרע געדאַנקען", און דאָס פלעשעלע גיפט איז געבליבן בײַ איר גרייט אויף עס אויסצוניצן, ווען זי וועט באַשליסן.

זי איז געבליבן לעבן אויף דערווײַל, פילנדיק זיך אויף דעם שוועל פון טויט. יענע נאַכט האָט אַרויפגעלייגט אויף איר אַ באַזונדערן שטעמפל. איר בליק, דער אויסדרוק פון איר פּנים, אירע מאַנירן, איר שטים אַפילו האָבן זיך געענדערט, און זי האָט פאַרשפּרייט אַרום זיך אַ טיפע, אומפאַרשטענדלעכע ערנסטקייט און וויכטיקייט. אין איר קעגנוואַרט איז מען געגאַנגען געלאַסן און גערעדט שטיל. האָט ווער געלאַכט, האָט ער זיך דערשראָקן פאַר זײַן קול. און ווען זי האָט צופעליק אַרויפגעלייגט איר האַנט אויפן טיש, איר פײַן־אויסגעשניטענע האַנט מיט די לאַנגע, ווײַסע פינגער, האָט מען געפילט אַ דרך־ארץ צו איר, און די בליקן זײַנען געוועזן צו איר צוגעצויגן ווי מיט מאַגנעטישער קראַפט. זי האָט ווײַטער געגעבן לעקציעס, געפירט דיווירטשאַפט, גערעדט ווייניק און נאָר צו דער זאַך, נאָר אירע פּראָסטע רייד וועגן פּראָסטע, היימישע זאַכן האָבן געמאַכט אַ מאָדנעם אײַנדרוק, גלײַך ווי אונטער זיי וואָלט זיך פאַרבאָרגן עפּעס אַ גרויסער סוד. זי איז געוואָרן אַ פרעמדע אין הויז. אי די קראַנקע מוטער, אי די שוועסטער האָבן מיט איר נישט גערעדט קיין איבעריקע רייד, און אַלע האָבן געוווּסט, אַז זי טראָגט אין האַרצן באַהאַלטן פון אַלעמען איר גרויס אומגליק.

טעג זײַנען פאַרגאַנגען נאָך טעג, זי האָט געלעבט אין איר נעפל און האָט געשוויגן. די מוטער איז געשטאָרבן, די שוועסטער האָט געענדיקט די גימנאַזיע, זי אַליין איז געוואָרן עלטער, נאָר איר איז עס פאַרגעקומען, ווי קיין זאַך וואָלט זיך נישט ענדערן. אַלץ, וואָס ס'איז געשען, איז געשען אַזוי נאַטירלעך און פאַרשטענדלעך, אַז אַנדערש האָט גאָרנישט געקאָנט זײַן. געדוכט האָט זיך, אַז פון יענעם טאָג אָן איז אַלץ אין איר און אַרום איר פאַרגליווערט געוואָרן און רירט זיך נישט מער. איר יוגנט אַפילו וועלקט מער נישט, און זי

בלײַבט די זעלביקע ווי פֿאַר אַ יאָר, ווי פֿאַר צוויי יאָר. זי האָט געלעבט אָן פֿריידן און אָן לײַדן, טאָג־אײַן, טאָג־אויס, אין דער זעלביקער גלײַכגילטיקייט, און טייל מאָל האָט אויסגעזען, אַז זי האָט פֿאַרלוירן די פֿעיִקייט אונטערצושיידן צווישן לײַד און פֿרייד, גליק און אומגליק. מיט דער צײַט נאָר האָט זיך בײַ איר אויסגעאַרבעט אַ באַזונדערער געשמאַק; זי האָט נישט ליב געהאַט קיין פֿאַרביקע קליידער; אַליין האָט זי געטראָגן אָדער שוואַרץ, אָדער — אין דער היים — ווײַס; די בליוזעס אירע האָט זי אַזוי קונציק צוגעשניטן און פֿאַרוואָרפֿן מיט פֿאַלבן, אַז זיי האָבן נישט געלאָזט אַרויסזען איר ברוסט; און פֿון ביכער האָט זי נישט געקאָנט לײַדן אַלערליי ראָמאַנען און ליבע־לידער, וואָס האָבן אויף איר געמאַכט אַן אָפּשטויסנדיקן אײַנדרוק, גלײַך ווי מען וואָלט באַרירן מיט אומפֿאַרשעמטע, גראָבע הענט אַ הייליקטום.

די ייִנגערע שוועסטער, אַננאַ, איז אויסגעוואַקסן שיין און געראָטן. זי פֿלעגט געפֿעלן, האָט זיך פֿאַרליבט און עס האָט זיך אָנגעהויבן פֿאַר איר די זעלביקע אומרויִקע צײַט, וואָס פֿעליע האָט אַזוי גוט געקענט. אַננאַ פֿלעגט אַהיימקומען בײַנאַכט, דאָ פֿריילעך, דאָ טרויעריק, האָט פֿיל מאָל געוויינט. פֿעליע האָט אויף איר געקוקט מיט איר טרויעריק־גלײַכגילטיקן בליק און האָט געפֿילט, ווי דאָס יונגע, פֿרישע לעבן פֿון איר שוועסטער ברעכט זיך, ווי אירס אַמאָל, נאָר זי האָט געשוויגן, געשוויגן, ווײַל זי האָט איר נישט געהאַט וואָס צו זאָגן. זעלטן נאָר האָט געטראָפֿן, אַז זי האָט זיך געזעצט נעבן דער שוועסטער, האָט געגלעט אירע האָר און האָט געפֿרעגט, ווי שפּעט ס'איז. די ייִנגערע שוועסטער האָט זיך צוגעטוליעט צו איר, האָט שטיל געוויינט, און איר יונגער קערפּער האָט געציטערט אונטער דער שוועסטערס האַנט. פֿעליע איז אויפֿגעשטאַנען צערודערט, דאָס האַרץ אירס איז אומרויִק געוואָרן, עפּעס האָט אָנגעהויבן צו נאָגן. און זי האָט זיך דערמאָנט אין דעם קליינעם פֿלעשעלע.

„צי איז שוין געקומען די צײַט?“ — האָט זי זיך געפֿרעגט אין אַזאַ אויפֿגערעגטן מאָמענט. נאָר בײַ דעם געדאַנק אַליין איז איר

האַרץ געוואָרן צוריק רויִק, אַלץ אַרום איר פֿאַרשטענדלעך און נאַ־טירלעך, און צײַטנווײַז איז פֿאַרשוווּנדן די גרענעץ צווישן פֿרייד און לײַד.

די אײַנוווינערס פֿון זומער־וווינונג, נעבן אַמאַרלאַ, פֿאַר־זאַמלענדיק זיך פֿאַרנאַכט בײַ דער סטאַנציע, האָבן טאָג־טעגלעך געזען שפּאַצירן אַ פֿרויען־געשטאַלט, פֿון וועלכער מען האָט נישט געקאָנט אָפּרײַסן די אויגן. זי איז געווען שלאַנק, בלאַס אויפֿן פּנים און ניט מער יונג, נאָר האָט אויסגעזען צו האַלטן זיך שטאָלץ. גע־גאַנגען איז זי אַרויף און אַראָפּ פּאַמעלעך, די הענט זײַנען געווען אַראָפּגעלאָזן גלײַך, די אַראָפּגעלאָזטע לעפֿלעך האָבן זיך פֿון צײַט צו צײַט אויפֿגעהויבן, און דעמאָלט האָבן אַרויסגעקוקט פֿאַרטרוימטע, נאָר שאַרפֿע אויגן, וואָס האָבן גערעדט אויף אַ שפּראַך, וועלכע קיי־נער האָט ניט פֿאַרשטאַנען. דאָס איז געווען פֿעליע, זי האָט זיך גע־פֿילט אַרומגערינגלט פֿון אַלע זײַטן מיט נײַגעריקע בליקן, האָט געהערט, ווי מען מורמלט זיך עפּעס וועגן איר, און האָט געהאַט פֿאַרדראָס, וואָס זי האָט זיך געלאָזט אײַנריידן פֿון דער שוועסטער אַרויסצופֿאָרן אויף אַ זומער־וווינונג.

„צו וואָס, צו וואָס האָט דאָס געהערט"? — האָט זי געטראַכט אויפֿגערעגט.

דאָס יונגע לעבן, וואָס האָט געווימלט אַרום איר, דער שטענדי־קער פֿלירט, דער פֿריילעכער געלעכטער, דאָס לויפֿן און זינגען, די אַלע יונגע קאָמפּאַניעס, מיט וועלכע אויך איר שוועסטער האָט פֿאַר־בראַכט — אַלץ דאָס איז איר געווען דערווידער, האָבן זי געערגערט, און זי האָט זיך נאָך מער פֿאַרטיפֿט אין איר אייביקן געדאַנק וועגן טויט. און טראַכטנדיק אַזוי, האָט זי טייל מאָל געקוקט מיט שטאָלץ אַרום זיך, שטאָלץ מיט איר פֿאַרשלאָסן האַרץ, מיט אירע לײַדן, וואָס זי האָט פֿאַר קיינעם, פֿאַר קיינעם ניט אַרויסגעזאָגט, שטאָלץ מיט איר מיידלשאַפֿט, וואָס איז פֿאַרבליבן בײַ איר, ווי אַ פֿאַרוועלקטע, הייליקע בלום. נאָר די לינדע אָוונטן, דער געררויטלטער הימל, דאָס פֿאַרבן־שפּיל אויף מערב־זײַט, די ביסלעכווײַז צופֿאַלנדיקע פֿינצטער־

קייט — האָט זי ניט געקאָנט מער פאַרטראָגן. זיי האָבן מאָדנע גע־רייצט דאָס האַרץ, געוועקט די אַלטע שוין פאַרגעסענע בענקשאַפט, און צוריקגייענדיק אַהיים, האָט זי יעדעס מאָל געטראַכט וועגן דעם פּלעשעלע.

נאָר איינעם אַזאַ אָוונט איז זי געקומען אַהיים און האָט געטראָפן איר שוועסטער אַ פאַרוויינטע. זי איז געזעסן אויפן בעט, אָנגעשפּאַרט מיט די הענט אויף דעם אָנלען פון בעט, און אַז פעליע איז אַרײַנ־געקומען, האָט זי באַהאַלטן דעם קאָפּ צווישן די הענט. די דאָזיקע פּאָזע האָט פעליען דערמאָנט אין אירע אייגענע דורכגעלעבטע יאָרן. אַמאָל, ווען זי פלעגט קומען אַהיים באַליידיקט, און דאָס האַרץ, האָט זיך געדוכט, קאָן מער ניט אַריבערטראָגן דאָס גרויסע ביטערע גע־פיל, דעמאָלט פלעגט זי אָט פּונקט אַזוי זיצן, וויינען און טראַכטן שעהן לאַנג.

„ווי זי מוטשעט זיך איצט!" — האָט זי געטראַכט וועגן דער שוועסטער, און איר איז דאָס ערשטע מאָל אײַנגעפאַלן, אַז מען דאַרף זי טרייסטן. זי האָט זיך געזעצט נעבן איר און גענומען, ווי געוויינט־לעך, גלעטן אירע האָר:

— וויין נישט, אַננאַ, וויין נישט...

די ייִנגערע שוועסטער האָט זיך נאָך מער פאַרכליפּעט, אירע אַקסלען האָבן געציטערט, און מיטאַמאָל האָט זי זיך אומגעקערט צו איר שוועסטער, האָט זיך צוגעטוליעט צו איר, באַהאַלטנדיק דעם קאָפּ אויף איר ברוסט.

— איך קאָן נישט מער, שוועסטער, איך קאָן נישט, איך וועל ליבער שטאַרבן, איך וויל נישט אַזאַ לעבן! — האָט זי געזאָגט מיט אַ קאַפּריזנעם טאָן.

— איך פאַרשטיי, קינד, — האָט פעליע גערעדט שטיל, — איך פאַרשטיי אַלץ. איך האָב דאָס אַלץ דורכגעלעבט, לאַנג, שוין לאַנג, און דו זעסט דאָך... איך לעב...

זי איז אַנטשוויגן געוואָרן, דערשראָקן פון אירע אייגענע ווער־טער, וואָס האָבן עפּעס אַזוי מאָדנע געקלונגען. און אַננאַ, וואָס האָט

נאָך קיין מאָל נישט געהערט איר שוועסטער ריידן אין אַזאַ טאָן, האָט אויפגעהויבן נײַגעריק דעם קאָפּ, און איר בליק האָט שטום געבעטן איר שוועסטער, זי זאָל ווײַטער ריידן.

— דו האָסט קיין באַגריף נישט, שוועסטער, וואָס אַ מענטש קאָן זיך אָנלײַדן אויף דער וועלט, וואָס דאָס הייסט ליב האָבן און גענאַרט זײַן און באַליידיקט. אַז איך האָב דאָס ערשטע מאָל ליב געהאַט, האָב איך געפילט אַזאַ גליק, אַז מיר האָט זיך געדוכט, איך וועל עס נישט איבערטראָגן; און דאָס צווייטע מאָל איז שוין מײַן גליק געווען געמישט מיט פאַרדראָס; דאָס דריטע מאָל — האָב איך געוויינט און געבענקט, געבענקט און געוויינט. און דאָס פערטע מאָל — איז געווען נאָך ערגער, אַלץ ערגער און ערגער.

זי האָט אָפּגעהאַקט, פילנדיק זיך באַליידיקט פון אירע אייגענע ווערטער, און אַרומגענומען די שוועסטער, וועלכע האָט שטיל געבעטן:

— נו, דערצייל, דערצייל...

פעליע האָט געוואָלט דערציילן איר לעצטע געשיכטע, וועלכע האָט איר אויסגעזען אַזוי וויכטיק, אַזוי שרעקלעך און גרויזאַם, נאָר זי האָט אָפּגעהאַקט בײַ די ערשטע ווערטער:

— ניין, ניין... איך וועל נישט דערציילן. דו וועסט דאָס ניט פאַרשטיין.

נאָר אַננאַ איז צוגעשטאַנען צו איר און האָט געבעטן:

— דערצייל, איך בעט דיך, איך פאַרשטיי אַלצדינג, ווייס דער טײַוול, וואָס זיי טראַכטן וועגן אונדז...

די דאָזיקע ווערטער האָבן פעליען טיף באַליידיקט. זי האָט געוואָלט איבערצײַגן די שוועסטער, אַז זי האָט אַ טעות, אַז איר אומגליק איז געווען גאָר אַנדערש, און אַז ליב געהאַט האָט זי אויך גאָר אַנדערש, און האָט גענומען ווײַטער דערציילן. נאָר וואָס מער זי האָט דערציילט, אַלץ אומבאַדײַטנדיקער איז דאָס דערציילטע אַרויסגעקומען. ס׳איז ענלעך געווען, ווי איינער זינקט אין אַ בלאָטע, און וואָס מער ער וויל זיך אַרויסראַטעווען, אַלץ טיפער ווערט ער פאַרפאַלן.

— פאַרשטייסטו, דאָס איז געווען ניט אַזוי. מיר זײַנען געגאַנ־
גען שפּאַצירן. דערנאָך האָט ער מיך באַגלייט אַהיים. מיר זײַנען
געפאָרן אין אַ דראָזשקע, און פּלוצלינג האָט ער מיך אַרומגענומען
און געקושט. איך האָב מיך שרעקלעך דערשראָקן...

„דאָס איז נאַריש, באַנאַל", האָט זי געטראַכט, „נישט דאָס וויל
איך זאָגן"... און האָט דערציילט ווײַטער.

איר האַרץ איז פּוסט געוואָרן, זי האָט זיך דערפילט דערשלאָגן
און צעבראָכן. פּלוצלינג האָט אַ ווילדער, העפטיקער ווייטיק געפּרעסט
איר האַרץ. אירע אויגן, וואָס האָבן אַזוי לאַנג שוין נישט געקענט
קיין טרערן, זײַנען מיטאַמאָל פײַכט געוואָרן, און זי האָט געוויינט
פאַר דער שוועסטער, געוויינט לאַנג און ביטער, און די טרערן האָבן
איר נישט לײַכטער געמאַכט, נאָר האָבן זיך געלייגט ווי שווערע
שטיינער אויף איר האַרצן.

אין דער פרי, ווען אַננאַ איז אויפגעשטאַנען, האָט זי געפונען
די שוועסטער טויט. דאָס פלעשעלע איז געווען אויסגעטרונקען און
אויפן טיש איז געלעגן אַ צעטל, אין וועלכן עס זײַנען געשטאַנען
פאָלגנדיקע ווערטער:

„איך שטאַרב, שוועסטער. אייגנטלעך בין איך שוין לאַנג גע־
שטאָרבן. בלײַב געזונט. אויב דיר וועט אויסקומען צו לײַדן אַזוי
פיל, ווי מיר, דערצייל קיינעם נישט פון דײַנע לײַדן. היט זיי אין
דײַן האַרצן, זאָלן זיי זײַן פאַרבאָרגן און הייליק, און שווײַג, שוועס־
טער, שווײַג!"...



# דאָס שפּיל אין ליבע

שוין צוויי שעה, ווי ער גייט מיט איר שפּאַצירן, גאַס־אײַן, גאַס־אויס, און פילט זיך גליקלעך נעבן איר.

ניט גליקלעך, נאָר כמעט גליקלעך. עס דוכט זיך אים, אַז אָט־אָט, נאָך אַ מינוט, נאָך פינף מינוט, וועט געשען עפּעס וויכטיקס, ווי אַ נס, און דאָס לעצטע דינע ווענטל, וואָס שטייט צווישן האַרץ און האַרץ, וועט פאַרשווונדן ווערן. עס וועט שלאָגן די ליכטיקע שעה, אויף וועלכער ער האָט אַזוי לאַנג געוואַרט, אַזוי לאַנג געהאָפט, אַזוי לאַנג געבענקט.

איין מאָמענט נאָר, און אַלץ, אַלץ וועט זײַן גאָר אַנדערש ווי געווען. אַנשטאָט קליינלעכע, נידעריקע געדאַנקען, אַנשטאָט נאַרישע ספקות און האַלבלעכקייטן, אַנשטאָט אָרעמע, צעבראָכענע געפילן, אָן נוצן, אָן שיינקייט, אָן קראַפט — וועט איין־איינציק געפיל באַוועלטיקן זײַן האַרץ, און איין־איינציקער שיינער, קלאָרער געדאַנק וועט זיך צעגיסן אין אים, ווי אַ העלע ליכטיקייט, וואָס דערקוויקט און דערפרישט און וועקט צו לעבן און מוט: דער געדאַנק, אַז אָט־דאָס שטאָלצע, פרישע באַשעפעניש איז פאַראייניקט מיט אים, איינס מיט אים.

נאָך אַ מינוט, נאָך פינף מינוט, וועט ניט זײַן קיין „ער“, וואָס בענקט נאָך איר און גייט איר נאָך, ווי אַ שאָטן, און „זי“, וואָס דערנענטערט זיך אויף איין טריט און דערווײַטערט זיך אויף צוויי, וואָס שטויסט אים אָפּ און לאַשטשעט אים ווידער צוריק, נאָר איין גאַנצקייט וועט זײַן, אַ האַרמאָניע פון צוויי הערצער — ליבע!

אויף די גאַסן איז שטיל; די קראָמען זײַנען שוין געשלאָסן. אַ שײַן פון דער לבנה גיסט זיך צוזאַמען מיט דעם ליכט פון די לאַמטערנעס

אין איין באַזונדערער העלקייט, מיט וועלכער עס צייכענען זיך אויס די זומער־נעכט אין אַ גרויסער שטאָט. די לבנה, אַ העלע און אַ גאַנצע, קוקט־אַרויס פון דאַנען און פון דאָרט: פון דאַך אַראָפּ, פון אונטערן קוימען, פון אַ ווינקל גאַס, זי באַהאַלט זיך און באַווײַזט זיך ווידער, בשעת זיי גייען. די נאַכט־וועכטערס גייען פאַרבײַ, קלאַפּנ־דיק מיט די שטעקנס. פון צײַט צו צײַט הערט מען, ווי ערגעץ אין טויער קלינגט אַ גלאָק; איינצלנע מענטשן גייען; אַ שיכורער גייט־דורך וואַקלענדיק זיך; אַ דראָזשקע קלאַפּט מיט די רעדער אויפן האַרטן ברוק און פליט פאַרבײַ. אָט איז די קירכע מיט איר הויכן שפּיץ; איבער אים לויערט אַ בלייך וואָלקנדל אַזוי רויִק און שטיל, אַז ס׳דוכט זיך, אַז עס האָט פאַרגעסן רירן זיך פון אָרט, און רוט און שווײַגט און טיקט זיך אין אייגענעם נחת. און אָט שיידן זיך די גאַסן: איינע, די אויף וועלכער זיי גייען איצט, איז אַ לאַנגע און אַ ברייטע; די אַנדערע, ווו מאַניע וווינט — אַ קרום און שמאָל געסל. בענדער האָט זיך אָפּגעשטעלט און געזאָגט:

— מיר ווילט זיך איצט ניט אַרײַנגיין אין דעם שמאָלן געסל

— עס איז לאַנגווײַליק. קומט, מאַניע, מיר וועלן נאָך אַ מאָל שפּאַצירן.

— ניין, בענדער, ס׳איז שפּעט.

און דאָך האָט זי זיך ניט גערירט פון אָרט. זי האָט אַרויסגענומען פון בליוזע אַ זייגערל, צו זען ווי שפּעט ס׳איז. בענדער האָט עס גענומען פון איר און האָט עס געהאַלטן אַ ווײַלע מיט אַ באַזונדער פאַרגעניגן. דאָס קליינע, שוואַרצע זייגערל איז אים פאַר־געקומען ווי אַ טייל פון מאַניען, און האַלטן עס אין דער האַנט האָט אים פאַרשאַפט פאַרגעניגן, האָט געררייצט זײַן פאַרליבט האַרץ.

— אַ פערטל אויף איינס — האָט ער געזאָגט נאָך אַ ווײַלע שווײַגן.

זי איז געשטאַנען אַ ביסל פאַרטראַכט, דערנאָך האָט זי זיך אומגעקערט צו אים מיט ענערגישער באַוועגונג, צוריק אַרײַנגע־שטעקט דאָס זייגערל אין דער בליוזע און געזאָגט:

— גוט, לאָמיר נאָך גיין. סײַ ווי סײַ שלאָפט מען שוין דאָרט. וווהין?

— אַלץ איינס.

און ווידער גייען זיי דורך פּלעצער און גאַסן; ווידער באַהאַלט זיך די לבנה און באַווײַזט זיך צוריק; ווידער אַ דראָזשקע, אַ שיכורער... און דער לאַנגווײַליקער געשפּרעך וועגן זאַכן, וואָס אינטערעסירן אים גאָר ניט, וועגן טעאַטער, וועגן באַקאַנטע אאַז״וו — דער געשפּרעך ציט זיך אָן אַ סוף. דאָס גליק קומט נישט — בענדער האָט שוין ווידער אָנגעהויבן צו בונטעווען קעגן זיך אַליין.

דער אַלטער געדאַנק, וואָס ער האָט הײַנט כמעט געהאַט ווי דערשטיקט אין זיך, האָט ווידער גענומען עגבערן אין קאָפּ נאָך שטאַרקער. צווישן אונדז — האָט ער געטראַכט — איז קיין ליבע, קיין האַרמאָניע, איז גאָרנישט ניטאָ. נאָר פּשוט: אַן אָפּמאַך. זי, אַ קלוג מיידל, וואָס וויל לעבן, וויל טאָן מיט מיר, מיט אַ יונגנמאַן, וואָס פאַרדינט געלט, אַ גוטן שידוך פאַר זיך... און איך בין אַ נאַר, אַ ייִנגל, פאַרשטיי קיין מאָל ניט, וואָס טוט זיך אַרום מיר.

ער האָט געשוויגן און זיך פאַרטראַכט. און דאָס שטילשווײַגן פון דעם דאָזיקן מענטש, וואָס זי האָט אַלץ ניט געקאָנט באַגרײַפן, האָט זי געררייצט און באַליידיקט. זי איז געגאַנגען האַרט נעבן אים, האָט אים געקוקט אין די אויגן אַרײַן, נאָר ער האָט געשוויגן, געשוויגן מיט אַ פאַרביסענער אײַנגעשפּאַרטקייט, און נאָר אין זײַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ, אין זײַנע פעסט־געשלאָסענע ליפּן, האָט זי דערקענט, אַז ער איז פאַרטראַכט. אַ שטאַרקער פאַרלאַנג האָט זי פּלוצלינג באַוועלטיקט צו וויסן, וואָס ער טראַכט, צו געפינען דעם שליסל צו זײַן האַרץ:

— וואָס שווײַגט איר, בענדער? — האָט זי געפרעגט.

— מיר איז אַזוי אויך גוט, מאַניע — האָט ער געענטפערט, טראַכטנדיק דערבײַ, אַז ער זאָגט ליגן — מיר ווילט זיך ניט ריידן, פילאָסאָפירן, נאָר גיין נעבן אײַך און זײַן גליקלעך.

— וואָס פאַר אַ שרעקלעכער עגאָיִסט איר זײַט! שטענדיק

טראַכט איר נאָר וועגן זיך און וועגן אַנדערע טראַכט איר קיין מאָל ניט.

— דאָס איז וואָר — האָט בענדער געענטפערט קורץ.

דער דאָזיקער ענטפער, וואָס זי האָט אָפט מאָל געהערט פון בענדערן, האָט זי שטענדיק געבייזערט און באַליידיקט. עס האָט אויסגעזען, ווי ער וואָלט באַהאַלטן זײַן אינערלעכס פון איר. זי האָט געענטפערט בייז:

— שטענדיק ענטפערט איר אַזוי: „דאָס איז וואָר, דאָס איז וואָר”; דאָס ווייס איך אָן אײַך. איך וויל וויסן: פאַרוואָס איז דאָס ניט וואָר. איר האַלט מיך אַפילו ניט פעיִק צו פאַרשטיין אײַך? וואָס!

— איר האָט רעכט, מאַניע.

דער געשפּרעך איז אָפּגעהאַקט געוואָרן און זי האָט געוואָלט גיין אַהיים. בענדער האָט זי מער ניט אָפּגעהאַלטן. ער האָט זי באַגלייט ביז פאַר איר טויער און בײַם געזעגענען האָט ער צוגעפּרעסט איר האַנט צו זײַנע ליפּן און האָט זי געקושט.

צו וואָס ער האָט דאָס געטאָן, האָט ער ניט פאַרשטאַנען, און ער האָט געהאַט דאָס געפיל, אַז דער קוש איז געווען אַ נאַרישע, צופעליקע טאַט, ווי אַלע זײַנע טאַטן, ווי אַלע זײַנע געדאַנקען און ספקות.

אַמאָל איז ער געזעסן האַרט נעבן מאַניען אויף דער סאָפע בײַ איר אין שטוב. ערשט פאַר עטלעכע מינוט איז מאַניע געווען לוסטיק־לעבעדיק, פול מיט באַוועגונג, פול געלעכטער. זי האָט זיך געזעצט און צוריק אויפגעשטאַנען, האָט גערעדט און געוויצלט זיך, און יעדער גליד אירער, יעדער צוג פון איר געזיכט האָט ווי גערופן: „איך בין אַ פרײַער פויגל, פול לעבן, פריש און גליקלעך”. איצט איז זי פאַרשוויגן געוואָרן און זיך ווי אונטערגעגעבן. אירע

האָר זײַנען ניט געווען אין אָרדענונג, זיי האָבן זיך אַראָפּגעלאָזט אויף אירע אַקסלען, באַדעקט אירע אויערן און האָבן ציטערנדיק געשפּילט אויף אירע באַקן, אויף אירע אויגן. איר קליין, שוואַרצלעך געזיכט האָט ווי אײַנגעזאַפּט אין זיך די שיינקייט; עפּעס אַן ערנסט־קייט איז איצט געלעגן אויסגעגאָסן אויף דעם פּנים. אירע אויגן זײַנען ווי טיפער געוואָרן, אַ לײַכטער שאָטן פון שמאַרץ און בענק־שאַפט האָט זיי באַדעקט. זי איז געווען אָנגעטאָן אין אַ לײַכטער בליוזע... ער האָט געגלעט אירע האָר, געקושט אירע באַקן, אירע אויגן, איר שטערן, און זי האָט גערעדט ווייך און בעטנדיק:

— צו וואָס דאָס, בענדער? ניט שיין פאַר אײַך... הערט אויף!

נאָר דאָס זײַנען געווען אומזיסטע ווערטער, אָן באַדײַטונג, וואָס האָבן געקלונגען ווי אַ שוואַך, ווײַט ווידערקול פון עפּעס אַ וויסטע־ניש, וואָס ער איז שוין לאַנג דורכגעגאַנגען און וואָס ער האָט שוין פאַרגעסן. זי האָט איצט אים געהערט, געווען אין זײַן מאַכט: ער האָט צוגעבויגן איר קאָפּ צו זיך, אירע אַקסלען האָבן געציטערט אונטער זײַן אומאָרעמענדיקער האַנט, און אירע פלינקע, רירעוודיקע הענט זײַנען איצט געלעגן אָן ענערגיע, אָן מאַכט, ווילנלויז; אירע ליפּן נאָר האָבן ניט אויפגעהערט צו בעטן:

— לאָזט־אָפּ, בענדער... בײַ גאָט... וואָס טוט איר?

בענדער האָט זיך געבייזערט:

— שווײַג! איך וויל ניט, דו זאָלסט איצט ריידן!

און ער האָט זיך דערשראָקן פאַר זײַן אייגענער שטימע. דאָס איז ניט געווען קיין שטימע פון אַ פאַרליבטן, נאָר עפּעס אַ געשריי פאַר אַ גרויסן ווייטיק. דער מאָמענט איז גענוג געווען, אַז ער זאָל זיך אויסניכטערן און זאָל ווידער קלאָר טראַכטן זײַנע אַלטע, פײַנ־לעכע געדאַנקען. ער האָט געקוקט מיט רחמנות אויף דעם שיינעם באַשעפעניש, וואָס איז געזעסן נעבן אים דערשראָקן, ווילנלויז און געפּײַניקט.

— דו ליבסט מיך ניט, מאַניע! זאָג די וואָרהייט...

— איך ווייס ניט, בענדער; איך אַכט אײַך זייער, זייער.

— און דיר איז ניט אײַנגעגעבן, אַז איך קוש דיך? קאָנסט ניט לײַדן?

אַ קליינער שמייכל האָט זיך באַוויזן אויף אירע ליפּן. זי האָט זיך ווידער אָנגעהויבן צו פּילן פּרײַ, שטאָלץ און טראַציק. זי איז צוגעגאַנגען צו דעם קליינעם שפּיגעלע, וואָס איז געשטאַנען אויפן טיש, האָט פֿאַרפּלאָכטן אירע האָר און געזאָגט:

— וואָס פֿאַר אַ נאַרישקייטן איר רעדט הײַנט! אַלץ ווילט איר וויסן. גריבלען און גריבלען אָן אויפהער...

„איך האָב זי אַרויסגעלאָזט פון מײַן מאַכט, און זי, אַ באַפרײַ־טע, האָט ווידער געגומען בײַסן, קראַצן ווי אַ קאַץ" — האָט בענדער געטראַכט.

— ניין, מאַניע, — האָט ער געזאָגט, — איך ליב ניט קיין אומקלאָרקייטן, איך קאָן דאָס מער ניט אַריבערטראָגן. דו פּײַניקסט מיך, דו האָסט מײַן רו געגרויבט, איך בין צעריסן, אויפגערעגט, טאָג ווי נאַכט. זאָג, איך בעט דיך: בין איך דיר צווידער? קאָנסט דו מײַנע קושן ניט לײַדן?

זי האָט אַ ווײַלע געשוויגן, האָט געמאַכט אַן ערנסטע פאַר־טרויערטע מינע און געזאָגט:

— מען דאַרף דאָך ניט זײַן לײַכטזיניק און מען קאָן זיך דאָך ניט לאָזן קושן פון יעדן!

— און איך בין „יעדער"?

זי האָט ווידער געשמייכלט, צופרידן פון זיך און פון איר טאָן, און האָט געענטפערט:

— איך אַכט אײַך זייער, זייער.

און ווי אים איבערצובעטן, האָט זי זיך געזעצט נעבן אים אויף דער סאָפע. ער האָט געגומען איר האַנט אין זײַנער. זי האָט ניט גע־שטערט און האָט געוואַרט צו זען, וואָס פון דעם וועט אַרויס.

— זאָג, מאַניע, — האָט ער זאַנפט געפרעגט —, קאָן מען קושן אַ מענטשן, וועלכן מען אַכט?

— און צו וואָס פרעגט איר דאָס?

— איך וויל, דו זאָלסט מיך קושן.

— נו, לאָזט־אָפּ, בענדער, איך בעט אײַך...

— ניין, איך לאָז דיך הײַנט ניט אָפּ — האָט ער געזאָגט מיט צוריקגעהאַלטענער אויפרעגונג — איך מוז וויסן, איך מוז זיך איבערצייגן, מאַניע...

— זײַט איר הײַנט אַ מאָדנער מענטש, בענדער! הערט־אויף, איך בעט אײַך...

נאָר ער האָט זיך מער ניט געלאָזט ריידן, ער האָט אַרומגענומען איר קאָפּ מיט זײַנע בײדע הענט און האָט אים צוגעפּרעסט צו זײַן קאָפּ:

— איך לאָז דיך ניט אָפּ, מאַניע, ביז דו וועסט ענטפערן. איך מוז וויסן, מאַניע, דו מוזסט ענטפערן: יאָ צי ניט; איצט, די מינוט!

אירע ליפּן האָבן קוים באַרירט זײַן שטערן און ער האָט געפילט אַ לײַכטן ציטער פון די ליפּן — אַ קורצן, אײַלנדיקן קוש.

באַלד דערנאָך האָט זי זיך געזעצט אויף אַ בענקל, באַליידיקט און מיד. ער האָט נאָר באַמערקט איין בליק פון אירע אויגן: דער בליק האָט אויסגעדריקט כעס און אַ שטילן שמאַרץ פון אַ געפּײַניקטער.

ער האָט זי געקושט אויפן שטערן און איז אַרויסגעגאַנגען ביז, אויפגערעגט, מיט אַ צערודערט געמיט.

בײַ בענדערן אין צימער איז געזעסן מאַניע און נאָך עטלעכע באַקאַנטע. מען האָט פיל גערעדט, פיל געלאַכט און פיל גערוישט. מאַניע, וואָס האָט געשפּילט די ערשטע פידל אין דער קאָמפּאַניע, האָט געלאַכט און איז לוסטיק געווען נאָך מער ווי געוויינטלעך. בענדערן איז דערווידער געווען איר לאַכן, אירע באַוועגונגען; אַלץ, וואָס זי האָט געטאָן, איז געווען געמיינט קעגן אים, אויסגערעכנט אים צו ערגערן. ער איז געזעסן בײַם טיש, אַרײַנגעקוקט אין אַ בוך,

שטיל און בייז. זי האָט ניט געקאָנט פאַרטראָגן זײַן אויסערלעכע רו און האָט זיך אַלע ווײַלע געווענדט צו אים, דאָ מיט אַ וויץ, דאָ מיט אַ פראַגע. ער האָט קורץ געענטפערט און האָט זיך ניט גערירט פון אָרט. אין דער לעצטער צײַט האָט מאַניע אָנגעהויבן צו פילן, אַז בענדער רוקט זיך פון איר אָפּ, און דעם געדאַנק האָט זי גלײַכגילטיק ניט געקאָנט פאַרטראָגן.

פלוצלינג גאָר איז איר אײַנגעפאַלן צו גיין אַהיים און זי האָט גערופן מיט איר קלינגענדיקער שטימע:

— ווער באַגלייט מיך הײַנט אַהיים? שנעל!

דער ערשטער האָט זיך אָפּגערופן מאירזאָן! דאָס איז געווען די דריטע פּערזאָן, וואָס איז געשטאַנען צווישן זיי. ער איז געווען יונג, שיין, געזונט און זייער־פויל. געלעבט האָט ער פון דעם, וואָס ער האָט געבאָרגט בײַ באַקאַנטע און איז דעריבער געווען זייער־ווייך; אויף זײַן פּנים איז שטענדיק געלעגן אַן אויסדרוק, ווי ער וואָלט זיך אַנטשולדיקן און בעטן, מען זאָל אים מוחל זײַן. מיידלעך האָבן אים ליב געהאַט, אויסער מאַניע, וואָס האָט צו אים ניט געפילט קיין גרויסע סימפּאַטיע, און נאָר כּדי צערייצן בענדערן, האָט זי זיך צו אים טייל מאָל גוט פאַרהאַלטן. איצט האָט זי ניט געוואָלט, ער זאָל זי באַגלייטן, און האָט געזאָגט:

— נו, ליגט אײַך, מאירזאָן, ווײַטער אויף דער סאָפע. איר זײַט מיר שוין דערעסן געוואָרן. מײַנע הערן, ווער וויל מיך באַגלייטן?

בענדער איז געזעסן און ניט גערירט זיך פון אָרט. ער איז געווען פול אָנגעלאָדן מיט כּעס. אַלע אירע רייד האָבן אים געערגערט. „קיין איין ערלעך וואָרט, קיין איינציק וואָרט אָן אַ זײַטיקן מיין רעדט זי ניט“! — האָט ער געטראַכט. אַלץ אין איר האָט אים אויסגעזעזן געפעלשט, נידעריק, ניט ווערדיק. ער האָט זי איצט טיף געהאַסט און געפילט אַ באַדערפעניש זיך נוקם צו זײַן אין איר.

נאָר פלוצלינג איז זי צוגעגאַנגען צו אים, אַרויפגעלייגט איר האַנט אויף זײַן אַקסל ענערגיש און געזאָגט:

— בענדער, באַגלייט מיך אַהיים.

און די קליינע באַרירונג פון איר האַנט האָט געמאַכט אַן אײַבערקערעניש אין זײַנע געפילן. מיט איין מאָל איז דער גאַנצער האַס פאַרשוווּנדן, ער האָט נאָר געשפּירט יענע צערייצטקייט פון זײַן גאַנצן וועזן, וואָס אַ באַרירונג פון איר האָט שטענדיק אַרײַנגעבראַכט אין אים. די צערייצטקייט, וואָס ער האָט אין דער לעצטער צײַט לאַנג ניט געפילט, וואָס האָט אים געפעלט, וואָס די בענקשאַפט נאָך איר האָט אים געקוועלט. נאָך אַ ווײַלע האָט ער זיך געראַנגלט מיט דער דעה, גיין אָדער ניט, נאָר נאָך איין ווייכער בליק פון אירע אויגן האָט איבערגעוויגן די שאָל. ער האָט זיך אויפגעהויבן פון אָרט, אָנגעטאָן דעם אויבערמאַנטל און איז געגאַנגען מיט איר.

— ווי פאַרבלענדט איך בין געווען, מאַניע. — האָט בענדער געזאָגט, גייענדיק מיט איר אויף דער גאַס — אָט שוין עטלעכע חדשים, ווי מיר דוכט זיך אַלץ, אַז איך שטיי נעבן דער שוועל פון מײַן גליק. און יעדן טאָג האָב איך געהאָפט, אַז איך וועל ווערן אַ נײַער מענטש, ווי איבערגעבוירן; אַז אַלץ אין מיר וועט זיך באַרויִקן, אַז מײַן צעריסענע, צעהאַקטע זעל וועט פרײַ אויפאָטעמען; אַז איר, איר וועט מיר געבן דאָס גרויסע גליק, פון וועלכן איך האָב נאָר געהערט אַנדערע ריידן, און וואָס איך אַליין האָב קיין איינציקע מינוט אין מײַן לעבן ניט געפילט. אין אײַך האָב איך געהאָפט צו געפינען די דערלייזונג פון דעם גאַנצן פאַרווירטן לעבן, פון די אַלע מענטשן, טאַטן, געדאַנקען און געפילן, וואָס זײַנען מיר דערעסן געוואָרן ביז צום דערשטיקן. וואָס פאַר אַ טעות איך האָב געהאַט! אַנשטאָט גליק האָט איר מיר געגעבן שטענדיקע לײַדן, האַס...

— אײַך, בענדער, דאַרף מען נאָר געבן און געבן. איר שטייט שטענדיק מיט אָפענע הענט און וואַרט, מען זאָל אײַך געבן. און שטענדיק קלאָגט איר אײַך און שטענדיק בלײַבט איר גערעכט. פאַרוואָס נעמט איר ניט דאָס גליק, אויב איר ווילט עס? גליק דאַרף מען נעמען, דאַרף מען נאָכיאָגן, ניט שטיין ווי אַ בן־יחיד און וואַרטן ביז מען וועט געבן. פאַרוואָס זאָל מען אײַך געבן? מיט וואָס האָט איר דאָס פאַרדינט?

זי האָט אים איבערגעראַשט מיט איר ענערגישן ענטפער. ער האָט אויף אַזעלכע רייד ניט געוואַרט און האָט געענטפערט מיט אַ געקינסטלטער רויִקייט:

— ווי עס זעט אויס, האָבן מיר זיך ביידע שוין גענוג פֿײַנט. אפשר וועלן מיר מאַכן אַ סוף, מאַניע?

— דאָס הייסט?

— מיר וועלן זיך שיידן, ווי פֿרײַנד אָדער פֿײַנט?

מאַניע האָט אים געקוקט אין די אויגן אַרײַן און האָט געענטפערט שמייכלענדיק:

— נו, דאָס רעדט איר דאָך נאָר אַזוי; שיידן זיך וועט איר אײַך ניט, איך וויל דאָס ניט.

— נאָר איך וויל, מאַניע.

— איר ווילט ניט, בענדער; ניט וואָר?

— גלייבט, מאַניע, איך וויל. איך האָב קיין כּוח מער.

אַז זיי זײַנען צוגעקומען צו איר טיר, האָט זי געזאָגט:

— נו, גיט די האַנט, בענדער, אַז איר ווילט... אַך, וואָס פֿאַר אַ קאַלטע האַנט איר האָט! — זי האָט לענגער געהאַלטן זײַן האַנט אין אירער, זי האָט זיך אַ ביסל צוגעבויגן צו אים, ווי זי וואָלט געוואָלט נענטער מאַכן איר פּרישן, יוגנטלעכן קערפּער צו אים. ער האָט דעם רייץ ניט געקאָנט ווידערשטיין, האָט זי אַרומגענומען, זי העפטיק געקושט, און זי איז אַוועק מיט אַ פּרעטענזיע:

— וואָס איז מיט אײַך, בענדער? דאָס איז גראָב!

אַ גאַנצע נאַכט דערנאָך איז בענדער ניט געשלאָפֿן. אירע לעצטע ווערטער זײַנען אים ניט אַרויס פֿון זין. און דרייענדיק זיך פֿון איין זײַט אויף דער צווייטער, האָט ער זיך געפֿרעגט און איבערגעפֿרעגט: צו וואָס, צו וואָס איז דאָס געשען?

צומאָרגנס האָט בענדער געקויפט בילעטן אויף אַ קאָנצערט און האָט מאַניען געשריבן, אַז ווײַל ער וועט ערשט שפּעט פֿרײַ ווערן פֿון זײַן אַרבעט, דעריבער זאָל זי וואַרטן בײַ זיך אויף אים. און ווי נאָר ער וועט קומען, וועלן זיי צוזאַמען פֿאָרן. ער האָט אַ ביסל פֿאַרשפּעטיקט, האָט זייער געאײַלט. אַרײַנקומענדיק צו איר אין צי־מער, האָט ער געטראָפֿן מאירזאָנען זיצן.

„די אַלטע פּאָליטיק הייבט זיך אָן“ — האָט ער געטראַכט.

— איר פֿאָרט אויך אויפֿן קאָנצערט? — האָט ער געפֿרעגט מאירזאָנען.

— אַ שאלה דאָס איז! איר האָט דען אַ באַגריף וואָס פֿאַר אַ זאַכן הײַנט ווערן געשפּילט! איר ווייסט, מאַניע, איך וואָלט ניט גע־געסן און געטרונקען, אַבי צו הערן מוזיק. צוויי גוטע זאַכן, זאָג איך, זײַנען פֿאַראַן אויף דער וועלט: צו ליגן אויף דער סאָפֿע און צו הערן מוזיק, און אויסער דעם איז אַלץ גאָרנישט, גאָרנישט. ניט וואָר?

— אָריגינעל. — האָט מאַניע געענטפֿערט — און איר ווי מיינט, בענדער?

— איך מיין גאָרנישט; לאָמיר גיין.

זיי זײַנען אײַנגעשטיגן אין טראַמוויי. מאַניע, אַרײַנגייענדיק אין וואַגאָן, האָט זיך געזעצט נעבן מאירזאָנען, ווײַטער פֿון בענדערן. די גאַנצע צײַט האָט זי זיך עפּעס געסודעט מיט מאירזאָנען, אין מיטן האָט זי זיך הויך צעלאַכט און בענדערן ווי גאָר ניט באַמערקט. ער איז געזעסן ווי אויף גליִענדיקע קוילן. אים האָט זיך געוואָלט אַראָפּ־שפּרינגען פֿון טראַמוויי און גיין, און ער וואָלט דאָס געטאָן, ווען ער וואָלט זיך ניט שעמען פֿאַר מאירזאָנען. בײַם אַרײַנגאַנג צום קאָנ־צערט האָט זיך מאַניע געווענדט צו אים:

— וויפֿל בילעטן האָט איר געקויפֿט, בענדער?

— צוויי.

— און פֿאַר מאירזאָנען? איר האָט פֿאַרגעסן אָדער וואָס? מען דאַרף קויפֿן נאָך איין בילעט.

קעגן זײַן ווילן האָט בענדער געמוזט קויפן נאָך אַ בילעט, כאָטש ער האָט גוט געוווּסט, אַז מאירזאָנען האָט זי עקסטרע מיטגענומען, כּדי אים צו ערגערן און צו שטערן זײַן רו.

„ווי מאָדנע דאָס קומט אויס“! — האָט ער געטראַכט מיט פאַרביסנקייט — „זי צווינגט מיך, אַז איך אַליין זאָל העלפן מיך פּײַניקן“!

אַז זיי זײַנען אַרײַנגעקומען אין אָפענעם גאָרטן, האָט דער אָרקעסטער שוין געשפּילט. קוים האָט מאירזאָן דערהערט עטלעכע טאַקטן, האָט ער זיך שוין אַנטציקט:

— ווי שיין, ווי גרויסאַרטיק! קיין דערהויבענערע זאַך, זאָג איך, איז ניט פאַראַן אויף דער וועלט, ווי מוזיק. הערט! הערט! שרעקלעך!

דאָס האָט נאָך מער אויפגערעגט בענדערן, און אויך דאָ, אין גאָרטן, איז מאַניע געזעסן אויף דער זײַט פון מאירזאָנען. אַלץ איז געווען עקסטרע געמיינט קעגן אים. ער האָט זיך געפילט באַליידיקט, געקוועלט. און די מוזיק האָט אים גערירט ביז טרערן. די טענער זײַנען אַרײַנגעדרונגען אין זײַן פאַרביטערט האַרץ, האָבן אים געלאַשטשעט און געטרייסט און איבערגעבעטן. עס איז געווען אַ מאָמענט, ווען ער האָט פאַרגעסן מאַניען און מאירזאָנען און די גאַנצע וועלט, און האָט נאָר געדענקט זײַן איינציק גרויס אומגליק, אַז ער איז איינזאַם און עלנט, און קיין מענטש און קיין זאַך עקסיסטירט ניט אויף דער וועלט, וואָס ער זאָל דערויף קאָנען זאָגן: „אָט דאָס האָב איך ליב, אָט דאָס האָב איך מיר אויסגעווילט, אָט דאָס געהערט מיר“. טייל מאָל ווידער איז אין זײַן האַרצן אַנטשטאַנען אַ שרעקלעכער האַס צו דער דאָזיקער אומבאַרעמהאַרציקער, אומגערעכטער מאַניע, און ער האָט געפילט, אַז ער דאַרף זיך נוקם זײַן אין איר, אַרײַנלאָזן איר אַ קויל אין דער ברוסט און טויטן זי אויפן אָרט. און ווידער אַ מאָמענט האָט זיך זײַן גײַסט באַרויִקט, און דער געדאַנק וועגן טויט האָט זיך אָפּגערופן פון אַ ווינקל מוח.

„ווי אַ הונט, ווי אַ הונט וועל איך שטאַרבן!“, האָט זײַן האַרץ

געוויינט צוזאַמען מיטן אָרקעסטער, און די אויגן זײַנע זײַנען פול געוואָרן מיט טרערן.

עס האָט זיך געענדיקט דער ערשטער טייל. ער האָט געעפנט די אויגן און געזען, אַז מאירזאָן מיט מאַניען הייבן זיך אויף און גייען זיך איבערשפּאַצירן.

ער האָט זיך אויך אויפגעהויבן און געגאַנגען אַהיים, ניט געזעגנענדיק זיך מיט זיי.

צומאָרגנס איז בענדער געגאַנגען אויף דער גאַס. ער האָט זיך געפילט מיד און מאַט. אַ גאַנצע נאַכט איז ער נישט געשלאָפן. אין געשעפט אַרײַן איז ער ניט געגאַנגען און האָט זיך אַרומגעשלעפּט אויף די גאַסן אָן ציל. פּלוצלינג האָט ער דערזען פּאַר זיך מאַניען, וואָס האָט זיך דערנענטערט מיט גיכע טריט:

— ווו זײַט איר געכטן אַהינגעקומען? — האָט זי געפרעגט, דערלאַנגענדיק אים די האַנט.

נאָר ער האָט איר ניט געגעבן זײַן האַנט; ער איז געבליבן שטיין אויפן אָרט מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן בליק. זי איז בלייך געוואָרן און האָט פּאַמעלעך אָפּגעטראָטן פון אים.

בענדער האָט איר נאָכגעקוקט, ביז זי איז אַרײַן אין אַן אַנדערער גאַס, און ער איז ווײַטער געגאַנגען זײַן וועג.





**אויף דער טשערנאָוויצער קאָנפערענץ, אין 1908**, פון רעכטס צו לינקס, זיצנדיק: **ה. ד. נאָמבערג, ד״ר חיים זשיטלאָווסקי, יצחק לייבוש פרץ, אברהם רייזען.** שטייענדיק: **שלום אַש.**

## י. ל. פרץ — אַ ליטעראַרישער דור *

### נאָך די „בלעטלעך״

פרץ איז אין זײַן לעבן געשטאַנען אונטער אַלערליי השפּעות. ער האָט געהאַט אַ קנאַפּע צוגעבונדנקייט צו אידייען — ער איז געווען אַן אמתער פרײַער פויגל, אַ דאָן זשואַן אין דער וועלט פון אידייען: ער האָט געלעבט מיט דער לעצטער און שענסטער אידייע, וואָס האָט באַוועלטיקט זײַן האַרץ. אין דער טיפעניש פון זײַן וועלט־אָנשויאונג איז עס געלעגן, וואָס ער האָט זיי טראַקטירט אַזוי ווי שיינע פרויען און האָט זיי געשטעלט די פאָדערונג, וואָס מען פאָדערט פון אַ פרוי, דהיינו, זי זאָל זײַן רייצנדיק, שיין, שטראַלנדיק און אַמיוזאַנט, און — זי זאָל נישט פאָדערן קיין חופּה מיט אַ כתובה און אַ פאַרבינדעניש אויף אייביק. אויף דעם דאָזיקן געביט פון אַלערליי פּאָליטישע, מאָראַלישע און עסטעטישע אַני־מאַמינס איז ער אָן שום ספק געווען דער גרעסטער אָנהענגער פון „פרײַער ליבע״. מיט איין תנאי: אַז דאָס זאָל נישט זײַן גלאַט אַזוי אַ תאווהלע, נאָר טאַקע אַ ליבע, וואָס פאַרכאַפּט, פאַרכישופט און פאַרבלענדט, וואָס מאַכט די אויגן גלאַנצן און רירעוודיקער דאָס בלוט אין די אָדערן.

איך האָב געטראָפן פּרצן אין אַ צײַט, ווען ער איז געווען באַרוישט פון סאָציאַליסטישע אידייען, אמת, נישט גענוג קלאָרע און דורכגעטראַכטע. עס איז געווען באַלד נאָך די „יום־טוב־בלעטלעך״, אין אָנהייב פון דער אַרבעטער־באַוועגונג אויף דער יידישער גאַס. אַרום פּרצן האָבן זיך דעמאָלט גרופּירט עטלעכע יונגע סאָציאַליסטן. צו זיי האָט געהערט אויך דוד פּינסקי, וואָס האָט אין די „בלעטלעך״

---

* פון די 6 קאַפּיטלען, וואָס די דאָזיקע גרונטאַרבעט האָט און אין וועלכער ער פאַרנעמען אַ גרויס אָרט זכרונות, דרוקן מיר 3.

פאַרטרעטן שוין אַ „שטאַנדפּונקט", אַ סאָציאַליסטישן. דער „בונד" האָט זיך דעמאָלט נאָך נישט געהאַט אָרגאַניזירט. פון די איבעריקע יונגעלײַט זײַנען געווען אָנהענגערס און מיטגלידער פון דער פּ. פּ. ס. און, אויב איך האָב קיין טעות נישט, פון „פּראָלעטאַריאַט", די ערשטע סאָציאַליסטישע אָרגאַניזאַציע אין פּוילן. פּינסקין האָב איך שוין נישט געטראָפן אין וואַרשע. עטלעכע פון יענער גרופּע, וואָס האָט מיטגעהאָלפן בײַם אַרויסגעבן און פאַרשפּרייטן די „בלעטלעך", האָבן זיך יאָ נאָך געהאַלטן נאָענט צו פּרצן, די דאָזיקע נאָענטקייט האָט געבראַכט פּרצעס אַרעסט, פאַר אַ פאָרלעזונג צום גונסטן פאַר שטרײַקנדיקע אַרבעטער. דער אַרעסט האָט געדויערט דרײַ חדשים.

פון „יידישע ביבליאָטעק" ביז צו די „יום־טוב־בלעטלעך" איז אַ היפּשער שריט פאָרויס. אין דער ערשטער שטייט פּרץ נאָענט צו אַ קרײַז פּויליש־יידישער דיפּלאָמירטער אינטעליגענץ. פּראָפ' דיקשטיין, ד"ר גאָלדפלאַם און גראָסגליק, סעקרעטאַר פון דער יידישער גמינע, האָבן די אונטערנעמונג געשטיצט; דער לעצטער האָט, דוכט זיך, מיטגעאַרבעט. די הקדמה צו דער „אידישער ביבליאָטעק", כאָטש אין ליטעראַרישן זין גלענצנדיק אויפגעשריבן, קאָן נאָר לויט דער פאָרעם גילטן אַלס אַ נײַ וואָרט; אין אונדזער פּובליציסטיק קאָן זי בלי־ספק דינען פאַר אַ קלאַסישן מוסטער; אָבער אין תוך אַריין, לויט דעם אינהאַלט נאָך, געהער זי צו דער משכילישער ריכטונג. די לאָזונג איז „בילדונג", דער „זשאַרגאָן" איז אַ מיטל. אמת, נישט ווילנדיק ווערט דאָס מיטל דאָרט אַזוי געצערטלט און עס פילט זיך דערצו אַזאַ צוגעבונדנקייט, אַז ס'פּאַסט גאָרנישט צו דער אָפיציעלער באַקענטעניש. איך האָב געהערט, אַז די דאָזיקע אָפיציעלע שורות זײַנען דירעקט געשריבן געוואָרן אונטער דעם אײַנפלוס און פאַרלאַנג פון פּראָפ' דיקשטיין *. אויף יעדן פאַל אָבער האָט זיך

* ד"ר יעקב שאַצקי, אין ייוואָ־בלעטער, נ"י, 1941, און ש. ניגער, אין יצחק לייבוש פּרץ, ב"א, 1952, ז' 211, שטעלן־פעסט, אַז סיי נאָמבערג און סיי ד"ר גרשון לעווין האָבן אַ טעות, ווען זיי שרייבן, אַז פּראָפ' דיקשטיין

פּרץ אין דער „ביבליאָטעק" נישט אָפּגעטיילט פון קרייז וואַרשעווער משכּילים צו יענער צייט. מיט עטלעכע יאָר פריִער איז ער איינער פון די טעטיקסטע מיטאַרבעטער ביי דער דורכפירונג פון דער ייִדישער סטאַטיסטיק דורך דעם געשמדטן מיליאָנער בלאָך, וואָס האָט זיך געשטעלט דעם ציל אויפצודעקן די ייִדישע אָרעמקייט פאַר דער רעגירונג. די „רייזע־בילדער" זיינען די ליטעראַרישע ירושה פון יענער אונטערנעמונג און — דער איינציקער פּאָזיטיווער רעזולטאַט, וועלכער האָט מער ווערט פון דער גאַנצער סטאַטיסטיק, וואָס האָט זיך געענדיקט מיט גאָרנישט, אָן וויסנשאַפטלעכן און אָן פּראַקטישן רעזולטאַט.

אין די „בלעטלעך" פאַרשווינדט דער אַלטער משׂכּילישער טאָן אין גאַנצן. דאָס איז נישט קיין אויסנווייניקסטע ענדערונג, אַ צופאַסונג צו די אומשטענדן. פּרץ רייסט אינעווייניק איבער מיט די אידייען פון די וואַרשעווער משׂכּילים. ער ווערט אינערלעך פאַרפרעמדט פון דעם דור שרייבערס, צווישן וועלכע ער לעבט. ער שטייט אין דער שאַרפסטער אָפּאָזיציע צו דער גאַנצער העברעיִשער פּרעסע און ליטעראַטור פון יענער צייט.

אין דער צייט, ווען איך האָב אים געטראָפן, איז נישט געווען קיין שרייבער, קיין שום ליטעראַרישע דערשיינונג, אחד העם, צי י. ל. גאָרדאָן, וואָס פּרץ זאָל האָבן דערפאַר מער ווי עטלעכע קורצע ווערטער פון פולשטענדיקן ביטול. דעם ערשטן איינדרוק, וואָס איך האָבן געהאַט פון אים, איז געווען ווי פון אַ מענטשן, וואָס לייקנט אין אַלץ און אין אַלעמען. דאָס, פאַרשטייט זיך, איז געווען זייער צוגעפּאַסט צו מיין דעמאָלטיקער שטימונג און האָט מיר שטאַרק אימפּאָנירט. ווען איך בין געוואָרן נייגעריק צו וויסן אויך די פּאָזי־

---

האָט סובסידירט און באַווירקט פּרצן ביים שרייבן אין יידישע ביבליאָטעק. געווען פאַראינטערעסירטע, וועלכע האָבן דאָס אויסגעטראַכט און צומאָל אַזעלכע חסידים, פּרצעס, ווי נאָמבערג און לעווין, האָבן דאָס איבערגעחזרט. — רעד'.

טיווע זײַט, וואָס ליגט נאָך דעם „גאַרנישט“, האָב איך געהאַט ווײַ־ניק גליק.

איך בין געקומען קײַן וואַרשע מיט דער הילף פון אַ קרײַז וואַר־שעווער סטודענטן־סאָציאַליסטן. די ערשטע סאָציאַליסטישע אַקאַדע־מישע קרײַזלעך פון וואַרשעווער אוניווערסיטעט האָבן זיך פאַרנומען מיט אויפקלערונג־אַרבעט. זיי האָבן אַגיטירט פעיִקע יונגעלײַט פון דער פּראָווינץ און האָבן זיי צוגעגרייט אין אוניווערסיטעט אַרײַן. איך האָב דעם סטודענט, וואָס האָט אײַנגעאָרדנט מײַן קומען קײַן וואַרשע, געזאָגט, אַז איך שרײַב, און האָב אים געבעטן, ער זאָל מײַנע „שירים“ ווײַזן איינעם י. ל. פּרץ און אים געזאָגט דעם אַדרעס. ער האָט דאָס געטאָן נישט גערנווייליק. ער האָט דעם נאָמען פּרץ נישט געהערט. אין עטלעכע טעג אַרום האָט ער מיר געבראַכט די ידיעה, אַז פּרצן זײַנען די „שירים“ זייער געפעלן, און אַז ער בעט מיך אַרויפצוקומען. דער סטודענט האָט קוים געהאַט אַן אַנונג, וואָס די בשורה באַדײַט פאַר מיר: די פּערספּעקטיוו צו זען פּרצן, צו קאָנען מיט אים לענגער ריידן, איז געווען דער צוועק פון מײַן רײַזע, די אוניווערסיטעט מיט דער אויפקלערונג — אַן אויסרייד, אפשר אַ נעבנזאַך.

איך בין געווען לאַנג געקליידט, נאָר איך האָב זיך נישט זשע־נירט. וואָס טײַטש? ער וועט זיך רעכענען מיט אַזוינע ריין־אויסנווײַ־ניקסטע זאַכן? ער האָט מיך ווירקלעך אויפגענומען גאָר, גאָר פרײַנט־לעך, האַרציק. גערעדט האָט מען רוסיש, וואָס איך האָב אין דער היים באַוויזן צו לערנען אַ ביסל פון אַ מעטאָדע.

— די שירים טויגן צו גאַרנישט. זיי זײַנען נישט צײַטיק, כאָטש אין זיי איז פאַראַן פיל טאַלאַנט.

און ער האָט גענומען אָנווײַזן באַזונדערע שטעלן, האָט געלויבט און געטאַדלט. אין פאַרלויף פון געשפּרעך האָט ער שוין געהאַט אָפּ־געפאַרטיקט אַלע גדולים פון יענער צײַט. איך האָב בײַ אים אויסגע־נומען דערמיט, וואָס קיין גרויסע אָפּאָזיציע פון מײַן זײַט צו זײַן אומבאַרעמהאַרציקער קריטיק, צו זײַנע שאַרפע אַרונטעררײַסנדיקע

אויסדרוקן, האָט ער נישט געטראָפן. נאָר ביי עפּעס אַ האַרב וואָרט קעגן אחד־העמען האָב איך רעאַגירט. עס האָט מיר שוין אויסגעזען צו־שאַרף קעגן דעם שרייבער, צו וועלכן איך האָב געהאַט אַ גרויסע מאָס אַכטונג, וואָס האָט ביי מיר פיגורירט באַזונדער, נישט צווישן די „ליטכטזיניקע, וואָס פּלאַפּלען און ריידן גלאַט"...

פּרץ האָט נישט געדאַרפט מער זוי אַן אָנרעגונג, ער איז אַריין אין אַזאַרט. ער האָט גענומען וואַרפן מיט בליצן פון סאַרקאַזם נישט נאָר קעגן אחד־העמען, נאָר קעגן אַלץ און אַלע: קעגן דעם גאַנצן גייסטיקן פאַרמעגן פון יענער צייט, מיט ציוניזם, חיבת־ציון און השכלה צוזאַמען: אַ באַרג אַש איז געבליבן.

איך האָב די חורבות נישט געהאַט וואָס צו באַוויינען, ווייל קיין היים און קיין נעסט האָב איך דאָ נישט געהאַט אויפגעבויט נאָך דער גרויסער „שריפה" פון דער רעליגיעזער וועלט.

אין מיטן דעם געשפּרעך האָט זיך פּרץ פּלוצלינג געווענדט צו מיר:

— וואַרפט־אַוועק די העברעישע שירים, שרייבט אויף יידיש, וועט איר ברענגען נוצן דער וועלט.

— און וואָס וועט זיין, אַז איך וועל ברענגען נוצן? — האָב איך געפרעגט.

פּרץ האָט מיך אָנגעקוקט עפּעס גאָר מיט אַן אַנדער אַרט בליק. דער שפּרודלדיקער, פאַרביקער טאָן פון זיין געשפּרעך האָט זיך געענדערט:

— אַז איר וועט ברענגען נוצן, וועט איר זיין מאָראַליש צופרידן.

— און אַז מען איז מאָראַליש צופרידן, איז וואָס? מען קאָן לעבן און שטאַרבן און נישט זיין מאָראַליש צופרידן.

ער האָט מער קיין שמייכל אויף זיינע ליפּן נישט געהאַט פאַר מיר. אין קאַלטע ווערטער האָט ער מיר געענטפערט:

— דאָס מוז מען פילן.

איך האָב מער נישט געפרעגט. דער גלאַנץ פון זיינע אויגן

און דער שמייכל פון זײַנע ליפּן, וואָס זײַנען פאַרשוווּנדן, האָבן מיך אין אַ רגע געמאַכט געדענקען דעם מהלך צווישן מיר, אַ לאַנג־געקליידטן יונגנמאַן פון דער פּראָווינץ, און... י. ל. פּרץ.

דינעזאָן איז אַרײַנגעקומען און עס איז ווידער געוואָרן היימלעך.

## מאָדערניזם

איך האָב שוין געזאָגט, אַז פּרץ איז פריִער פאַר אַלעם אַ צענטער פון השפּעות, אַ ברענגלאָז פאַר די גײַסטיקע שטראַלן פון דער עפּאָכע. פון אָט דער זײַט ווילן מיר איצט אים זען. ערשט דערנאָך, ווען מיר וועלן זיך קלאָר מאַכן די אַלע השפּעות, וועלן מיר קאָנען אַרויסגעפינען, וועלכע פון זיי זײַנען געווען באַשטענדיקע, טיפע, וועלכע — צופעליקע און דורכגייענדיקע; וועלכע פון זיי ער האָט אַסימילירט אין זיך און זיי האָבן באַפרוכפּערט זײַן פּערזענ־לעכקייט און זײַן שאַפן, און וועלכע פון זיי האָבן זיך נאָר אָפּגע־שלאָגן צוריק, ווי פון אַ שפּיגל.

און אָט וועט זײַן אינטערעסאַנט צו באַקענען זיך מיטן גײַסט פון יענער צײַט, בײַ וועלכער מיר האַלטן, מיט דער ליטעראַרישער ריכטונג, וואָס איז געווען אין דער מאָדע און האָט באַהערשט די גײַסטער.

ניטשע איז געווען דער פּראָטעסט קעגן דעם מאַטעריאַליזם פון פריִערדיקן דור, קעגן דעם וווּלגאַרן דעמאָקראַטיזם, קעגן דעם פאַר־לאַנג אונטערצוּוואַרפן דעם מענטש אונטער דער געזעלשאַפט און דער סביבה. דער אינדיווידואַליזם האָט באַקומען זײַן גרעסטן נביא.

די דאָזיקע גרויסע פּאַליע * פון אינדיווידואַליזם איז געבראָכן געוואָרן אין פאַרשיידענע קליינע פּאַליעס. איינע פון זיי האָט גע־הייסן מאָדערניזם. די פאָרשטייערס זײַנען געווען פּשיבישעווסקי און סטרינדבערג. שפּורן פון אים איז צו באַמערקן בײַ מאָפּאַסאַנען און

* כוואַליע.

אַפּילו בײַ טשעכאָוון. עדגאַר פּאָ, דער אַלטער גײַסט פון דער יונגער אַמעריקע, האָט געלעבט און געשריבן פריִער. אָבער, ווי באַוווסט, איז ער געשטאָרבן פאַרלאָזט, עלנט און נישט־באַוווסט אויסער די גרענעצן פון זײַן פאָטערלאַנד. ערשט אין יענער צײַט ווערט ער „אַנטדעקט“, געערט און געלייענט.

דער דאָזיקער מאָדערניזם איז אַזוי ווײַט געווען פון דער סטיכיע, וואָס פון איר האָט ער געשטאַמט, און דאָך איז ער געווען אַ לײַבלעך קינד פון איר. ניטשע האָט גערופן צו גלייבן אין זיך, צו קראַפט און צו הערלעכקייט. דער מאָדערניזם פון די דערמאָנטע שרײַבערס האָט געריסן און צעפליקט די פּערזענלעכקייט, איז געווען דורכגעזאַפּט מיטן טיפסטן פּעסימיזם, מיט אַן עקל צום לעבן. עס איז אינטערעסאַנט דאָ צו נאָטירן אַ מערקווירדיקייט, אויף וועלכער איך האָב מיך אין יענער צײַט אָפּגעשטעלט. שאָפּענהויער, דער פּעסימיסט, באַרויִקט דאָס געמיט; ניטשע, דער אָפּטימיסט, נאָך אַ קורצער שיכרות, וואָס מען פילט, ווירקט דריקנדיק. נאָך שאָפּענהויערן ווערט מען קליגער, זעענדיקער, רויִקער; נאָך ניטשען — אומרויִקער, דאָרשטיקער, פאַרציטערט און צעבראָכן. מיר האָבן דאָ צו טאָן מיט אַ רעאַקציע, וואָס קומט־פאָר אין גײַסט. דער מאָדערניזם איז דער אויסדרוק פון דער רעאַקציע.

פאַרשטייט זיך, אַז אויך פּרצן האָט די פּאַליע נישט געמיטן. ער איז אַרונטערגעפאַלן אונטער איר השפּעה, ווי יעדער דעמאָלט. אָבער דערין צייכנט זיך אויס פאַר אונדז דער מהות פון פּרצן, זײַן אינערלעך וועזן, וואָס ער טרייסלט זיך אָפּ פון איר בײַ דער ערשטער מעגלעכקייט.

איך האָב אים באַאָבאַכט צו יענער צײַט, און איך געדענק, ווי ער האָט זיך געראַנגלט מיט דער מאָדערניסטישער ווירקונג, ווי איינער, וואָס ראַנגלט זיך מיט פינצטערע גײַסטער און ווילדע, פרעמדע כוחות. אין דער טיפעניש פון זײַן נשמה האָט ער נישט געקאָנט סובל זײַן דעם הויך פון טויט און צעלייגונג, וואָס האָט זיך געטראָגן פון יענער ריכטונג. ער איז אינערלעך געווען פרעמד און ווײַט דערפון.

אָבער דאָס איז דעמאָלט געווען דאָס לעצטע וואָרט, דאָס מאָדערנע און דאָס נײַסטע. און ווי אַזוי האָט ער זיך געקאָנט אָפּזאָגן דערפֿון?....

ווײַל פֿון אַלעם אין דער וועלט האָט פּרץ געקאָנט ריידן און טראַכטן, אַלצדינג מענטשלעכע איז אים נישט געווען פֿרעמד, אויסער — דער טויט. ער האָט אים אין גאַנצן נישט גורס געווען, פֿאַרטריבן אים פֿון באַוווּסטזײַן. ער איז לאַנגע יאָרן געווען אין דער וואַרשע־ווער ייִדישער גמינע דער באַאַמטער, וואָס האָט געהאַט צו טאָן מיט מתים, און איך בין מסופּק, צי ער האָט אין זײַן לעבן געזען אַ מאָל אַ מת.

ער איז כמעט קיין מאָל נישט נאָכגעגאַנגען נאָך קיין לוויה, אויסגעמיטן דאָס בעט פֿון אַ שווער־קראַנקן און נישט גערעדט פֿון אַ טויטן. איך ווייס פֿון פֿאַלן, ווען נאָענטסטע און ליבסטע זײַנען אים אָפּגעשטאָרבן אין די בלי־יִעָנדיקסטע יאָרן און האָבן מיטגעטראָגן מיט זיך אין קבר אַרײַן זײַן טיפֿסטע, האַרציקסטע ליבשאַפֿט, און ער האָט עקשנותדיק אויסגעמיטן וועגן זיי צו דערמאָנען. ער האָט פֿײַנט געהאַט דעם טויט און האָט פֿײַנט געהאַט די געבויגענע עלטער, וואָס שמעקט מיט קברים־בלימלעך. פּשוט פֿײַנט געהאַט און דערווײַטערט פֿון זיך אַלץ, וואָס האָט אַ שײַכות צו די דאָזיקע מיאוסע ענינים.

אָבער די פֿאַליע איז געווען צו־שטאַרק. זי האָט צוגענומען פֿון אַלע זײַטן. דער דור איז פֿול געווען מיט איר. פּרצן האָט זי אַ יאָר, צי צוויי געהעמט * אין זײַן שאַפֿן. דאָס איז געווען די צײַט פֿון נאָך זײַן אַרעסט ביז צום דערשײַנען פֿון „יוד" און „הדור".

אין פּרצעס טיפֿענישן איז געלעגן דאָס זינגענדיקע און שטראַלנ־דיקע, וואָס האָט געדאַרפֿט גאָר אַן אַנדערע אַטמאָספֿערע. ער האָט אַזוי ווי זײַן רבי אין „די גאָלדענע קייט", בשום אופֿן נישט געוואָלט אַרײַנלאָזן דעם וואָכנטאָג צו זיך אין דער נשמה. בײַ דער ערשטער געלעגנהייט האָט ער זיך טאַקע אָפּגעטרייסלט דערפֿון.

עפּעס אַ ברונעטער יונגערמאַן, געקומען פֿון ליטע, וואָס האָט

---

* געהאַמעוועט, טאַרמאַזירט, איינגעהאַלטן.

גערעדט רוסיש, ווי אַן אמתער רוס, האָט זיך דעמאָלט געדרייט אַרום פּרצן און האָט זיך יעדן שבת געפונען, צוזאַמען מיט אַלע, אין זײַן וווינונג אויף צעגלאַנאַ־גאַס. דער דאָזיקער יונגערמאַן האָט מיטגע־בראַכט מיט זיך דאָס ערשטע ביכל נאָוועלן פון מאַקסים גאָרקי. איך האָב נאָך אין מײַן לעבן נישט געזען אַ גרעסערע אַנטציקונג, אַ גרע־סערן גײַסטיקן נחת, ווי דעם, וואָס פּרץ האָט געהאַט פון דעם ביכל. די אויגן האָבן אים געשײַנט, בשעת ער האָט גערעדט דערפון. די אַנטציקונג און ליבשאַפט האָט זיך אַזש אַריבערגעטראָגן אויף דעם יונגנמאַן, וואָס האָט זיך, איבעריקנס, מיט קיין שום זאַך נישט אויס־געצייכנט.

מאַקסים גאָרקיס נאָוועלן זײַנען דעמאָלט פון דער גאַנצער אינ־טעליגענץ אויפגעכאַפּט געוואָרן ווי אַ צוריקגאַנג צו אַ געזונטן, קרעפ־טיקן אָפּטימיזם, ווי אַ רוף צום לעבן. פּרץ האָט אָפּט מאָל ליב געהאַט צו וואַרפן אַ טראַציק, סאַרקאַסטיש וואָרט קעגן דער רוסי־שער ליטעראַטור, אַזוי זיך, ווי צום „רוסישן באַרבאַריזם”. ער האָט דאָך געלעבט אין אַ פּויליש־ייִדישער אַטמאָספערע. אָבער דאָס קליי־נע ביכל, וואָס איז געקומען אַזוי צו דער צײַט, האָט ווי באַפרײַט אים פון אַ שווערן קאָשמאַר.

ד״ר עליאַשעוו (דער קריטיקער בעל־מחשבות) האָט זיך דע־מאָלט אויך געפונען אַרום פּרצן. ער איז געקומען פון בערלין מער באַאײַנפלוסט פון דעם מאָדערניזם. אַליין, פּערזענלעך, לויט זײַן שטימונג און סטיל, שטאַרק מאָדערניזירט, דערצו נאָך אַן אַנאַלי־טישער גײַסט בטבע, ער איז געווען אין דעם קרײַזל די לעבעדיקע פּאַרקערפּערונג פון דעם מאָדערניזם, וואָס האָט פּרצן אי צוגעצויגן אי געשראָקן מיט דעם אומהיימלעכן און פרעמדן, וואָס ער האָט דע־רין געפילט.

מיט גאָרקיס נאָוועלן האָט ער זיך גערייצט. ער האָט געטראָצט* מיט זיי, ווי אַ פּראָמעטיי, וואָס איז באַפרייט געוואָרן פון זײַנע קייטן.

---

* איינגעשפּאַרט.

איך דערמאָן מיך אָן אינצידענט מיט ד״ר עליאַשעוון און, דוכט זיך, מיט מיר אַליין אויך, ווען ער האָט אונדז צוגעוואָרפן קאַלטע, האַרבע ווערטער. ווער האָט דעמאָלט געקאָנט פאַרשטיין, פון וואַנען זיי שטאַמען, פון וואַנען עס נעמט זיך דער קאַפּריז פון דיכטער? פון דער פּערספּעקטיוו איז עס קלאָר און פאַרשטענדלעך. פּרץ איז אַ יאָר צוויי געשטאַנען אונטער דעם צייכן פון עפּעס אַ שווערן גע־מיט, פון אַ דריקנדיקער וועלט־אַנשויאונג, וואָס איז אים געווען ווילד־פרעמד, וואָס ער האָט נישט געקאָנט אויפנעמען און אַסימי־לירן אין זיך. ער האָט עס נישט געקאָנט אַוועקשאַרן מיט דעם אַלטן, ברייטן ביטול פון משכיליש־אַפּיקורסישן סטיל. ער האָט עס אָבער אויך אינערלעך נישט געקאָנט פאַרטראָגן. גאָרקי איז געווען זײַן טריומף, זײַן נצחון. און פּונקט אַזוי ווי ער האָט פּלוצלינג ליב באַקומען דעם יונגנמאַן מיט די שוואַרצע האָר און אויגן און גע־האַלטן אים פאַר דעם לעצטן מוסטער פון בילדונג און אינטעליגענץ, אַזוי האָט ער אַריבערגעטראָגן די פרעמדקייט צום מאָדערניזם אויך אויף פּערזאָנען.

אַזוי פירן זיך קינדער, אַזוי פירן זיך פרויען און אַזוי פירן זיך דיכטערס.

## פּרצעס מעשהלע און חסידיזם

פּרץ פלעגט ליב האָבן צו דערציילן אַ מעשהלע, דוכט זיך, פון טויזנט און איין נאַכט גענומען, אָבער ער פלעגט עס באַפּוצן און באַ־רײַכערן מיט אייגענע פאַרבן און בילדער, און שטענדיק, ווען ער האָט עס דערציילט, איז געווען אַ סימן, אַז ער איז אין אַ געהויבע־נער שטימונג.

אַ פאַרכישופטער בן־מלך וווינט אין אַ שלאָס פול מיט אַלע אוצרות און פראַכט פון גאָר דער וועלט, אָבער מרה־שחורהדיק איז ער און פאַרבענקט צו עפּעס אַנדערש, וואָס ער אַליין ווייסט נישט, וואָס דאָס איז. אַ קליינע צוים טיילט נאָר אָפּ דעם בן־מלך פון אַ

וווּנדערשיינעם פּאַרק, ווו עס וואַקסן די שענסטע פּאַלמען, די שטאַרק־סטע צעדערן צוזאַמען, די הערלעכסטע רויזן און שניי־ווײַסע ליליעס. אָבער אַן אָנזאָג האָט דער בן־מלך אַ האַרבן און אַ פעסטן, ער זאָל נישט אַריבערטרעטן די צוים, ווײַל ער וועט שלעכט ענדיקן. היט מען דעם בן־מלך פון אַלע זײַטן, מען היט אים בײַטאָג און מען באַוואַכט אים בײַנאַכט, עס זאָל, חלילה, נישט געשען דאָס אומגליק. אָבער די בענקשאַפט איז שטאַרק, און דער בן־מלך קען זי נישט גובר זײַן. איינמאָל, פאַרטאָג, די וועכטערס האָבן אײַנגעדרימלט, גנבעט ער זיך אַרויס פון שלאָס און לאָזט זיך גיין אין פּאַרק אַרײַן.

און דער וווּנדער און די שיינקייט פון דער וועלט עפענען זיך פאַר זײַנע אויגן. די שענסטע בלומען, די הערלעכסטע חיהלעך, אַלץ איז אַזוי פאַרביק, אַזוי מילד, אַזוי ליבלעך, אַלץ ליבט און לאָקט און רופט צו זיך; יעדע בלום וויל געפליקט זײַן פון זײַנע הענט, יעדעס חיהלע בעט זיך שטום: נעם מיך, גלעט מײַן ווייכע, סאַמעטענע פעל. גייט ער צו און פליקט־אָפּ די ערשטע בלום, אָבער ווי נאָר ער עפנט די האַנט, זעט ער, אַז ער האָט גאָר אַ שטיק קלעפּיקע בלאָטע, און ער וואַרפט עס מיט עקל אַוועק. ער פּרוּווט לאָקן צו זיך אַ חיהלע, און ווי נאָר עס געפינט זיך אין זײַנע הענט, ווערט דערפון אַ שטיק מיאוסקייט, אַן עקלהאַפטע, קליין, קריכנדיק באַשעפעניש. ער גייט ווײַטער. ווידער ווינקט צו אים אַ בלום, לאַשטשעט זיך אַ חיהלע. ער האָט שוין מורא צו פליקן די בלום, צו גלעטן דאָס חיהלע, אָבער זײַן האַרץ גייט־אויס פון בענקשאַפט. ער פליקט די בלום — און ווידער האָט ער בלאָטע אין האַנט. ער רירט זיך צו צום חיהלע, — ווידער האָט ער אָנגערירט אַ שרץ. און אָט גייט ער ווידער אַוועק, זײַן צוריקגעהאַלטנקייט ווערט גרעסער, ער איז שוין פיל מאָל אָפּ־געלערנט, אָבער די בענקשאַפט ווערט נאָך שטאַרקער, און אַזוי צאַפּלט זיין נשמה צווישן באַגער, מורא און עקל. פּלוצלינג דוכט זיך אים, אַ שווערקייט איז באַפאַלן זײַנע יונגע פיס... דעמאָלט קומט־אַרויס אַ קאַרליק פון אַ הייל, טראָגט אים צו צום פּנים אַ

שפּיגעלע און ער דערזעט דאָרט — אַן אַלטן, געבראָכענעם, גרייז־
גרויען מענטשן. דאָס איז ער אַליין.

אין דעם דאָזיקן ראַנגלען זיך מיט באַגער, בענקשאַפט און עקל
איז זײַן לעבן דורכגעגאַנגען.

פּרץ פלעגט דאָס מעשהלע דערציילן ווי אַ לעצטן ענטפער אויף
אַלע מעגלעכע קשיות, ווי דאָס וואָרט פון דער לעצטער קלוגשאַפט.
און שטענדיק איז עס געווען דעמאָלט, ווען ער איז געווען אין ברען,
ווען די אויגן האָבן בײַ אים, אי געבליצט, אי געשמייכלט. איך האָב
עס פיל, פיל מאָל פון אים געהערט, און שטענדיק האָב איך דערבײַ
געהאַט דעם אײַנדרוק, אַז ער לייענט זײַן אני־מאמין.

דאָס געפליקטע, דערגרייכטע, געפילטע איז בלאָטע, עקל. שיין
און רייצנדיק איז נאָר די בענקשאַפט.

זײַן אייגענע שוואַכקייט, וואָס ער פלעגט זיך אַזוי אָפט אַריבער־
וואַרפן פון סטיל צו סטיל, נישט געהאַט אַן אייגענעם אויסגעטראָ־
טענעם וועג, אַזוי ווי מענדעלע, אַזוי ווי שלום עליכם, וואָס האָבן נאָך
יאָרן פון זוכן, ענדלעך, דאָך געפונען זייער אייגענעם נוסח — די
דאָזיקע שוואַכקייט פלעגט ער מיט דעם מעשהלע פאַרענטפערן. אין
דעם דאָזיקן מעשהלע איז שוין געלעגן די אַפּיקורסות צו אַלערליי
אַרטן פון גלויבנס און פּראָגראַמען. אַלץ איז אילוזאָריש, האָט אַ
ווערט, ווי לאַנג מען רירט זיך נישט צו דערצו, אַלץ איינס, צי דאָס
איז אַ געליבטע, וואָס איז איין מאָל געקושט געוואָרן, אַן אידייע, וואָס
האָט אַ מאָל באַגײַסטערט, אַ פאָרעם, וואָס איז איין מאָל אויסגענוצט
געוואָרן.

אָבער דאָס מעשהלע איז דערציילט געוואָרן נאָר, ווען פּרץ
האָט זיך געפילט געהויבן און שטאַרק, ווען עפּעס אין לעבן איז אים
געלונגען, באַזונדערס נאָך אַ געלונגענער זאַך, וואָס איז אַרויס פון
זײַן פעדער, ווען ער האָט געוווּנען די אינעווייניקסטע זיכערקייט.
אָבער באַהאַלטן פון אַלע און פון אייגענעם באַוווּסטזײַן, אין די טי־
פענישן פון זײַן נשמה, האָט דאָך געלעבט דער דראַנג צו געפינען
זיך אַליין, די נישט־צופרידנקייט פון דער צעריסנקייט. ווער עס

האָט געקאָנט אַ ר ו י ס ל יי ע נ ע ן דעם סוד פון עפּעס אַן אומעט, אַ נישט־הימלעכן, וואָס האָט אַזוי אָפּט זיך אָפּגעשפּיגלט אין זײַנע אויגן, דער האָט דאָס געקאָנט פאַרשטיין. און ווי האָט עס דען געקאָנט אַנדערש זײַן? דאָס זעלביקע געזעץ, וואָס טרײַבט דעם עפּלבוים „ליב צו האָבן" נאָר עפּל און צו פּרוכפּערן נאָר עפּל, דאָס זעלביקע געזעץ טרײַבט דעם קינסטלער צו געפינען זײַן זיך, זײַן פּערזענלעכקייט, זײַן סטיל. נישט געקוקט אויף דעם, וואָס פּרץ פלעגט אַזוי אָפּט אויסלאַכן דאָס גיין אויף אַן אויסגעטראָטענעם וועג, נישט געקוקט אויף דעם, וואָס ער פלעגט עס באַפאַלן מיט ביטערן סאַרקאַזם ווי איינזײַטיקייט, ענגהאַרציקייט, האָט ער דאָך, אַליין דאָס נישט צו וויסן, געזוכט זײַן אייגענע איינזײַטיקייט, געבענקט נאָך דעם, געשטרעבט צו דעם.

עס איז אָבער באַשערט געווען אַזוי, אַז זײַן איך, זײַן קינסטלערישע אינדיווידואַליטעט האָבן אַנדערע געפונען אין אים איידער ער האָט עס אַליין באַמערקט. דער העכסטער אויסדרוק פון זײַן אייגנאַרטיקן סטיל, פון זײַן אָריגינאַליטעט אַנטפּלעקט זיך אין צוויי קורצע נאָוועלן: איינע, געשריבן אָריגינעל אויף העברעיִש, אונטערן טיטל „משנת חסידים" (אין „החץ"), די צווייטע, „מקובלים", געשריבן אָריגינעל ייִדיש און געדרוקט אין די „יום־טוב־בלעטלעך". ווי עכטע קונסטווערק פון ערשטן גראַד, איז אַלץ דאָרט אַזוי נײַאַזש ביז פרעמדקייט, די פאָרעם און דער אינהאַלט, די מענטשן און די באַציִונג צו זיי. און ווי אַלץ, וואָס איז נײַגעשאַפן, וואָס פאַרקניפּט זיך כלל נישט מיט דעם שאַבלאָן און געוויינהייט, זײַנען די נאָוועלן פון קיינעם נישט באַזונדער באַמערקט געוואָרן, אַפילו נישט פון דיכטער אַליין. וועלכע פרצעס זאַכן האָבן מיר, זײַנע פאַרערערס, אין פּרצעס הויז נישט אַרומגערעדט? פון „מאָניש" ביז צום לעצטן פעליעטאָן אין די „בלעטער" קעגן די חובבי ציון. פון די „מקובלים" און „משנת חסידים" געדענק איך נישט, אַז מען זאָל די ערשטע יאָרן האָבן גערעדט. פּרץ אַליין האָט די זאַכן קיין מאָל נישט דערמאָנט.

די באַוווּרטונג פון די זאַכן קומט צוליב אַן איינפלוס פון דרויסן. ווידער האָט אַ ווינטל געבלאָזן פון אויסלאַנד.

אַ קרייזל יידישע סטודענטן אין בערלין, צווישן וועלכע עס האָט זיך געפונען מיכה יוסף בערדיטשעווסקי, האָט זיך אָנגענומען מיט די ניטשעאַנישע און מאָדערניסטישע אידייען פון יענער צייט. ווי אינדיווידואַליסטן האָבן זיי זיך שטאַרק אונטערגעשיידט פון יע־נעם טייל יידישער יוגנט, וועלכער איז געווען באַהערשט פון דער סאָציאַליסטישער אידעאָלאָגיע. בערדיטשעווסקי, אַ טיפזיניקער און אָריגינעלער קאָפּ, איז געווען דער פירער פון דער גרופּע. ער האָט געמאַכט די ערשטע פּראָבע אַריבערצוטראָגן די נייע אידייען אויף דער יידישער גאַס, בעסער געזאָגט, אויף דער יידישער געדאַנקען־וועלט. ער האָט דערקלערט מלחמה אחד־העמען מיט זיין טרוקענעם ראַציאָנאַליזם און מיט דעם רוחניות און מוסר, וואָס זאָלן זיין דער אינהאַלט פון יידישן גייסט. מיט דעם זעלביקן וועג איז ער געקומען צו זיין אַ מליץ־יושר אויף די חסידים מיט זייער אינדיווידואַליזם און פּאַרטיפונג פון איך, ווי אַ קעגנזאַץ צום טרוקענעם תלמודיזם. די דאָזיקע גרופּע האָט אויף אייגענע קאָסטן אַרויסגעגעבן בערדיטשעווו־סקיס העברעיִשע בראָשורן „שנוי ערכין" און די איבעריקע, אויף וועלכע קיין פאַרלאַג און קיין צייטשריפט איז נישט געווען קיין בעלן.

צו וואָס בערדיטשעווסקי איז געקומען אויפן וועג פון דענקען, דאָס איז פּרצן, ווי אַ נבואה, שוין לאַנג אַנטפּלעקט געוואָרן. בער־דיטשעווסקיס קאַמף־אויסרוף, זיין הייסע אַפּאָלאָגיע פון חסידיזם האָט דערגרייכט קיין וואַרשע. אין פּרצעס ליטעראַרישן קרייזל איז מען אויפמערקזאַם געוואָרן אויף בערדיטשעווסקין, און בינו־לבינו האָט מען אַנטדעקט דעם אוצר, וואָס איז אייגנטלעך שוין לאַנג גע־לעגן אָפן: אַן אמתע חסידישע דיכטונג, פּאַרטיק און גרייט צום געניסן.

דאָס האָט אויך געהאַט אַ ווירקונג אויף פּרצן, וואָס ער האָט דערנאָך גענומען מיט מער אויסגעהאַלטנקייט, מיט דעם פולן באַ־

**ווּוּסטזײַן, אַזוי צו זאָגן, „מחשבה תחילה" צו באַאַרבעטן דאָס געביט פון חסידות.**

**צי די שאַפונגען מיטן פולן באַוווּסטזײַן האָבן איבערגעשטיגן יענע ערשטע, וואָס זײַנען ווי בליצן אַרויס פון זײַן נאָך פאַרנעפּל־טער נשמה — דאָס איז שוין אַן אַנדער פראַגע.**

**פּרצן הייבט אָבער אָן אויף יעדן פאַל צו ציִען צום אייגענעם וועג, צו זײַן סטיל און צו זײַן שורש.**



נאָמבערג, וועלטלעך געקליידט, מיט זיינע חסידיש־געקליידטע קינדער, אויפגעצויגענע ביי זייער פאַנאַטישער מוטער

# נאַציאָנאַליזם *

נאַציאָנאַליזם איז אַ גוטע זאַך אַזוי לאַנג, ווי מען רעדט נישט פון אים; ער איז אַזוי לאַנג אַ טוגנט, ווי לאַנג ער איז נישט קיין טעאָריע און נישט קיין אידעאַל, נאָר אַ זעלבפאַרשטענדלעכקייט. אַ מאַמע האָט ליב איר קינד; אַ מענטש איז צוגעבונדן צו זײַן היים, צו זײַן פאָלק, צו זײַנע טראַדיציעס. דאָ מוז געשטעלט ווערן דער פונקט. דאָ מוז מען אָפּהאַקן. ווײַטער נישט קיין טראָט. אויב אירווילט זיך נישט געפינען אין דער חברותא פון רוסישע, פוילישע, פראַנצייזישע צי נײַ־געבאַקענע אַמעריקאַנישע נאַציאָנאַליסטן.

דער נאַציאָנאַליזם פון שוואַכע און אונטערגעדריקטע פעלקער קאָן זײַן פונקט אַזוי גיפטיק, ווי דער נאַציאָנאַליזם פון שטאַרקע פעלקער. אמת, שאַדן קאָן ער אָנטאָן ווייניקער, ווײַל ער איז שוואַך. דער אַפּעטיט איז דער אייגענער און די „פילאָסאָפיע" איז די איי־גענע בײַ ביידע.

פון איין זײַט איז ער מעטאַפיזיק, הוילע רוחניות, און ער האָט, דאַכט זיך, נישט ליב צו ריידן וועגן פּראַקטישע זאַכן. דײַטשטום, עכט־רוסישקייט, „ריח־היהדות" — מיינט נישט, אַז דאָ איז פאַראַן עפּעס אַ וועזנטלעכער אונטערשייד. גענוי און באַשטימט וועט אײַך דער דײַטש־נאַציאָנאַלער נישט זאָגן, וואָס דאָס איז אַזוינס, נישט דער רוס און נישט אונדזער איינער. און ווען זיי הייבן־אָן צו זאָגן און צו באַשטימען, קומט־אַרויס אַ פּלאָנטער פון באַגריפן און מען פאַלט־אַרײַן אין סתירות. אַלע אָבער זײַנען זיי זיכער, אַז אין זייער פאָלק שטעקט עפּעס אַזוינס, וואָס שיידט עס אָפּ פון אַלע אַנדערע פעלקער, און דער דאָזיקער „עפּעס" איז דאָס חשובסטע און גרעסטע

* פון „דאָס בוך פעליעטאָנען", וואַרשע, 1924.

און טײַערסטע, וואָס מען דאַרף אָפּהיטן, דעם דאָזיקן „עפּעס" פֿאַר־מאָגט נאָר דאָס איינע פֿאָלק; די איבעריקע פֿעלקער פֿאַרמאָגן נישט דעם „עפּעס".

וואָס איז עכט־דײַטשטום? אַמאָל האָט מען געזאָגט: דאָס איז דער דײַטשישער אידעאַליזם (אין דער פֿילאָסאָפֿיע), אָדער די סענטי־מענטאַליטעט פֿון גרעטכען, אָדער די פּרײַסישע דיסציפּלין. מיר אַלע, למשל, זײַנען זיכער, אַז עכט־ייִדישקייט איז רחמנות, מידת־הרחמים, ווייכקייט; אחד העם אין זײַן אַרטיקל וועגן ייִדישקייט און קריסטנטום קומט צום אויספֿיר, אַז ייִדישקייט — דאָס איז גראָד דער מידת־הדין, די שטרענגקייט פֿון אַ צאָן פֿאַר אַ צאָן און אַן אויג פֿאַר אַן אויג.

אָבער דער נאַציאָנאַליזם האָט נאָך אַ צווייטע זײַט, אויסער דער פֿילאָסאָפֿיע. אויף אַ מערקווירדיקן אופֿן גלײַכט ער זיך דאָ אויס בײַ אַלע פֿעלקער: אומעטום איז ער רויבעריש און ווײַזט די געפֿאַנצערטע פֿויסט. עס קומט אויס מאָדנע, וואָס ווען איר פֿאַר־גלײַכט די אַרטיקלען און דרשות פֿון פֿראַנצייזישע, רוסישע צי דײַטשע נאַציאָנאַליסטן, געפֿינט איר כמעט קיין שום אונטערשייד נישט. דער זעלביקער נוסח, כמעט די זעלביקע ווערטער זײַנען בײַ זיי אַלעמען אויף דער צונג. איך האָב געהאַט דאָס פֿאַרגעניגן צו הערן אַ נאַציאָנאַליסטישע דרשה פֿון זשאַבאָטינסקין, און איך פֿאַר־זיכער אײַך, אַז זי האָט געהאַט דעם זעלבן זיבעטן חן, וואָס יעדע אַנדערע העצערישע דרשה פֿון אַ פֿרעמדן נאַציאָנאַליסט. אמת, דער עולם אין זאַל האָט זיך געפֿילט דערבײַ נישט באַקוועם, און פֿראָ־טעסטן האָבן זיך געהערט, און זשאַבאָטינסקי האָט געמוזט איינעם, אַ צו־שאַרפֿן אויסדרוק קעגן די אַראַבער, צוריקנעמען. דאָס באַ־ווײַזט אָבער נאָר, אַז דער נאַציאָנאַליזם איז בײַ אונדז נישט פּראַק־טיש און קאָן האָבן ווייניק אָנהענגערס, קיינער וועט אָבער נישט אָפּלייקענען, אַז זשאַבאָטינסקי איז אַ קאָנסעקווענטער מענטש און ווי אַ נאַציאָנאַליסט איז ער דערגאַנגען ביז צום סוף, ביז צו דער לאָגישער גרענעץ.

דער נאַציאָנאַליזם טוט נאָר אַ קליייניקייט: ער אַקצענטירט, ער שטעלט דעם טראָפּ אַנדערש. איינער זאָגט מײַן היימאַט, מײַן פאָטערלאַנד, מײַן פאָלק, און עס איז פּשוט מענטשלעך און זעלבפאַרשטענדלעך. דער נאַציאָנאַליסט שטעלט נאָר איבער דעם טראָפּ. ער זאָגן: מײַן היימאַט, מײַן פאָטערלאַנד, מײַן פאָלק. און איר פילט באַלד, ווי ער שליסט־אויס אַ גאַנצע וועלט. עס ווערן באַשאַפן צוויי צדדים: פון מײַן פאָלק קאָנטראַ נישט־מײַן־פאָלק. נאָך איין טראָט, און איר האָט די רויבערישע פּסיכיק פון דער חיה אין וואַלד: איך בין דער פרעסער, און די אַרומיקע וועלט איז צום פרעסן. זי קאָן אַזוי לאַנג עקסיסטירן, ווי לאַנג איך בין זאַט. בײַ דעם געוויינטלעכן מענטש איז דאָס וואָרט „מײַן“, נישט מער ווי אַ באַצייכענונג; בײַ דעם נאַציאָנאַליסט איז עס די מאָטיווירונג.

דער נאַציאָנאַליזם איז על־פּי רוב היסטעריש, פאַרברעכט די הענט, שרײַט און שילט, זעלטן רעדט ער געלאַסן און רויק. דאָס דײַטשישע פאָלק איז לאַנג, צו־לאַנג, קראַנק געווען אויף דער היפּער־טראָפּיע, און עס האָט אים צו טײַער געקאָסט. אין דער צײַט פון דער מלחמה * איז די היסטעריע דערגאַנגען ביז צו דער מדרגה פון אַ ריכטיקן משוגעת. ערשט נישט לאַנג האָט מיך אַן אויפשריפט, וואָס איז פאַרבליבן נאָך פון דער מלחמה־צײַט, אָפּגעשטעלט און מיר לאַנג געגעבן נאָכצוטראַכטן. בײַם אַרײַנגאַנג אין זאָאָלאָגישן גאָרטן איז צוגעקלאַפּט אַ טאָוול און דערויף איז געשריבן: „זאַמלט די קאַשטאַנעס! דאָס איז אַ שפּײַז פאַר אונדזערע חיות“. איז דער צײַט פון דער מלחמה האָבן די באַשעפענישן פון זאָאָלאָגישן גאָרטן מיטגעהונגערט. און עס איז זייער מענטשלעך און שיין, וואָס מען האָט געדענקט אין זיי און מען האָט גערופן דעם עולם, ער זאָל זיי שענקען דאָס אַראָפּפאַלעכץ פון די ביימער, אָבער איין־איינציק וואָרט איז פאַראַן אין דער אויפשריפט, און דער גאַנצער ענין באַקומט

* מ׳דאַרף אויף קיין מאָמענט נישט פאַרגעסן, אַז נ. האָט זיך אַלץ באַצויגן צו דער דער ערשטער וועלט־מלחמה. דאָס שטרייכט־אונטער, וואָס פאַר אַ שאַרפן און ווייטן קוק ער האָט געהאַט. — רעד.

דעריבער גאָר אַן אַנדערן זין. „אונדזערע" חיות. דאָס זײַנען חיות, וואָס האָבן אַ שײַכות מיט דײַטשטום, נישט גלאַט אַזוי חיות אויף דער וועלט. דער טיגער, דער לייב און דער העלפאַנט זײַנען געהייליקט געוואָרן דערמיט, וואָס זיי זײַנען „אונדזערע". עס איז נישט מער ווי קאָמיש, ווען איר לייענט עס איצט דורך, אָבער דעם גאַנצן פסיכאָז, דאָס גאַנצע נאַציאָנאַלע משוגעת, פילט איר אַרויס אין דעם איין־איינציקן וואָרט. מען האָט די חיות אָנגעטאָן פּיקלהויבן ** און געמאַכט פאַר עכטע דײַטשן.

אַן אַנדער בײַשפּיל: אַ רוסישער אַרבעטער האָט אָפּגעאַרבעט עטלעכע יאָר אין פראַנקרײַך. ער פאַרדינט גוט, עס פעלט אים גאָרנישט, און איך טרעף אים אין בערלין אויפן וועג קײַן רוסלאַנד. איך פרעג אים, צי ער ווייסט דערפון, ווי שווער דאָס לעבן איז אין רוסלאַנד. ער ווייסט דערפון. צי ער איז אַ באָלשעוויק? — ניין, ער איז גאָרנישט. „איך בין אַ רוסישער און רוסלאַנד איז מײַן אָרט", ענטפערט ער מיר פשוט, אָן שום איבערלייגעניש.

אָט דאָס איז די זעלבפאַרשטענדלעכקייט.

פאַראַן פיל זאַכן אַזוינע אויף דער וועלט, וואָס זײַנען זעלבפאַרשטענדלעכקייטן, ווי לאַנג מען נעמט נישט דעפינירן, באַגרינדן און טײַטן אויף זיי מיט די פינגער. נעמט איר אָבער מאַכן מיט זיי קאָפּ־שפּעקולאַציעס, קומען־אַרויס פאַרזעענישן. איך רעכן, אַז אויך אונדזער מיסטעריעז גאָט־געפיל געהער אויך צו דער קאַטעגאָריע. ווי לאַנג מען רעדט נישט דערפון און מען ציט נישט דערפון קיין לאָגישע קאָנסעקווענצן, מאַכט עס שענער און רײַכער דעם מענטש. עס פאַרשמעלערט אים אָבער און מאַכט אים באַגרענעצט, ווען ער הייבט עס אָן צו דעפינירן און צו מאַכן דערפון אַ טעאָריע.

רעדט נישט מיט מיר פון קיין נאַציאָנאַליזם און פרעגט מיך נישט, צי איך בין אַ נאַציאָנאַליסט: איך וועל ליבער ענטפערן מיט אַ ניין איידער מיט אַ יאָ.

---

** קאַסקעס, שטאָלענע העלמען.

# ארץ-ישראל

## ירושלים, ירושלים! *

ירושלים, ירושלים! זאָל מײַן רעכטע האַנט פֿאַרגעסן ווערן, אויב איך וועל דיך פֿאַרגעסן, ירושלים!

און נישט פרעגט און נישט ענטפֿערט: מיט וואָס איז ירושלים שיין, און ווו ליגט איר כוח איבער די הערצער, און פֿאַרוואָס וועט איר זי קיין מאָל נישט פֿאַרגעסן?

ירושלים! די הייליקע שטאָט!

און וווּ ליגט איר הייליקייט?

די הייליקייט איז דאָרט... אַן אינדוסטריע. אַלע אמונות האַנדלען דאָרט מיט הייליקייטן.

און ווען איר קומט־אָן צו דער שטאָט, טראָצן ** די הויכע געבײַדעס פֿון די קירכן און דעם מחמדאַנישן מסגד *** איינע קעגן די אַנדערע. זיי האַלטן מלחמה און ווילן איינע די אַנדערע גובר זײַן. די אַלע הייליקע ערטער זײַנען באַשאַפֿן, דוכט זיך, נישט פֿאַר שטילע תפֿילות פֿאַר גאָט, נאָר אויף צו טראָצן פֿאַר די מענטשן. העכער, העכער קלעטערט מײַן טורעם. די גאָלדענע צלמים פֿינקלען אין ליכט פֿון דער זון און זיי שיקן בלאַנקע שווערדן איינער דעם צווייטן אין האַרצן אַרײַן.

ירושלים, ירושלים! אַווּ ביסטו אַליין, וואָס אַלע האָבן דיך געזוכט אײַנצונעמען פֿאַר זיך, צו באַהערשן?

און איך, דער ייִד, לאָז מיך אַראָפּ דורך הינטערגעסלעך אין דער אַלטער שטאָט, נידעריקער און נידעריקער דרייט מען זיך דורך אַ לאַבירינט פֿון שמאָלע געסלעך, דורך גאַנצע מחנות פֿון אויס־

---

* פֿון בוך ארץ ישראל, איינדרוקן און בילדער, פֿאַרלאַג ת. יאַקובסאָן און מ. גאָלדבערג, וואַרשע, 1925. — ** זייַנען שטאָלץ אויסגעשטעקט. — *** מעטשעט, מוסולמענישע תּפֿילה־הויז.

געזעצטע אָרעמעלײַט, בלינדע, לאָמע און אַלערליי אַנדערע קאַלי־קעס, און איך זוך־אויף מײַן הייליקייט — די כותל־מערבי.

שטייען דאָרט שמשים און כלי־קודש און צינדן די קנויטן פון דער אייל־לאָמפּ, אַנדערע שרײַבן קוויטלעך, און מען רוקט זיי אַרײַן צווישן די שפּאַלטן פון די אַלטע שטיינער: „יוסף בן ברײַנע לפרנסה עם הפאַמיליע".

די שפּאַלטן צווישן די שטיינער ווערן אויסגעפּולט יעדע וואָך מיט בערג קוויטלעך, און אַ באַהאַלטענע האַנט רוימט זיי אָפּ פון וואָך צו וואָך; פאַר די עטלעכע מאָל ח"י, וואָס מען באַצאָלט, ליגן זיי אָפּ זייער צײַט, און זאָגן־אָפּ זייער שטומע תפילה: „שרה בת שיינדל לרחמים גדולים".

אָרעם איז די יידישע הייליקייט אין ירושלים, נידעריק און פאַרוואָרפן, און זי פאַרשטעקט זיך אין אַ הינטערגאַס... און דער האַנדל גייט אויך דאָ, ווי אומעטום.

פאַרוואָס אָבער האָב איך פול טרערן אין די אויגן, בשעת איך שטיי פאַר די ריזיקע שטיינער, שלעכט־געהובליעוועטע, וואָס זיי לאָזן אַ חלל פון אַ פינגער די ברייט איינער צווישן אַנדערן?

אין קאַירא, בײַ די פּיראַמידן, אין אַטען, אויף דעם אַקראָפּאָליס, איז דאָ פיל מער צו באַוווּנדערן; די שטיינער זײַנען דאָרט געפּאַסט איינער צום צווייטן, אַז קיין שפּילקע וועט איר נישט דורכשפּאַרן, און די בנינים זײַנען ריזיקע, און איר זעט נאָך די פאַנטאַזיע פון בוימײַסטער שוועבן איבער זיי...

ירושלים, ירושלים!

און נעבן דער כותל־מערבי האָט אַ שמאָלער, דינער ייִד פאַר־קאַטשעט דאָס שטרײַמל און צוגעפּרעסט דעם שטערן צו דעם איבער־געבליבענעם שטיין, און אַזוי שטייט ער, ער רירט זיך נישט, איר הערט אים נישט בעטן, נאָר די אַקסלען צוקן בײַ אים אונטער דעם זײַדענעם כאַלאַט.

ס'איז אַ גרויסע און צעוואָרפענע שטאָט, איר ווערט מיד פון גיין, און דער שטויב עסט אײַך מויל און אויגן. איך האָב אַרומגע־

בלאָנדזשעט אין דער „עיר העתיקה" (אין דער אַלטער שטאָט), אין די נײַע קוואַרטאַלן, פון הר־הצופים האָב איך געהאַט דעם איבער־בליק איבער דער גאַנצער שטאָט... אָבער ירושלים ווו איז?

ירושלים, ירושלים! אַמאָל האָב איך זי געזען אין חלום, פאַר לאַנגע יאָרן שוין, איז זי געווען אַזוי הערלעך־שיין אויסגעבויט, אין פרומקייט און שטילקייט האָבן די מענטשן אַרומגעוואַנדערט, און אויבן, איבערן הימל, האָבן אַפילו לײַכטע וואָלקנס געמורמלט אַ תפילה.

איך האָב אַרומגעוואַנדערט, נישט אין חלום, נאָר אין דער וואָר, זיבן טעג אין ירושלים, און האָב ירושלים נישט געקאָנט געפינען.

די שטאָט צעוואַקסט זיך, עס ווערן געבויט נײַע „שכונות"; איבער די טאָלן, אין בערגער, פון וואַנען דער רויער גרויער שטיין קוקט־אַרויס, פון אַלע זײַטן, צעשפּרייטן זיך נײַע הײַזלעך אַ לאַ תל־אָביב, ווילי־אַרטיק, ביליקע, גיכע אַרבעט, אָבער זיי פּאַסן אַהער נישט צו דער רויער לאַנדשאַפט.

ירושלים לויפט נאָך תל־אָביב און קאָן זי נישט דעריאָגן. פאַר־שעמטע ירושלים!

די עלעקטרישע באַלײַכטונג איז קנאַפּ און זעלטן אַפילו אין דער נײַער שטאָט. בײַנאַכט שפּאַצירט מען נישט אַזוי געמיטלעך ווי אין תל־אָביב, פאַר דעם אָבער האָב איך דאָרט אין דער האַלבער טונקלקייט געזען אַ חופה מיט כלי־זמרים, און אַראַבישע ייִדן אין רויטע פעסקעס און לאַנגע ציצית האָבן געטאַנצט און געפּאַטשט אין די הענט מיט גרויס התלהבות. דאָס האָט מען געפירט אַ נײַע ספר־תורה אין שול אַרײַן.

די חלוצים און חלוצות, וואָס זײַנען צוריקגעגאַנגען פון די גימנאַסטישע שפּילן, וואָס זײַנען צו יענער צײַט אײַנגעאָרדנט גע־וואָרן, האָבן מיט קרומע בליקן אויסגעמיטן די פרײַערלעכע צערעמאָ־ניע, אָבער איך האָב באַדויערט, וואָס איך בין אייראָפּעיִש געקליידט

און קאָן מיך נישט אויסמישן צווישן דער עדה, און קושן מיט זיי די אַלטע ריינקייט...

ירושלים, ירושלים!

אין דער אַלטער שטאָט האָב איך אַרומגעבלאָנדזשעט; ס׳איז געווען אַ הייסער טאָג, אָבער די שטראַלן פון דער זון קאָנען נישט אַריַינדרינגען אין דעם לאַבירינט פון די שמאָלע געסלעך. דושנע איז געווען און טרויעריק. אַ שמאָלער, אַ דאַרער ייִד, מיט יענער בלאַסקייט פון פּנים, וואָס איר קאָנט זען נאָר אין ירושלים, און מיט דורכדרינגענדיקע שוואַרצע אויגן, (וואָס איר קאָנט אויך זען נאָר אין ירושלים), איז געזעסן אין אַן אָרעם בשמים־געוועלבל און גע־וואַרט אויף אַ קונה. ער איז געזעסן אין קאָפּל און דער הויכער שטערן זײַנער האָט אַזוי אַרויסגעקוקט אין דער וועלט אַרײַן. איך בין אַ לאַנגע צײַט געשטאַנען פאַר דעם בשמים־געוועלבל און זיך נישט געקאָנט אָפּרײַסן פון אָרט. דער ייִד מיטן אויסזען פון אַ מקובל, מיט די מחשבות פון אייביקייט און פון גאָט, האָט געוואַרט אויף אַ קונה. צום סוף איז אָנגעקומען די קונהטע, אין געשטאַלט פון אַ קליין מיידעלע. ער האָט איר עפּעס אָפּגעוווויגן. אָבער ווען זי האָט אים באַצאָלט, איז געשען אַ שרעקלעכע טראַגעדיע. דאָס מיי־דעלע האָט אים געררוקט די מטבע אין דער האַנט אַרײַן, איז דער ייִד אויפגעציטערט געוואָרן פון דער זינדיקער באַרירונג, ווי אַן אָפּ־געבריטער האָט ער צוריקגעכאַפּט זײַן האַנט, און די דורכדרינגענדיקע אויגן האָבן געקוקט אַזוי פאַרלוירן און צעמישט.

צי איז דאָס ירושלים?

און אַ ביסל וויַיטער, וואַנדערנדיק, האָב איך געטראָפן אַ גרויסע ריי אויסגעשטעלט: אַלטע ווײַבער, מיידלעך און יונגע קינדער מיט כלים אין די הענט זײַנען געווען פאַרזאַמלט. פּלוצלינג האָט זיך אַ הויכער גרויסער „טערק״ אין אַ רויטער פעסקע געלאָזט לויפן נאָך אַ קליין מיידעלע און געגומען שרײַען אויף אַן אומפאַרשטענדלע־כער שפּראַך. דעם מיידעלע איז געלונגען צו אַנטרונען ווערן מיט אירע יונגע פיסלעך פון דעם הויכן מחבל, וואָס האָט זי נאָכגעיאָגט.

פאַרשטעקט אין אַ זײַטיקן ווינקל איז זי געשטאַנען, ווען איך האָב זי אָנגעטראָפן. עס ווײַזט זיך אַרויס, אַז דער טערק דער מחבל איז אַ ייִד, פּונקט אַזוי ווי די אַלע אויסגעשטעלטע. די דאָרשטיקע שטאָט ירושלים איז דאָ געשטאַנען אויסגעשטעלט אויף צו באַקומען וואַסער. דאָס מיידעלע האָט שוין איין מאָל געהאַט באַקומען איר חלק און האָט געוואָלט נאָכאַמאָל באַקומען, איז דער משגיח אויף איר דאָס אָנגעפאַלן מיט אַזאַ אימפּעט.

צערעדט האָב איך זיך מיט איר דורך אַן איבערזעצערן, אַ קליין מיידעלע, אירע אַ חברטע, וואָס האָט גערעדט העברעיִש.

— ווער איז זי? — האָב איך געפרעגט.

— אַ ספרדית.

— און דו?

— אַני „מעורבת“ (איך בין אַ געמישטע, פון אַ ספרדי אַ פאָטער מיט אַן אַשכנזישער מוטער).

צי איז דאָס ירושלים?

אָדער ליגט עס באַגראָבן אין די טיפענישן, אונדזער אַלט ירושלים?

פערצן קלאַפטער טיף טרעפט מען, גראָבנדיק אין דער ערד, חורבות אויף חורבות. מלחמות און ערד־ציטערנישן האָבן ירושלימס באַגראָבן און נײַע זײַנען אויפגעשטאַנען.

אָבער איבער אַלע זיי, צעוואָרפן אין דער צײַט, טראָגט זיך אַ סימבאָל און אַ קלאַנג: ירושלים!

און פון דור צו דור קלינגט ער, דער נאָמען, און אַז מען הערט אים, ציטערט מאָדנע דאָס האַרץ.



## עמק יזרעאל

דער עמק יזרעאל איז — ארץ־ישראל אין מיניאַטור. די היסטאָריע פון הייליקן לאַנד, דער האַרטער מזל, דאָס אומפאַרמײַד־לעכע, וואָס האָט געהאַנגען איבער ארץ־ישראל אין פאַרלויף פון לאַנגע דורות — דאָס אַלץ שפּילט זיך אָפּ אין דעם קליינעם טאָל, וואָס איז אויסגעשניטן צווישן די בערגער פון שומרון, דעם תבור און די הרי־גלבוע.

ווײַל ארץ־ישראל, וואָס האָט דעם כאַראַקטער פון אַן אָאַזיס אין מיטן פון ווײַטע מדבריות, איז געווען דער פּונקט, וווּ עס האָבן זיך געטראָפן די שטראָמען מענטשן פון אַרום, פון דעם אַראַבישן האַלבאינדזל, פון מצרים און פון אַרם־נהרים, און דער טרעף־פּונקט, דאָס אָפענע סטראַטעגישע טויער, איז געווען דער עמק יזרעאל.

פרעמדע ראַסן האָבן זיך דאָ באַגעגנט און איינע די אַנדערע פאַרטיליקט. קולטורן און געטער האָבן זיך דאָ צוזאַמענגעשטויסן. דער עמלק איז דאָ אַראָפּ פון באַרג, דער העל־האַריקער פּלישתי האָט זיך דאָ פאַרמאָסטן מיט די ייִדן, און דער לעצטער פון די וועלט־באַצווינגערס, נאַפּאָלעאָן, האָט געלאָזט שפּילן זײַן אַמביציע אין דעם טאָל. די אַראַבער און די קרײַץ־צוגן, סנחריב און די רוימער האָבן באַנוצט דעם דאָזיקן שליסל צום עבר־הירדן, ווען זיי האָבן דורכ־געצויגן דאָס לאַנד.

בײַ די גרויסע טײַכן אין מיטן פון די ווײַטע מדבריות, בײַם פרת און חדקל פון איין זײַט און בײַם נילוס פון דער צווייטער זײַט, האָבן אויפגעבליט די אַלטע קולטורן: אַשור, בבל און מצרים, און זיי אַלע האָבן, בײַ זייער שטרעבונג צו עקספּאַנסיע, צו פאַרשפּרייטן זייער מאַכט, דורכגעצויגן ארץ־ישראל. אומצייליקע מאָל איז דער

בליענדיקער אַזיס פֿאַרפּלייצט געוואָרן פֿון די חיילות, וואָס האָבן זיך געטראָגן דעריבער, ווי אַ שווערע כמאַרע, און האָבן איבערגע־לאָזט נאָך זיך פֿאַרוויסטונג און צעשטערונג. אָבער נאָך יעדן מאָל ווערט דאָס לאַנד ווידער פֿאַמעלעך אויפֿגעריכט, ווײַל די לעבנס־קראַפֿט פֿון לאַנד איז צו־שטאַרק, די קוואַלן וואַסער שלאָגן ווײַטער פֿון די ברעגעס אַרויס און די זון וואַרעמט און ציט אַרויס די זאַפֿטן פֿון באָדן. דאָס, וואָס ס׳מאַכט־אויס די ברכה און דער כוח פֿון לאַנד — דער אַזיס־כאַראַקטער — איז נישט געווען צו צעשטערן. די באַפֿעלקערונג ווערט אַנטרונען אין די היילן און אויף די שפּיץ־בערגער, מאַסנווײַז ווערט זי פֿאַרניכטעט, אָבער די איבערגעבלי־בענע קלאַמערן זיך ווידער אין דעם געבענטשטן באָדן און באַפֿרוכ־פּערן דאָס לאַנד.

אַ לעבן פֿול סכנות, פֿול דערשיטערונגען און אַ לעבן, וואָס לעשט קיין מאָל נישט אויס — דאָס איז די היסטאָריע פֿון ארץ־ישראל און דאָס איז דער גורל פֿון עמק יזרעאל.

גרויסע מלחמות האָבן זיך דאָ אָפּגעשפּילט. דער באָדן איז דאָ אויסגעמישט מיט ביינער און שאַרבנס פֿון געפֿאַלענע אויפֿן מלחמה־פּלאַץ. זיי געהערן צו פֿאַרשיידענע פֿעלקער און ראַסן. צווישן די זומפּן טרעפֿט איר שפּורן פֿון פֿאַרטיידיקונג־פּלעצער. אומעטום זעט איר נאָך רעשטן פֿון געבײַדעס, וואָס האָבן געדינט אויף באַפֿעסטי־קונגען. פֿרוכטבאַר איז דער טאָל און דער שווערער גורל, וואָס ער האָט געהאַט אַריבערצוטראָגן, האָט נישט אויסגעטריקנט זײַנע זאַפֿטן.

אָבער שוין פֿון הונדערטער יאָרן, ווי ער איז געשטאַנען פֿאַר־לאָזט. אויף די שפּיצן בערג האָט געטליעט אַ ביסל לעבן. אָרעמע אַראַבישע דערפֿער האָבן זיך דאָרט אײַנגענעסט. אָבער דער טאָל, אונטן, איז נישט צום צענטן טייל אויסגענוצט געוואָרן. די וואַסער־רײַכע געגנט, ווו עס פֿליסט דער טײַך קישון, און דער באַרימטער עין־חרוד (ווו גדעון האָט אָנגעטרונקען זײַנע העלדן), איז צום טייל פֿאַרוואַנדלט געוואָרן אין גרויסע זומפּן, אין נעסטן פֿון מאַלאַריע.

אַהער דאָ, אָט צו דעם היסטאָרישן אָרט, האָט דאָס בעסטע און שענסטע, וואָס איז פאַראַן אין ציוניזם, די איבערגעבנסטע יונגעלײַט, די אייניקלעך פון די אַמאָליקע איסיים, מיט די אַלטע, נישט־אויסגעלאָשענע, אייביק־מענטשלעכע און אייביק־ייִדישע אידעאַלן פון גלײַכקייט און ברודערשאַפט, געזוכט דעם וועג.

די קבוצות עין־חרוד, תל־יוסף, בית־אלפא צופוסנס פון די הרי־גלבוע, די מושבים נהלל, בלפוריה און די קבוצה מרחביה בײַ דעם הר־הרואים און תבור, האָבן זיך דאָרט אויסגעלייגט. פון יעדן העכערן אָרט זעט איר די צעשפּרייטע נעסטן פון אַרבעט און אידעאַליזם איבער דעם טאָל, וואָס בליט איצט אויף; פּלײַסיק ווערן די זומפּן אויסגעטריקנט. די מאַלאַריע ווערט פאַריאָגט. עס גרינען די פעלדער און דער האַמער הילכט דאָרט אָן אויפהער.

דער צעפּלאָסענער עין־חרוד איז איצט אײַנגעצוימט געוואָרן דורך מאָדערנע אײַנריכטונגען, די קבוצה האָט דערפון אַ וואַסער־לייטונג און דער באָדן ווערט אויסגעטריקנט. ריטמיש קלאַפּט דאָרט די פּנעאומאַטישע מאַשין, וואָס רעגולירט דאָס לויפן פון קוואַל. ריט־מיש קלינגט דער גלאָק אין דעם דערבײַיִקן תל־יוסף יעדן פרי־מאָרגן, איידער די זון גייט־אויף, און רופט צו אַרבעט. אָבער די אַלע אויסערלעכע דערגרייכונגען, דער גאַנצער ריטעם פון אַרבעט איז גאָרנישט אין פאַרגלײַך מיט דער אינערלעכער האַרמאָניע און שיינקייט פון די מענטשן, וואָס האָבן אַהערגעצויגן פון אַלע פאַר־שפּרייטע ווינקעלעך און ערד־טיילן.

די קבוצות זײַנען אַ פּרווו פון אַ קאָמוניסטישן צוזאַמענלעבן. אויב איר ווילט, האָט איר דאָ דעם טיפּישסטן אוטאָפּיסטישן סאָציאַ־ליזם. עס איז אַ געמיש פון טאָלסטאָיִשע אַנטי־קולטור־געדאַנקען, פון קאָמוניזם, און איבער אַלץ הערשט דער נאַציאָנאַלער מאָמענט. אָבער דער טיף מענטש, וואָס איר געפינט אין דער קבוצה, איז פון יענע זעלטענע דערשײַנונגען פון גייסטיקער ריינקייט, וואָס בלײַבן בײַ אײַך אײַנגעקריצט אין דער נשמה אויפן גאַנצן לעבן. מענטשלעכער אידעאַליזם און איבערגעבנקייט ווערן קיין מאָל נישט פאַרפאַלן אָן

נוצן. מעגט איר קוקן אויף די פּרוּוון אײַנצופירן אין אַ קליין ווינקעלע פון אַ קליין לאַנד דעם סאָציאַליסטישן אידעאַל ווי איר ווילט. איר קאָנט אײַך באַציִען סקעפּטיש צו דעם נסיון, צו בילדן אַ קליינע קאָמונע און נאָך דערצו מיט דער הילף פון „בורזשואַזע" געלטער, אין מיטן פון אַ בירגערלעכער געזעלשאַפט. אָבער דער ערנסטער בליק פון דעם מענטש, וואָס אַרבעט אין דער קבוצה, דאָס פּעריזענלעך־מענטשלעכע, וואָס אין אים, דאָס איז אַ זאַך, וואָס איז איבער יעדן סקעפּטיציזם. איך וויל נישט און איך קאָן נישט גלייבן, אַז מענטשלעכע טרײַקייט, איבערגעבנקייט און אידעאַליזם זאָלן קאָנען גיין לאיבוד. דאָס האָבן נאַראָנים אָדער פּאַרטיי־מענטשן אויסגעטראַכט. יעדער אידעאַליזם, פון ווילדסטן ביז צום קולטורעלסטן און ראַפינירטסטן, פון פאַנאַטישסטן ביז צום „וויסנשאַפטלעך־באַגרינדעטן", האָט באַפרוכטיקט די וועלט.

אַכט טעג האָב איך אַרומגעוואַנדערט צווישן די קבוצות אין עמק יזרעאל. וואָס איך האָב דאָרט געזען — פאַרשפּאָר איך צו דערציילן. איך מיין, אַנדערע וועלן דאָס טאָן בעסער פאַר מיר. איך ווייס נאָר אַזוי פיל, אַז די קעסט זײַנען געווען פיל מער ווי באַשיידן. ערגעץ האָב איך נישט געטראָפן קיין צוקער, קיין פלייש, קיין פּוטער. אייער נאָר אויף איין אָרט. אַזוי אַז אין פאַרלויף פון עטלעכע טעג האָב איך דערפילט אַ נייטיקייט צו דערפרישן מײַנע כוחות מיט אַ מער־נאַרהאַפטער שפּײַז. און בײַ אַזאַ קעסט ווערט די אַרבעט געטאָן מוסטערהאַפט. מען איז נישט שיכור־פריילעך און האָפערדיק ווי אין תל־אָביב, אָבער מען איז ערנסט־געמיטלעך, גוט־אויפגעלייגט, באַזאַכט אין טאָן און אין ריידן. איך וועל יעדן ראָטן, ווער עס וויל פאַרשטיין די מענטשן פון עמק יזרעאל, זיי זאָלן בײַ יוסף בן גוריון (דערשינען אין העברעיִש) דורכלייענען די מײַסטערהאַפטע שילדערונג פון די אסיים (די ערשטע קאָמוניסטן) אין דער צײַט פון צווייטן חורבן, וועט ער האָבן דעם שליסל צו פאַרשטיין די מענטשן *.

---

* כדאי ניט צו פאַרגעסן: נאָמבערג האָט די שורות געשריבן אין 1924! — רעד׳.

„התחדשות" — דאָס איז דאָס וואָרט, וואָס דער חלוץ גאָרדאָן, דער וואַנדערבאַרער מענטש, וואָס האָט זיך אַרומגעדרייט אין ארץ־ישראל ווי אַ לעבעדיקע לעגענדע, האָט איינגעפירט. „באַנייאונג" — הייסט דאָס, באַנייאונג פון לעבן, אָנהייבנדיק פון אייגענעם „איך" און צוריקקערנדיק צום ייִדישן פאָלק און צו דער מענטשהייט. דאָס איז אַ וואָרט, וואָס קלינגט ביי אים אין זיינע שריפטן, ווי אַ פּאַראָל פון אַ נייער רעליגיע. איך האַלט אים פאַר דעם בעסטן אויסדרוק פון דער גייסטיקער פיזיאָנאָמיע פון דעם קבוצה־מענטש. טרומפּעל־דאָר איז געווען זייער הערצל, זייער פירער; גאָרדאָן — זייער גייסטיקער אויסדרוק, זייער אחד־העם.

נישט איין מאָל האָב איך געהאַט דעם איינדרוק, געפינענדיק זיך צווישן די קבוצה־מענטשן אין דעם גרויסן באַראַק אין דער אָפּרו־צייט אָדער ביים צוזאַמענדיקן עסן, אַז איך לעב עפּעס אָפּגע־רוקט מיט הונדערטער יאָרן צווישן אַ רעליגיעזער געמיינשאַפט, וואָס איז געקומען אָנזאָגן די בשורה פון אַ גאולה און אַ וועג צו גאָט.

אומפאַרגעסלעכע נעכט זיינען דאָס פאַר מיר. ווען איך בין אין אַזאַ באַראַק געלעגן אויף אַ בעטל, נישט געקאָנט איינשלאָפן, וויל די געדאַנקען האָבן געדריקט אויף מיין געמיט און דאָס געוויין פון די שאַקאַלן האָט זיך געטראָגן איבער די פעלדער פון עמק, און אין האַלבן דרימל האָבן מיינע ליפּן געשעפּטשעט דאָס וואָרט „התחדשות". ווי איך וואָלט וועלן דערגרונטעווען דעם מיין און די באַדייטונג פון דעם מאַגישן וואָרט.

און איך האָב אומגעדולדיק געוואַרט אויף דעם ערשטן שיין פון אויפגייענדיקן טאָג, ווען אין דעם פענצטערל האָבן געגומען אַריינקוקן די הרי־גלבוע.

די זעלביקע פון אונדזער אַלטן, הייליקן ספר, די זעלביקע, ווו די אסיים האָבן געוווינט.

# נארד אמעריקע

## פּראָפעסאָר פון פילאַנטראָפּיע *

אויף עליס־איילאַנד, צום סדר, וואָס מען האָט אײַנגעריכט פאַר די 130 פאַרהאַלטענע עמיגראַנטן, האָב איך אים געזען צום ערשטן מאָל — אַ הויכער, אַ דאַרער, אַ בלאָסער, מיט אַ פּנים פון אַ קליינשטעטלדיקן שוחטס אַ קעסט־איידעם.

„ד״ר ב. פּראָפעסאָר״ — איז זײַן נאָמען.

„פּראָפעסאָר פון פילאַנטראָפּיע״.

איך האָב פון אַזאַ וויסנשאַפט, וואָס זאָל הייסן פילאַנטראָפּיע, אין מײַן לעבן נישט געהערט. נישטאָ, דאַכט זיך, אין איירא̇פּע ערגעץ אין אַן אוניווערסיטעט אַזאַ מין קאַטעדרע פון פילאַנטראָפּיע.

עס איז אַ פּשוטע זאַך: איינער האָט געלט און אַ גוט האַרץ דערצו, אָדער ער האָט נישט קיין גוט האַרץ, נאָר ער האָט זײַן געלט נישט ווו אַהינצוטאָן — גיט ער צדקה און ווערט אַ פילאַנטראָפּ. ווו איז דאָ די וויסנשאַפט?

נאָר אַ קשיא אויף אַמעריקע! אַז מען קאָן אויפבויען וויאַרסטןלאַנגע בריקן, וואָס הענגען ממש אין דער לופטן, און מען קאָן בויען הײַזער, וואָס קראַצן ממש דעם הימל — וואָסער ווערט האָט עס צו מאַכן אַ נײַע וויסנשאַפט?

איבעריקנס, זײַענדיק אויף עליס־איילאַנד בײַ דעם טרויעריקן סדר פון 130 פאַרביטערטע מענטשן, זײַנען מיר די מחשבות נישט געקומען אין קאָפּ אַרײַן.

עס איז געווען קאַלאָמוטנע אויפן האַרץ, ווי מען זאָגט אין וואָלין.

---

* אין 1912 האָט ג. דאָס געשריבן.

אין אַ ווינטיקן, נאַסן פֿאַרנאַכט האָט אונדז די שיף אַריבערגע־פֿירט צו דעם טרויעריקן אינדזל. מיר זײַנען דורכגעגאַנגען די גרויסע לאַנגע שטײַגן, וואָס זײַנען געמאַכט פֿאַר מענטשן, ווו עס האָט זיך געהערט דער ריח פֿון קאַרבאָל. זיי זײַנען אַלע געווען איצט ליידיק. ביז זעקס אַ זייגער שטיקן זיך דאָ מענטשן און פֿעלקער, גרויס און קליין, מענער און פֿרויען און קינדער, און זיפֿצן און מורמלען אויף אַלערליי שפּראַכן און דיאַלעקטן. זיי ווערן געשיקט פֿון איין שטײַג אין דער אַנדערער, טראַנספּאָרטירט דורך דער גרויסער דראָטענער רושטאָוואַניע, וואָס עפֿנט זיך, און ווידער ווערט די דראָטענע טיר פֿאַרשלאָסן, און זיי וואַרטן, וואַרטן. נאָך זעקס ווערט די גאַנצע מענטשלעכע סטאַדע אַרײַנגעיאָגט אין אַנדערע פֿאַרמאַכטע צימערן צו שלאָפֿן — אויב נאָר זיי געפֿינען אַ שטיקל קאַלטן, האַרטן פּלאַץ אויף דער פּאָדלאָגע. די שטײַגן זײַנען איצט געווען ליידיק, און נאָר דער שאַרפֿער ריח פֿון קאַרבאָל האָט עדות געזאָגט, אַז בײַטאָג איז דאָ פֿאָרגעקומען אַן אָנגעשטרענגטע אַרבעט און מען האָט גע־מוטשעט מענטשלעכע קערפּערס.

די פֿאַרהאַלטענע עמיגראַנטן, אַזוי ווי זיי זײַנען דאָך אַרעס־טירט, זײַנען געווען אָפּגעטיילט פֿון אונדז, די געסט. זיי זײַנען געזעסן בײַ באַזונדערע טישן. מיר — בײַ אַ באַזונדערן. מיר האָבן זיך דורכגערעדט, דאָס הייסט, מיר האָבן גערעדט, און זיי האָבן געהערט; מיר האָבן געדרשנט און זיי האָבן געפּאַטשט בראַוואָ.

ווײַל אַמעריקע, מוזט איר וויסן, איז אַ לאַנד פֿון פֿרײַען וואָרט, און בײַ יעדער געלעגנהייט רעדט מען דאָ, און מען רעדט, און מען רעדט!

דאָ וועט איר נישט געפֿינען קיין מענטש, וואָס האָט אין זײַן לעבן נישט געמאַכט מינימום 100 „ספּיטשן” (רעדעס), סײַדן ער איז אַ שטומער.

נאָר דעם ריכטיקן, כאַראַקטעריסטישן „ספּיטש” האָט געהאַלטן אונדזער פּראָפֿעסאָר פֿון פֿילאַנטראָפּיע.

ער איז אויך „רעווערענד״ (ראַבינער) און ער האָט געפּראַווועט דעם סדר.

ער האָט זיך אויפגעהויבן פון אָרט און ער האָט אָנגעהויבן צו ריידן, און בײַ די ערשטע ווערטער זײַנע האָב איך באַלד באַמערקט, אַז ער איז דער געבוירענער „פּראָפעסאָר פון פילאַנטראָפּיע״.

ער האָט גערעדט צו דעם אומגליקלעכן עולם, ווי דאָס וואָלט געווען אַ חברה שנאָרערס און שלעפּערס, אַרויסגעגעבן פּריקאַזן *, ווי צו האַלטן זיך בײַם טיש, און געגעבן זיי צו פאַרשטיין, אַז אויב וועמען פון זיי וועט אָפּגליקן אַראָפּצוקומען אין דעם דאָזיקן לאַנד, זאָל ער וויסן, וואָסער פרײַ לאַנד דאָס איז, וואָסערע גוטע מענטשן דאָס זײַנען, און וואָס דאָס הייסט ציוויליזאַציע, און זיי זאָלן וויסן, ווי זיך צו האַלטן און ווי אָפּצודאַנקען.

איך האָב מיך אינטערעסירט צו פרעגן וועגן דער פּערזענלעכ־קייט פון דעם פּראָפעסאָר, און מען האָט מיר געזאָגט, אַז ער איז זייער אַ וויכטיקע פּערזענלעכקייט אין ניו־יאָרק און שפּילט אַ זייער־אָנגעזעענע ראָלע בײַ די דײַטשע „יאַהודים״. מען רירט נישט קיין האַנט אין די גרויסע פענצטער אָן אים.

און איך האָב מער נישט געפרעגט, פון וואַנען עס האָט זיך גענומען אַזאַ שפּאָגל־נײַע וויסנשאַפט, וואָס הייסט פילאַנטראָפּיע.

אַז די גרויסע פענצטער ווילן, ווערט אַ פּרעזידענט אין לאַנד, און אַז זיי ווילן, ווערט אַ רעקטאָר אין אַן אוניווערסיטעט, און אַז זיי ווילן, ווערט אַ נײַע וויסנשאַפט און אַ נײַע קאַטעדרע.

געשטאָרבן אַ מאַטראָנע, וועלכע האָט זייער געהאַלטן פון ד״ר ב., וואָס האָט אויך מסתמא פיל פּערזענלעכע מעלות. האָט זי איבער־געלאָזט געלט פאַר דעם אוניווערסיטעט צו גרינדן אַ קאַטעדרע פאַר פילאַנטראָפּיע, און ד״ר ב. זאָל זי פאַרנעמען.

פון וואַנען מען וועט נעמען די וויסנשאַפט, די לערנביכער, די סטודענטן, וואָס זאָלן זײַן די אַמאַטאָרן צו הערן די לעקציעס פון

---

* (רוס׳) באַפעלן.

דער נײַער וויסנשאַפט — דאָס זײַנען אַלץ קלייניקייטן. אַז געלט איז דאָ, איז אַלץ דאָ. דער פּראָפעסאָר איז פּראָפעסאָר, און באַקומט זײַן געהאַלט, און דער אוניווערסיטעט האָט אַ קאַטעדרע פאַר אַ נײַער וויסנשאַפט.

די לעקציעס פון פילאַנטראָפּיע קומט קיינער נישט הערן, פאַר־שפּאָרט ער צו לייענען. דערפאַר אָבער גילט דער טיטל „פּראָפע־סאָר", כדי צוצוגעבן מער געוויכט דער פאַרביסענער אַסימילאַטאָ־ריש־יאַהודישער טעטיקייט פון דעם דערמאָנטן רעוורענד. ער איז, נעמלעך, אַ פאַרביסענער אַסימילאַטאָר און אַ פאַרביסענער „יאַהודי".

די ייִדישע גאַס, דאָס ייִדישע ניו־יאָרק, קאָן אים כמעט נישט. דאָ בליִען און וואַקסן אינסטיטוציעס פון זייער אייגענעם אינערלעכן כוח. די „יאַהודים" האָבן פאַרלוירן דעם קאָנטראָל איבער דעם נײַעם לעבן. אָבער דאָרט, אין די הויכע פענצטער, פון וואַנען דער גאָלדענער רעגן גייט אויף שפּיטעלער און מושב־זקנימס, דאָרט רע־פּרעזענטירט ער דאָס פאָלק, די מאַסע.

ער איז רעוורענד און פּראָפעסאָר פון פילאַנטראָפּיע. דאָס קלינגט אַזוי שיין... און ווען ער קומט בעטן פאַר די אָרעמע ברידער, ווערט דאָס האַרץ פון דער מאַטראָנע ווייך ווי פּוטער, און אין דער צוואה ווערט פאַרשריבן אַ ציפער מיט אַ דרײַ נולן בײַ דער זײַט פאַר אַ מושב־זקנים, צי אַ שפּיטאָל.

דאָס זײַנען צוויי פאַרשיידענע וועלטן, דאָס ייִדישע ניו־יאָרק און דאָס „יאַהודישע". און יעדע האָט זיך אירע באַזונדערע טיפּן.

# צוויי דורות

עס איז אויף דער איסט־סייד, אַז איר גייט דורך די דילענסי, גרענד־סטריט, נאָרפאָלק, עסעקס אַאַז״וו, זייער יידיש און יידישלעך.

שרײַענדיקע שילדן מיט גרויסע יידישע אותיות: „מקוה כשרה לכל בני ישראל״, „בית המדרש הגדול״, „מואָווינג פּיקטשערס״ (קינאָמאַטאָגראַף) און אין מיטן דערין ד״ר זשיטלאָווסקיס אַ פּאָר־לעזונג, וויסאָצקיס טיי, כרמל־ווײַן, יידישע צײַטונגען, קראָמען, בילד־לעך, טישלעך און יידישע שיכפּוצערס.

יידן האַנדלען און וואַנדלען און יאַרידעווען.

די טישלעך זײַנען פול מיט אַלערליי יידישע סחורות: קעמלעך, מעסערלעך, שנוראָוואַדלעס, העמדער און טיכלעך, אַלץ פאַרשטייט זיך, בחצי־חנם, און אויב איר וואַרפט אַן אויג אויף אַזאַ טיש, וועט נישט לאַנג געדויערן, ביז מען וועט אים אָנכאַפּן פאַרן לאַץ. יידענעס קריגן זיך און שעלטן זיך, און — נישט קשה: אַמעריקע איז טאַקע אויף יענער זײַט אָקעאַן, און פון דעסטוועגן, אַז יידישע ווײַבער קומען דאָ אַרײַן אין כעס, רײַסן זיי זיך פאַר די האָר נישט ערגער ווי אין שניפּישאָק, און דער „פּאָליסמען״ שטייט אין דער זײַט און קוקט — נישט זײַן דאגה. אַז מען פרעגט אים נישט, ענט־פערט ער נישט.

עס איז דאָס האַרץ פון דעם יידישן געטאָ. די מענטשן, וועלכע וווינען דאָ, האָבן זיך אײַנגעריכט אַ שניפּישאָק און אַן אײשישאָק, האָבן זיך זייער „סאָסייעטי״, וואָס שטיצט זיי אין פאַל פון אַ קרענק, וואָס פאַרזאָרגט זיי בײַם לעבן מיט אַ חזן אין שול און נאָכן טויט — מיט אַ שטיקל קרקע. און די דאָזיקע „סאָסייעטי״ (חברה) פון „אַנשי בני האָצעפּלאָץ״, אָדער „אַנשי בני יריחאָמאָווקע אינדעפּענ־

דענט״ (אומאָפּהענגיק) האָט אַ גבאי ראשון און אַ גבאי שני, נישט מער, וואָס דאָ הייסט דער גבאי ראשון — פּרעזידענט, דער גבאי שני — וויִס־פּרעזידענט, און זיי קיניגןביידע צוזאַמען אויף דעם „ספּעשעל־מיטינג״ (ספּעציעלע פאַרזאַמלונג). עס איז פיל מער אָר־דענונג ווי אויף אונדזערע אַסיפות. אין די דאָזיקע „סאָסייעטיס״ הערשט אַ ביסל צערעמאָניאַל, וואָס איז אַהער אַריבערגעטראָגן גע־וואָרן פון די אָרדנס. דער „ברודער פּרעזידענט״ זיצט אויף זייַן שטול אין דער הויך אויף אַן עסטראַדע און פאַר אים — אַ קליין טישל און אַ האַמער; אַנטקעגנאיבער, אויף דער צווייטער זייַט זאַל, זיצט ברודער „וויִס־פּרעזידענט״, אויך אויף אַ כסא־שלמה, הויך איבערן עולם. ווערט אַ ביסל אומרויִק, גיט דער פּרעזידענט אַ קלאַפּ מיטן האַמער און רעדט־אַריבער אויף דייַטשמעריש:

— „ברודער וויִס־פּרעזידענט! קענטען זי נישט האַבען די אָרדנונג אין אירען ווינקעלע האַלטען קענען וואָלען?״

רופט זיך אָן דער האַמער פון דער צווייטער זייַט זאַל און דורך דעם רויך פון די ציגאַרן טראָגט זיך דורך די שטים פון ברודער וויִס־פּרעזידענט:

— „ברודער פּרעזידענט! איך האָבע די ברודער צום אָרדנונג גערופען אין מייַנעם ווינקעלע געטהאָן״.

און עס איז שטיל, און מען רעדט צו דער זאַך, מען ברעכט זיך אַ ביסל די צונג אויף דייַטשמעריש, צום סוף אָבער פאַרט מען אַרויס אויף מאַמע־לשון.

אויף דער גאַס איז מען אָבער נישט פייַערלעך. ייִדן, קיין עין־הרע, זייַנען דאָ אַ סך און, גאָט צו דאַנק, מען מאַכט אַ לעבן. יאַרידע־וועט מען און מען קאָכט זיך, נישט נאָר מיט ייִדיש לשון, נאָר מיט אַלע ייִדישע תנועות, פּוילישע און גאַליציאַנער זינגען־אונטער, ליט־וואַקעס סווישטשען מיט דער „סמך״, און עס גייט אַ גאַנג.

די דאָזיקע מינים ייִדן, וואָס איר זעט דאָ, צווישן דילענסי און איסט־בראָדוויי, האָבן זיך פיל נישט געענדערט, נישט אינערלעך, נישט אויסערלעך.

אין אויף נאָרפאָלק־סטריט, אָט־דאָ אין סאַמע רעכטן־געדיכטן, שטייט אַ ריזיקע געבײַדע — די „פּאָבליק סקול“ (די פּאָלקשול), און דריי אַ זייגער, ווען איר גייט דאָ דורך, וועט איר זען, ווי עס שיטן זיך אַרויס יידישע יינגלעך און מיידלעך, קליין און גרויס, און איר וועט זיי בשום אופן נישט דערקענען, אַז דאָס איז דער צווייטער דור פון אָט־די יידענעם און יידן.

געזונטע „באָיס“ (יינגלעך) און „גוירלס“ (מיידלעך) מיט מוס־קולן, מיט אויפגעהויבענע קעפ, האַרטע פּנימער און פּרעכע, פרײַע אויגן, און עס רעדט ענגליש־אַמעריקאַניש.

די „פּאָבליק־סקול“ — דאָס איז דאָס שטאַרקסטע און סאָליד־סטע, וואָס דער שטאַט האָט דאָ באַשאַפן. גוט אַוועקגעשטעלט, אומ־זיסט, אַפילו ביכער ווערן געגעבן בחינם, עכט־דעמאָקראַטיש לויטן גײַסט, מיט אַ גרויסער ליבע צו קערפּערלעכער דערציִונג. אויב אַמעריקע איז אַ שמעלץ־מאַשין פאַר פעלקער און ראַסעס, וווּ זיי ווערן איבערגעקאָכט און איבערגעפורעמט, איז די „פּאָבליק־סקול“ די פאָרעם, וווהין דאָס צעשמאָלצענע מענטשן־מאַטעריאַל ווערט אַרײַנגעגאָסן און קומט־אַרויס מיט אַן אַמעריקאַנער צורה.

אָט־דאָס יונגוואַרג לאָזט זיך אַרויס אויפן „סאַורד־פּלייס“, וווּ מען שפּילט פוטבאָל און מען לויפט און מען פײַט *, און אַרום שטייען די עלטערן און קוקן, ווי יענע הון, וואָס האָט אויסגעבריט ענטישע אייער **, בשעת זי האָט געזען אירע קינדערלעך אָפּשווימען אויפן וואַסער.

איך וויל די לייענערס נישט מאַכן פעסעמיסטיש. דער צווייטער דור יידן איז גאַנץ ווײַט פון אַסימילאַציע. קודם־כל, אַן ערך 75.000 יידישע קינדער אין ניו־יאָרק, ווי מיך האָט פאַרזיכערט אַ מענטש, וואָס שטייט נאָענט צו דער „קהילה“, וואָס האַלט זיך ערשט בײַם אָרגאַניזירן, באַזוכן „תלמוד־תורות“ נאָכמיטאָג. די ראַדיקאַלע קרײַזן,

---

* באָקסירט, מ׳פּאַרמעסט זיך אין באָקס. — ** קאַטשקע־אייער.

פון דער אַרבעטער־מאַסע, וואָס שיקן נישט די קינדער אין די תלמוד־תורות, אַסימילירן זיך אויך נישט. אַזאַ אַמעריקאַניזירטער בחור וועט צעשלאָגן דאָס פּנים דעם ערשטן בעסטן אײַרישן, וואָס וועט שימפּן יידן. ער ווייסט, אַז ער איז אַ ייד און שעמט זיך ווייניקער דערמיט ווי בײַ אונדז, אָבער דאָס זײַנען אַנדערע יידן. עס איז גאָר אַ נײַער טיפּ, אי אויסערלעך, אי אינערלעך, און וואָס דער דור וועט זײַן — דאָס קאָן שוין קיינער נישט פאָרויסזאָגן.

על פּי רוב גאָר ווערט דער אַמעריקאַניזירטער בחור אָדער מיידל צוריק אַרײַנגעשלעפּט אין יידישן לעבן אַרײַן, נאָך דעם ווי זיי ענדיקן די „פּאָבליק־סקול“ אָדער גאָר די „היי־סקול“ (העכערע שול). דער כּוח פון דעם גרויסן יידישן קיבוץ ציט אים צו זיך. ער לעבט צווישן יידן און רעדט אַפילו יידיש, כאָטש מיט אַן ענגלישן אַקצענט און מיטן ענגלישן סינטאַקסיס.

עס איז מיר אויסגעקומען צו ריידן מיט אַזוינע עקזעמפּלאַרן יידיש. די אינטעליגענץ ווייסט דאָ נישט פון דער נאַרישער געוווינהייט צו שעמען זיך מיט יידיש. דער דעמאָקראַטיזם פון לאַנד און די פרײַהייט האָבן געבראַכט דערצו, אַז איר וועט אײַך טרעפן מיט דאָקטוירים, אינזשיניערן, וואָס פאַרנעמען גרויסע רעגירונג־שטעלעס, מיט „דזשאָדזשעס“ (ריכטערס), און איר וועט מיט זיי אָפּפּלוידערן גאַנצע שעהן יידיש. און אָט האָב איך געהערט פון די אַמעריקאַניזירטע, וואָס זײַנען געבוירן און דערצויגן אין דעם לאַנד, פראַזן, וואָס האָבן מיר אויסגעזען ווילד: „איך בין גייענדיק“, „אַלע די קינדער“, „איך וויל צו גיין“, אַנשטאָט „איך גיי“, „אַלע קינדער“, „איך וויל גיין“. שולדיק איז דאָ די ענגלישע שפּראַך, פון וועלכער די פראַזן זײַנען ווערטלעך איבערגעזעצט.

אָט אַזוי אומגעפער איז די לאַגע איצט. דער נײַער דור איז ווײַט־ווײַט פון דעם ערשטן, האָט אַנדערע געוווינהייטן, אַן אַנדער לשון אין מויל און אַן אַנדער פּנים אַפילו. אויב מען זאָל גלייבן אַן אַמעריקאַנער אַנטראָפּאָלאָג־סאָציאָלאָג, ענדערט זיך אַפילו דער גאַנצער טיפּ, ווי די אויסמעסטונגען פון די קעפּ זאָלן דאָס האָבן באַוויזן,

אָבער — „וואָס מיר זײַנען, זײַנען מיר, אָבער ייִדן זײַנען מיר“, דאָס איז אַ נײַער טיפּ פון אַ ייִד, מענטשלעך זייער געזונט, קערפּערלעך ווי גײַסטיק, נאַציאָנאַל — אַ גרויסער פראַגע־צייכן.

די קומענדיקע צענדלינגער יאָרן וועלן אפשר קענען אַן ענטפער ברענגען אויף דעם פראַגע־צייכן...



צום ענד אַ קליינער אַנעקדאָט, וועלכער וועט אײַך אילוסטרירן דעם דאָזיקן תהום, וואָס ליגט צווישן די צוויי דורות.

איך האָב אַ באַקאַנטן דאָקטער־מעדיצין, וואָס איז אויך אַ ייִדישער ליטעראַט, אַ ייִד פון ייִדנלאַנד, אַ ייִד מיט דער ייִדישער פראַגע, וואָס איז געווען שוין אין ארץ־ישראל און האָט ליב העברעיִש און איז אַ גרויסער אַפּיקורס — קורץ, איינער פון אונדזערע. און ער האָט אַ בן־יחיד פון 14 יאָר, וואָס איז איצט אין דער „הײַ־סקול“. אויף דער נאַכט זיצט זיך דער פאָטער בײַ זײַנע ייִדישע „פּייפּערס“ (צײַטונגען) אָדער לייענט גאָר דאָס נײַע ביכל „השלוח“; און דער בן־יחיד לייענט די פערטע זײַט פון ענגלישן „פּייפּער“, נײַס פון ספּאָרט, פון שווימען, לויפן, פוטבאָל און „פייט“. איינער מישט זיך נישט אין צווייטנס „ביזנעס“. עס איז דאָך אַמעריקע, און עס איז דאָך אַזאַ מין פרײַהייט, וואָס עלטערן האָבן די קינדער קיין דעה נישט צו זאָגן. ווערט דעם בן־יחיד לאַנגווײַליק, וואַרפט ער אַוועק די צײַטונג און קוקט זיך אום אין שטוב, צי איז נישטאָ ווער, מיט וועמען די מוסקלען צו פּרובירן. ער געפינט קיינעם נישט, דער פאָטער איז קיין בעלן נישט אויף אַזוינע זאַכן, גייט ער צו צו דער מאַמען און וויל איר ווײַזן, ווי מען „פײַט“. די מוטער איז אויך אַ ייִדיש ווײַבל, אָבער פאָרט אַ מאַמעס האַרץ, טוט זי אים צוליב און „פײַט“ מיט אים. עס איז קאָמיש. צום סוף ציט זיך דער בן־יחיד אויס אויף דער קאַנאַפּע מיט דער מינע פון אַ גרויסן פילאָסאָף, נעמט די פיס אין די הענט און מאַכט פון זיך אַ קנויל.

איינמאָל קומט דער בן־יחיד אַהיים מיט אַ פריילעך פּנים און איז גלייך צוגעלאָפן צום טאַטן. מיר האָבן גראָד געהאַט דעבאַטירט וועגן יידיש — לשון־קודש.

דער בן־יחיד האָט אַרויסגענומען אַ גאָלדענעם מעדאַל און ווײַזט דעם פאָטער, דאָס האָט ער היינט באַקומען אין „סקול״. דער בעסטער לויפער געווען אין אַ געיעגעניש פון די ניו־יאָרקער „הײַ־סקולס״. ער האָט געזונטע, פלינקע פיס.

— מזל־טוב דיר, טאַטע!

אין אַ ווײַלע אַרום זײַנען אָנגעקומען די גרויסע ענגלישע אָוונט־צײַטונגען, און אונדזער בן־יחיד איז דאָרט אויסגעמאָלט און זײַן ביאָגראַפיע איז באַשריבן — איינער פון די העלדן פון טאָג.

דער פאָטער האָט געלייענט און געצויגן מיט די אַקסלען, און באמונות, ער האָט נישט געוווּסט צי לאַכן, צי פרייען זיך, צי אפשר אָפּזיפצן: „בנים גדלתי״...

ער האָט ערשט איצט געוווּסט, פאַרוואָס צוויי טעג נאָכאַנאַנד איז אַ שרעקלעכער ריח געשטאַנען אין שטוב, דאָס האָט זיך דער זון זײַנער געשמירט די מוסקולן מיט אַזאַ זאַלב.

און איצט, צי וועט איר גלייבן, אַז דער דאָזיקער פאַרפרעמדטער בן־יחיד, וואָס קען קוים אַ יידיש אות, עסט פּסח נישט ביי זײַן פאָטער אין הויז, ווײַל דאָרט איז נישט פּסחדיק־כשר? — עס איז אַ פאַקט.

דער דאָזיקער קליינער ספּאָרטסמען איז פרום, רעליגיעז, און קיינער ווייסט אַפילו נישט, פון וואַנען עס איז צו אים געקומען.

ניו־יאָרק, אַפּריל 1912.

# אין רוסלאַנד

## דער צוזאַמענשטויס אויף דעם „געזערד"־צוזאַמענפאַר *

דאָס איז געווען אַ היסטאָרישע נאַכט, און די מענטשן, וואָס זײַנען געווען בײַ דער דיסקוסיע, וועלן זי לאַנג־לאַנג נישט פאַרגעסן.

— אַזוינס האָבן מיר דאָ נישט געהאַט פאַר די לעצטע אַכט יאָר, זינט די באָלשעוויקעס רעגירן — האָבן מיר געזאָגט אומפּאַרטייִשע מענטשן.

דער אָוונט האָט זיך אָנגעהויבן זייער ניאַט און נישט אינטערעסאַנט. ווײַנשטיין האָט געהאַלטן אַ רעפעראַט וועגן דער באַציִונג פון „געזערד" (געזעלשאַפט פאַר ייִדישער ערד־אײַנאָרדענונג) צו די אויסלענדישע אָרגאַניזאַציעס, וואָס העלפן דער קאָלאָניזאַציע, און זײַן ריידן האָט דעם עולם זייער קנאַפּ אינטערעסירט. אָבער אומגערעכטערהייט איז די דיסקוסיע אַוועק ווײַט־ווײַט, און עס האָט געשמעקט אין זאַל מיט פּולווער און מיט אויפרײַס.

פּלוצלינג זײַנען אַרויפגעשווומען אין געדעכעניש די „אַלטע גוטע צײַטן", ווען קיין דיקטאַטור איז נישט געווען, יענע צײַטן, ווען מענטשן האָבן זיך געטיילט אויף פּאַרטייען, און יעדע פּאַרטיי האָט געהאַט די פרײַהייט צו ריידן און אַגיטירן, ווען מענטשן אויף פאַרזאַמלונגען פלעגן זיך קאָכן, ווען מיינונגען און שטאַנדפּונקטן האָבן זיך צוזאַמענגעטראָפן. ס'איז געווען אַ היסטאָרישער אָוונט, נישט נאָר ווײַל מען האָט גערעדט פרײַער ווי געוויינטלעך, נאָר אויך ווײַל דער אָוונט איז געווען זייער אָנגעשטרענגט דראַמאַטיש. ס'איז געווען אַ צוזאַמענשטויס פון ריכטונגען אין דער קאָלאָניזאַציע גופא,

---

* „מיין רייזע איבער רוסלאַנד", דערשינען ווי דער 5טער באַנד פון „געזאַמלטע שריפטן", קולטור־ליגע, וואַרשע 1928, קאַפּיטלען XXXIV און XXXV. נאָמבערג האָט באַזוכט ראַטנפאַרבאַנד אין 1926.

און דאָס אינטערעסאַנטסטע פון דעם צוזאַמענשטויס איז געווען, וואָס די נאַציאָנאַלע ריכטונג האָבן רעפּרעזענטירט — „די גויִים"; פאַרקערט, די אַנטי־נאַציאָנאַלע אָדער נישט־נאַציאָנאַלע האָט רע־פּרעזענטירט — די יעווסעקציע.

פאַרזאַמלונגען אין ראַטנפאַרבאַנד פאַרלויפן איצט זייער מאָ־נאָטאָן, גרוי־וואָכעדיק. מען איז געוואָרן זייער פּראַקטיש, זייער זאַכ־לעך. מען אַנטלויפט פון פראַזעס, ווי פון אַ בייזן שד. מען היט זיך פון שיינריידעריי. יעדע רעדע איז אָנגעפּיקעוועט מיט ציפערן, מיט פאַקטן. מען פילאָסאָפירט נישט — און עס איז נישטאָ וואָס; מען פּאָלעמיזירט נישט — נישטאָ קעגן וועמען. עס רעדט שטענדיק נאָר איין צד — די דיקטאַטור. און איר ריידן איז טאַט. אַזוי זאָל עס זײַן און אַזוי וועט עס זײַן.

צי איז דאָ נאָך אַ צווייטער צד, וואָס האָט עפּעס צו זאָגן? מסתמא איז ער דאָ, מסתמא וואָלט ער געווען. אָבער דער צווייטער צד קען גאָרנישט טאָן, קען נישט ריידן און ממילא האָט ער אויפגעהערט צו טראַכטן.

דער צווייטער צד — דער אומפּאַרטייִשער — לאָזט זיך פירן. דאָס איז אַ גאַנץ־גרויסע מאַסע אינטעליגענטן, וואָס לאָזט זיך באַ־אײַנפלוסן. דער מענטש איז אַזאַ באַשעפעניש, וואָס וואַרפט־אַראָפּ פון זיך אַלץ, וואָס שטערט אים זײַן עקסיסטענץ, און דער מענטש (דער אומפּאַרטייִשער) פילט דאָ אינסטינקטיוו, אַז פון זײַן טראַכטן קען קיין גוטס נישט אַרויסקומען, נישט פאַר אים, נישט פאַר קיינעם. מיט זײַן טראַכטן וועט ער דערפירן נאָר דערצו, וואָס ער וועט זײַן אין אַ שטענדיקן קאָנפליקט מיט זיך אַליין: ווײַל ווײַטער פון טראַכ־טעניש וועט עס נישט גיין. ווער וויל דאָס זײַן אין דער ראָלע פון אַ האַמלעט אַלע טעג און אַלע נעכט פון אַ גאַנץ יאָר?

לאָזט ער צו, אַז די קאָמוניסטן זאָלן שוין דערפילן פאַר אים אויך די פונקציע פון טראַכטן.

די יידישע אַזוי־גערופענע אומפּאַרטייִשע אינטעליגענץ „סימפּאַ־

טיזירט״, אויב מען קען זיך אַזוי אויסדריקן, מיט אַ טרוקענער, קאַל־טער, טויט־בלייכער „סימפּאַטיע״, מיט די קאָמוניסטן.

דאָס וואָס אין רוסלאַנד פלעגט מען רופן די ייִדישע געזעל־שאַפטלעכקייט — נישטאָ אַזוינע מער. צו אַרבעטן ווערט גערופן יעדער, און יעדער טוט געדן די אַרבעט אין „געזערד״; מען האָט זיך פּשוט געוואָרפן אויף דער אַרבעט. ביז 60.000 מיטגלידער זאָל איצט דער „געזערד״ פאַרמאָגן, און פון זיי איז די גרויסע מערהייט אומפּאַרטייִשע; אַפילו ציוניסטן און אָרטאָדאָקסן באַטייליקן זיך. מען האָט זיך אײַנגעשפּאַנט אין דער אַרבעט, ווײַל זי איז אַ לעבעדיקע און אַ פרוכטבאַרע. די קאָמוניסטן האָבן איבער דער אַרבעט די השגחה, אַזוי ווי אומעטום. אַזוי ווי ס׳איז איצט אײַנגעפירט אין ראַטנרוסלאַנד. דער „ספּעץ״ (ספּעציאַליסט) פירט די אַרבעט, ער איז דער „זאַמיעסטיטיעל״ (שטעלפאַרטרעטער), און איבער אים שטייט אַ קאָמוניסט, וואָס דאַרף גראָד נישט פיל צו פאַרשטיין פון דער אַרבעט, אָבער ער גיט אַכטונג, אַז די ליניע און די פּאָליטיק פון דער קאָמוניסטישער פאַרטיי זאָל דורכגעפירט ווערן. אַזוי האָט מען זיך שוין אײַנגעלעבט אין ראַטנפאַרבאַנד, און קיינעם פאַלט נישט אײַן צו זײַן אומצופרידן דערמיט.

דער אומפּאַרטייִשער מוז זיך שטענדיק האַלטן אין די גרע־נעצן פון דער פּראַקטיק, פון די טאָג־טעגלעכע פראַגן. די פּער־ספּעקטיוון פון דער אַרבעט, די אַלגעמיינע ליניע — דאָס געהער נישט צו אים. די קאָמוניסטישע פאַרטיי, רייד און שרײַב — די ייִדישע סעקציע, זי אַליין האָט דאָס צו טאָן — דיקטאַטור!

און דאָ מיטאַמאָל האָט עס אויסגעשאָסן, אַזוי ווי פון אונטער אַ ווולקאַן, די ייִדישע געזעלשאַפטלעכקייט! זי איז פּלוצלינג לעבע־דיק געוואָרן און האָט באַקומען לשון. ס׳איז אַוועק אַ הייסע דעבאַטע, אָבער אַזוי מיטן גאַנצן קנאַק. און דער עולם האָט געהאָרכט און גע־האַרכט, און האָט נישט געגלויבט די אייגענע אויערן.

צי זײַנען אָנגעקומען „משיחס צײַטן״? בראַגין, דער אומפּאַר־

טייַשער, שטייט אויף דער טריבונע, און ווי אַ גלײַכער מיט גלײַכע רעדט ער צו די „יעווסעקעס״:

— איר זײַט נאָכשלעפּערס! איר האָט קיין מאָל נישט געהאַט קיין פּלאַן! איר האָט נאָר צוגעלייגט אײַער שטעמפּל צו געשעענע זאַכן. די באַוועגונג פון ייִדן צו גיין אויף ערד איז אײַך איבערגע־וואַקסן. אַז מען האָט אײַך געזאָגט פּאַר עטלעכע יאָר, אַז ס'איז מעג־לעך צו באַזעצן הונדערט טויזנט ייִדישע פאַמיליעס אויף ערד, האָט איר געשריגן, אַז דאָס זײַנען חלומות, געפּערלעכע, קליינבירגערלע־כע, נאַציאָנאַליסטישע, טעריטאָריאַליסטישע אוטאָפּיעס! איצט, אַז די באַוועגונג איז אויסגעוואַקסן, האָט איר אַליין שוין גענומעןריידן פון הונדערט טויזנט פאַמיליעס. אָבער איצט, מיט דעם דערפּאָלג פון דער אַרבעט, איז אויך די פּערספּעקטיוו אויסגעוואַקסן. איצט מוז מען אויפהייבן די לאָזונג: אַ ייִדישע טעריטאָריע, אַ ייִדישע רעפּוב־ליק, אַ ייִדישע נאַציאָנאַלע באַזע. קומט מען און מען זאָגט אײַך דאָס, שרײַט איר, אַז דאָס איז טעריטאָריאַליזם. איר זײַט נישט קיין פּי־רערס, איר שלעפּט אײַך נאָך, און אויף אײַך ליגט דאָך דער חוב צו זײַן די פירערס, אויף אײַך, די קאָמוניסטן. ווײַל... ווײַל... ווײַל...

און דאָ האָט דער עולם שוין אַליין געמוזט זיך אָנשטויסן פאַר־וואָס — דערפאַר, ווײַל, ווען אַן אַנדערער זאָל וועלן אָנפירן, וועט מען אים געבן איבער די הענט.

אָט אַזוי האָט בראַגין, דער אומפּאַרטייִשער, געדונערט פון דער טריבונע, און איז אַרײַן אין פּאַטאָס. און אַז ער האָט געענדיקט, האָט דער זאַל געהילכט פון בראַוואָס. די „יעווסעקעס״ טשעמערינ־סקי, אסתר פרומקין, ליטוואַקאָוו, זײַנען געזעסן ווי אויף פײַערדיקע קוילן... מען האָט זיך געשושקעט.

בראַגין איז שיער נישט אויסגעוואַקסן דער העלד פון טאָג.

ער האָט גערעדט מיט פײַער און איבערצײַגונג. די אומעטיקייט פון ציפערן, די גרויקייט פון די חשבונות וועגן גרויסע צי קליינע הייזער, צוויי קי מיט איין פערד, צי פאַרקערט, צוויי פערד מיט איין קו, אָט די גרויע זאַכלעכקייט איז פאַרשוווּנדן. דער זאַל איז געווען

געפּאַקט. אין די קולואַרן איז קיינער נישט געבליבן. די שפּאַנונג איז געוואַקסן.

בראַגין אַליין איז איינער פון די שענסטע טיפּן פון דער „ייִדישער געזעלשאַפטלעכקייט". אַ גוטער רעדנער, אַ טעמפּעראַמענטפולער, און פון זײַן אַמאָליקער צוגעהעריקייט צו דער ציוניסטישער פּאַרטיי איז אים געבליבן זייער פיל נאַציאָנאַלער פּאַטאָס. ער איז אויפריכטיק, נישט איבעריק דיפּלאָמאַטיש, און טרעפט אין פינטל אַרײַן.

די רעדע איז פּאַקטיש געווען אַ באַשולדיקונגס־אַקט קעגן די „יעווסעקעס". קעגן זייער באַגרענעצטקייט און טעמפּקייט, וואָס האָט זיי געמאַכט אַזוי פרעמד און אָפּגעריסן אין דער ייִדישער גאַס.

אַזוינע רעדעס קאָנען נישט דערלאָזט ווערן אין ראַטנפאַרבאַנד. דאָס איז קלאָר. ווײַל דאָס איז קעגן דער גאַנצער סיסטעם. שלעכט צי גוט, אָבער דער ראַטנפאַרבאַנד עקסיסטירט, און האָט בשום־אופן נישט בדעה אויפצוהערן צו עקסיסטירן. פאַרקערט, ער וויל דעראָבערן די וועלט. און דער ראַטנפאַרבאַנד קאָן זיך האַלטן נאָר מיט דעם כוח פון אַ דיקטאַטור. דאָס ווייסט יעדערער, און די קאָמוניסטן וועלן אײַך דאָס נישט באַהאַלטן. זיי זאָגן עס אָפן און פריידיקן עס אָפן. וואָלטן זיי געקאָנט אָפּלאָזן די לייצעס, אײַנפירן פרײַהייטן, וואָלטן זיי דאָס געוויס געטאָן. און מיטן גרעסטן פאַרגעניגן וואָלטן זיי דאָס געטאָן. קיין רשעים זײַנען זיי נישט. זיי קאָנען נישט דערלויבן קיין פרײַהייטן, ווײַל מיט דעם וועלן זיי די גאַנצע סיסטעם, די גאַנצע געבײַדע פון דער ראַטן־אָרדענונג שטעלן אין סכנה. איך מיין, אַז אין דעם טאָג, וואָס אין ראַנטפאַרבאַנד וואָלט אָפּגעשאַפט געוואָרן די דיקטאַטור און די מענטשן וואָלטן באַקומען די פרײַהייט צו ריידן, שרײַבן און אַגיטירן, וואָס זיי ווילן, אין דעם טאָג וואָלטן די ערשטע גליקלעכע געווען גראָד די פירערס פון דער קאָמוניסטישער פאַרטיי, דעמאָלט וואָלטן זיי געפילט, אַז זיי זײַנען באמת שטאַרק... אָבער דערצו איז ווײַט... זייער ווײַט. (לאָמיר זיך נישט פאַרנעמען מיט קיין נביאות אויף דער צוקונפט).

דעריבער טאַקע האָב איך נישט איבערגעטריבן, ווען איך האָב אָנגעהויבן דערפון, אַז דאָס איז געווען אַ היסטאָרישע נאַכט.

אָבער מיינט נישט, אַז די „היסטאָריע" האָט טאַקע געמאַכט דער אומפּאַרטייִישער בראַגין. דאָס וואָלט נישט געווען פאַר זײַנע כוחות. בראַגין איז טאַקע אַ מענטש מיט פאַרדינסטן. ס'איז אַ סברה, אַז לענין אַליין האָט פון אים געהאַלטן. ער איז אַ מענטש מיט פּראָיעקטן, מיט פאַנטאַזיע, מיט געוואַגטקייט, און לענין האָט ליב געהאַט אַזוינע מענטשן. ער האָט זיי אויסגעזוכט, ווו נאָר ער האָט געקאָנט. לענין איז געווען אַ דאָקטרינער, אָבער ער האָט דערבײַ אַרויסגעוויזן אַ מערקווירדיקן חוש פאַר דערווירקלעכקייט. און ער האָט געקאָנט צוקלײַבן מענטשן.

בראַגין איז געווען דער איניציאַטאָר פון דער „אַלפאַרבאַנדישער לאַנדווירטשאַפטלעכער אויסשטעלונג". ער האָט געמאַכט דעם פּראָיעקט און לענין האָט אונטערגעשריבן — „אָדאָבריאַיאָ" (איך געפין פאַר גוט), און דער פּראָיעקט איז אויסגעפירט געוואָרן. בראַגינען געהערט אויך דער פּראָיעקט וועגן אַ ייִדישער רעפּובליק, אויף וואָס ער האָט געזאַמלט חתימות פון אַלע קאָמוניסטישע גדולים, צווישן זיי אויך טראָצקי. ער שרײַבט אַרטיקלען אין די אָנגעזעענסטע פאַר־טיי־צײַטונגען. בראַגין איז אַן אייגענער מענטש, אָבער נישט קיין קאָמוניסט. און צען אַזוינע ווי ער וואָלטן נישט געקאָנט אַזוי אַרויס־טרעטן עפנטלעך און מיט אַזאַ דרייסטקייט, ווי ער האָט דאָס געטאָן, ווען ער וואָלט נישט געוווּסט, אַז ער האָט הינטער זיך ברייטע, זייער־ברייטע פּלייצעס, אויף וועלכע ער קאָן זיך אָנשפּאַרן. נישט קיין אַנדערע ווי דעם פאָרזיצער פון „וציק", קאַלינין, און דעם מיטגליד פון דעם אייגענעם „וציק", לאַרין, האָט ער געהאַט אויף זײַן זײַט.

לאַרין, דער פאָרזיצער פון איצטיקן צוזאַמענפאָר, איז נישט בראַגין. ער איז אַן אַלטער קאָמוניסט, איינער פון די אינטעליגענט־סטע קעפּ אין ראַטנפאַרבאַנד. ער איז געזעסן בײַם טיש און מיט זײַן געליימטער האַנט (אַ פּאַראַליזירטער) האָט ער אונטערגעשפּאַרט זײַן קאָפּ. לאַרין (זײַן נאָמען איז לוריע) איז אַ טיפּישער אינטעליגענט

פון ייִדישער אָפּשטאַמונג, דורך און דורך אַסימילירט. ער איז אַ געמיש פון רוסישער קולטור און גוט ייִדיש בלוט. אויף זײַן פּנים שפּיגלט זיך אָפּ דער אַדעל פון אַלטע ייִדישע רבנים, צוזאַמען מיט דער שאַרפקייט פון אַ קעמפער. זײַן פּאַראַליז, זײַן קערפּערלעכע געבראָכנקייט שטרײַכט נאָך מער אונטער זײַן גײַסטיקייט. צווישן אים און די יעווסעקעס איז משמעות קיין מאָל נישט געווען קיין שלום (און ווער וואָלט געקאָנט לעבן מיט זיי בשלום?) — אָבער אויף דעם צוזאַמענפאָר האָט זיך אַרויסגעוויזן דער גאַנצער תהום, וואָס טיילט זיי פונאַנדער.

פון איין זײַט איז געשטאַנען קאַלינין, וואָס זײַן רעדע מיט אַ טאָג פריִער האָט שטאַרק באַטאָנט דעם נאַציאָנאַלן מאָמענט אין דעם גאַנצן ענין פון דער קאָלאָניזאַציע. אָט־די רעדע האָט די יעווסעקעס אַרײַנגעבראַכט אין אַ שרעקלעכער צערודערונג, אַז זיי זײַנען געשפּרונגען פון דער הויט און זיי האָבן אַליין נישט געוווסט וואָס צו טאָן. קאַלינינס רעדע איז דורך די יעווסעקעס פאַרהאַלטן געוואָרן גאַנצע צוויי טעג, — דאָס איז אַ פאַקט. ערשט אויף איבערמאָרגן איז די רעדע געווען אין די צײַטונגען, נאָכדעם ווי זי איז צענזורירט געוואָרן אויף זייער אַ שטרענגן אופן. פון איר זײַנען אַרויסגעוואָרפן געוואָרן די אַלע שטעלן, וואָס זײַנען נישט געפעלן געוואָרן די יעווסעקעס. ערשט אין 10 טעג אַרום האָט קאַלינין, דער העכסטער אָפיציעלער פאָרשטייער פון ראַטנפאַרבאַנד, באַקומען די געלעגנהייט אָפּצודרוקן זײַן רעדע, ווי זי איז גערעדט געוואָרן.

אויף דעם זעלביקן באָדן, וואָס קאַלינין, שטייט און איז געשטאַנען לאַרין.

אַנטקעגן איז געשטאַנען די „אַלטע גוואַרדיע", דאָס צענטראַל־ביוראָ פון דער ייִדישער סעקציע בײַ דער קאָמוניסטישער פאַרטיי, וואָס פאַר זיי איז דער נאַציאָנאַליזם פון די „גויִים", קאַלינין און לאַרין, געווען טריף, ציוניסטיש, קליינבירגערלעך, ראַטן־אחד־העמיזם, און נאָך און נאָך. זיי האָבן די רעדע פון קאַלינינען צום ערשטן פאַרהאַלטן, דערנאָך געקריצט, ביז זי האָט ענדלעך באַקומען די דער־

לויבעניש (מסתם פון דער העכסטער אינסטאַנץ, פון דעם פּאָליטישן ביוראָ פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי) צו זײַן געדרוקט.

אינערלעך האָט דער קאַמף שוין לאַנג אויסגעבראָכן און בראַגין האָט געוווּסט, אַז ער האָט זיך אויף וועמען אָנצולענען.



דער קאַמף צווישן לאַרינען און בראַגינען פון איין זײַט און די יעווסעקעס פון דער צווייטער זײַט האָט זיך געענדיקט מיט דעם נצחון פון די יעווסעקעס. לאַרין און בראַגין זײַנען מער נישט אין דער פאַרוואַלטונג פון „געזערד"; בלויז אין ראַט זײַנען זיי פאַרבליבן.

דער נצחון איז אָבער געווען בלויז אַ פאָרמעלער. די גאַנצע צ"ב פון די יעווסעקעס וואָלט דאָך געמוזט אַוועק, ווען זיי וואָלטן פאָרמעל נישט אויסגעפירט. אין אמתן אָבער זײַנען זיי געשלאָגן און פילן זיך געשלאָגן. דער פאַקט איז, אַז זיי האָבן קאַלינינס רעדע צוערשט גוט אַרומגעשניטן און אַרויסגעוואָרפן פון איר אַלע שטעלן, וואָס האָבן געשמעקט מיט „נאַציאָנאַליזם", און דאָך איז די רעדע דערנאָך (מיט דער הסכמה פון פּאָליט־ביוראָ) געווען אָפּגעדרוקט אין גאַנצן פאַרנעם אין די אָפיציעלע סאָוויעטישע צײַטונגען. דאָס אַליין ווײַזט שוין, אַז קאַלינינס שטאַנדפּונקט האָט געקראָגן די אָפיציעלע הסכמה.

זאָל מען אָבער נישט מיינען, אַז דאָ האָט זיך געהאַנדלט וועגן דעם, צי מען זאָל אויסרופן איצט אַ „ייִדישע רעפּובליק", צי נישט. קיינער האָט דאָס נישט געפאָדערט. אַלע זײַנען איינִיק דערין, אַז איצט איז צו פרי צו וואַרפן די לאָזונג פון אַ ייִדישער רעפּובליק. דאָס וואָלט געוויס געשמעקט מיט אַוואַנטורע. די לערך 25 טויזנט ייִדישע משפחות (ביז 150.000 נפשות) פון ייִדישע קאָלאָניסטן, זײַ־נען צעזייט און צעשפּרייט, פון ווײַסרוסלאַנד ביז קריוואָראָג, כערסאָן, אָדעסער געגנט, ביז קרים. אומעטום זײַנען די ייִדישע ערדן קליינע אינדזלען צווישן אַ ים פון נישט־ייִדן. נאָר אויף צוויי ערטער, אין

קריוואָראָגער ראַיאָן און כערסאָנער, זײַנען פֿאַראַן גרעסערע מאַסיוון, פון עטלעכע צענדליק קילאָמעטער לענג און אַ 15 קילאָמעטער ברייט.

אין קרים האָט זיך עס ערשט אָנגעהויבן און די לאַגע איז דאָרט נאָך נישט אין גאַנצן קלאָר. ס׳איז נאָך נישט קלאָר, וויפל מען וועט דאָרט קענען באַזעצן און ווי ווײַט דאָרט איז מעגלעך אַ גרעסערער קאָנצענטרישער ישוב — אַ נאַציאָנאַלע באַזע.

אָט וועגן דער נאַציאָנאַלער באַזע האַנדלט עס זיך, אַרײַנצוברענגען אין דער גאַנצער באַוועגונג דעם פּאַטאָס, נישט נאָר פון עקאָנאָמישער הילף, נאָר פון נאַציאָנאַלער בויאונג, קאָנצענטרירונג פון די יידישע מאַסן, כדי צו שאַפן די מעגלעכקייט פון אַ נאַציאָנאַלן קיום.

אָט־דאָס טאַקע, דער נאַציאָנאַלער מאָמענט פון דער גאַנצער באַוועגונג, איז פאַר די יעווסעקעס געווען טריף, וואָס טריף הייסט. מאַסיוון, גרויסע ערד־שטחים, דורכויס באַזעצט מיט יידן, האָבן זיי אויך געוואָלט (כאָטש זיי האָבן דאָס נישט געטאָן, ווײַל, ווי בראַגין האָט ריכטיק געזאָגט, נישט זיי האָבן געפירט די באַוועגונג, נאָר זיי האָבן זיך נאָך איר נאָכגעשלעפּט), אָבער מאָטיווירט האָבן זיי עס דערמיט, ווײַל בײַ מאַסיוון, בײַ אַ קאָנצענטרירטער קאָלאָניזאַציע, איז די אַרבעט גרינגער, מען שפּאָרט־אײַן מי און באַאַמטע, די הוצאות וועלן זײַן ווייניקער ווי בײַ צעשפּרייטער, צעוואָרפענער קאָלאָניזאַציע. פון אַ נאַציאָנאַלער באַזע האָבן זיי נישט גערעדט און נישט געלאָזט ריידן. און אַז יעווסעקן לאָזן נישט, רעדט מען נישט.

עס פאַרשטייט זיך, האָבן זיי געזאָגט, אויב אַ גענוגנדיקע צאָל יידן וועלן זיך באַזעצן אויף איין אָרט, קומט זיי, לויט די געזעצן פון דעם ראַטנפאַרבאַנד, אַ זעלבסט־פאַרוואַלטונג. די זעלבסט־פאַרוואַלטונג קאָן אויסוואַקסן מיט דער צײַט, מיט דעם וואַקסן פון דער צאָל יידן, צו אַ ראַיאָן־פאַרוואַלטונג, ביז צו אַן אויטאָנאָמער געגנט און ביז צו אַ רעפּובליק. אויב ס׳וועט זײַן, וועט זײַן, און אויב נישט — נישט. אונדזער אויפגאַבע איז נישט אָפּצוהיטן די עקזיסטענץ פון יידישן פאָלק. דאָס זײַנען קליינבירגערלעכע, שאָוויניסטישע גענג.

די יידישע קאָלאָניזאַציע — טענהן זיי — איז נישט קיין יידי־שער ענין, נאָר אַ סאָוויעטישער. סאָציאַליסטישע בויאונג איז עס. אַ גרויסע צאָל בירגער פון ראַטנפאַרבאַנד זײַנען געבליבן הענגען אין דער לופט און האָבן פאַרלוירן די מעגלעכקייטן פון פּרנסה, דאַרף מען זיי אײַנאָרדענען. אָרדנט מען זיי אײַן אין די פאַבריקן צו ביס־לעך און צו ביסלעך אויף דער ערד. בלײַבנדיק אין די קליינע שטעט־לעך, שטעלן מיט זיך פאָר די יידישע מאַסן, וואָס זײַנען אַרויסגע־שטויסן געוואָרן פון זייערע עקאָנאָמישע פּאָזיציעס, אַ סכנה פאַר דעם לאַנד. זיי וועלן געשטופּט ווערן צו באַשעפטיקן זיך מיט אַלערליי נישט־לעגאַלע און נישט־פּראָדוקטיווע פּרנסות, מיט שמוגל וכדומה. דעריבער איז די גאַנצע אונטערנעמונג אַ סאָוויעטישער ענין, אַן אַלגעמיינער, נישט קיין ספּעציעל־יידישער.

אַזוינע ווערטער, ווי בויען אַ יידישע נאַציאָנאַלע באַזע, ווי שטרעבן צו דערהאַלטן דעם קיום פון דער יידישער אומה, זײַנען פאַר די יעווסעקן געווען די גרעסטע אַפּיקורסות.

איצט לאָמיר הערן, וואָס קאַלינין האָט געזאָגט אין זײַן באַ־רימטער רעדע. זי איז פול און איבערפול מיט דער אַפּיקורסות.

עס פאַרשטייט זיך, אַז קאַלינין, ווי אַ קאָמוניסט און מאַרקסיסט, מאַכט נישט אַוועק מיט דער האַנט דעם עקאָנאָמישן מאָמענט. ער איז דער סאַמע וויכטיקסטער. אָבער דערבײַ האָט ער זיך דערלויבט צו זאָגן אַזוינע ווערטער, וואָס יעדן יעווסעק האָט זיך געוואָלט מיט דער האַנט פאַרשטאָפּן די אויערן, כדי נישט צו הערן די דאָזיקע אַפּיקורסות אין די דאָזיקע שאַנד.

אָט וואָס קאַלינין האָט צווישן אַנדערן געזאָגט:

„פאַר דעם יידישן פאָלק שטייט אַ גרויסע אויפגאַבע — אָפּצו־היטן זײַן נאַציאָנאַליטעט, און צוליב דעם איז נייטיק אַריבערצופירן אַ באַדייטנדיקן טייל פון דער יידישער באַפעלקערונג אין אַן אײַנגע־זעסענעם פויערנטום, אין אַן ערד־אַרבעטערישער, קאָמפּאַקטער באַ־פעלקערונג, וואָס זאָל ציילן מינדסטנס עטלעכע הונדערט טויזנט. נאָר בײַ אַזעלכע באַדינגונגען קאָן די יידישע מאַסע האָפן אויף אַ ווײַטע־

דער עקסיסטענץ פון איר נאַציאָנאַליטעט. דאָ שטייט פאַר דעם ייִדישן פאָלק אַ גרויסע אויפגאַבע און פאַר איר דורכפירונג זײַנען נייטיק גרויסע אָנשטרענגונגען און מי מצד די מאַסן, וואָס זײַנען נישט געווינט צו ערדאַרבעט".

**און אויף אַן אַנדער אָרט האָט קאַלינין געזאָגט:**

„אין קעגנזאַץ צו דער אַסימילאַציע, וואָס פאַרכאַפּט יעדעס קליין פאָלק, ווען עס פעלט נאַציאָנאַלע אַנטוויקלונג — האָט זיך אין די ייִדישע מאַסן אַנטוויקלט דאָס געפיל פון זעלבסטדערהאַלטונג, דער קאַמף פאַר דער נאַציאָנאַליטעט. עס איז קיין ספק נישט, אַז די שאַפונג פון ערד־אַרבעטערישע קאָמונעס, דאָס אָרגאַניזירן פון פויערשער ערד־אַרבעטערישערווירטשאַפט, איז ביי די איצטיקע קאָנקרעטע באַדינגונגען איינער פון די שטאַרקסטע מיטלען אויף צו דערהאַלטן די ייִדישע נאַציע ווי אַ נאַציע. איך זאָג, אַז אין יסוד פון דער דערשיינונג ליגט די עקאָנאָמישע שטרעבונג, און די רעגירונג פון די ראַטן, איינאָרדענענדיק די ייִדישע שטאָטישע און שטעטלשע אָרעמקייט אויף דער ערד, פאַרשטייט זיך, שטעלט זיך נישט דעם ציל דורך דעם צו דערהאַלטן די ייִדישע נאַציע אומאָפּהענגיק פון איר ווילן. (מײַן קורסיוו).

**אָבער נישט נאָר די אפּיקורסות אַליין האָט קאַלינין געזאָגט. ער האָט זיך אויך דערלויבט צו ריידן ברייט און אויספירלעך וועגן דעם אַנטיסעמיטיזם, וואָס וואַקסט אין רוסלאַנד, אָט וועגן דעם נייעם טיפּ פון סאָוויעטישן אַנטיסעמיטיזם, וואָס איז אויסגעוואַקסן אויף דעם באָדן פון דעם נײַעם לעבן און די נײַע אָרדענונגען.**

**ער האָט צווישן אַנדערן געזאָגט:**

„ווי אַזוי האָט זיך צוגעקלעפּט (צו די אַרבעטער און פּויערים) דער אַנטיסעמיטיזם? פאַרוואָס איז די רוסישע אינטעליגענץ, משמעות, נאָך מער אַנטיסעמיטיש ווי זי איז געווען אין די צײַטן פון צאַריזם? דאָס איז גאַנץ נאַטירלעך. אין די ערשטע טעג פון דער רעוואָלוציע האָט זיך אין קאַנאַל פון דער רעוואָלוציע געוואָרפן די אינטעליגענטישע און האַלב־אינטעליגענטישע שטאָטישע ייִדישע מאַסע... אין

דעם מאָמענט, ווען אַ גרויסער טייל פון דער רוסישער אינטעליגענץ איז אַוועק, האָט זיך דערשראָקן פאַר דער רעוואָלוציע, פּונקט אין דעם מאָמענט האָט זיך די יידישע אינטעליגענץ אַ וואָרף־געטאָן אין קאַנאַל פון דער רעוואָלוציע און האָט אים אויסגעפּולט אין אַ גרעסערן פּראָצענט ווי עס מאַכט אויס לויט איר צאָל, און האָט אָנגעהויבן צו אַרבעטן אין די רעוואָלוציאָנערע אָרגאַנען פון די אַמטן. אָט אויף דעם באָדן אַנטוויקלט זיך דער אַנטיסעמיטיזם.

נאָר פאַר דער יידישער נאַציע, ווי אַ נאַציע, האָט די דערשיַינונג אַ גרויסע באַדייַטונג, און איך מוז זאָגן, אַז אַ **נעגאַטיווע באַדייַטונג** (מייך קורסיוו). ווען מען האָט מיך אויף אַ פאַבריק געפרעגט: פאַרוואָס זייַנען אין מאָסקווע דאָ אַזויפיל יידן? האָב איך געענטפערט: ווען איך וואָלט געווען אַן אַלטער רב, וואָס זייַן נשמה ווייטיקט פאַר דער יידישער נאַציע, וואָלט איך געלייגט אין חרם אַריין אַלע יידן, וואָס גייען קייַן מאָסקווע אויף סאָוויעטישע שטעלעס, ווייַל זיי ווערן פאַרלוירן פאַר זייער נאַציע. אין מאָסקווע פאַרמישן די יידן זייער בלוט מיט דעם רוסישן בלוט, און פאַר דער יידישער נאַציע זייַנען זיי אין צווייטן דור, העכסטנס אין דריטן דור, פאַרלוירן; פון זיי ווערן געוויינטלעכע רוסיפיקאַטאָרן".

אַזוינע ווערטער האָט זיך די יעווסעקן נישט געחלומט צו הערן אויף אַן עפנטלעכער פאַרזאַמלונג און דערצו נאָך פון וועמען! פון דעם פאָרזיצער פון ראַטנפאַרבאַנד, דעם העכסטן אָפיציעלן פאָרשטייער און אַ מיטגליד פון פּאָליט־ביוראָ, פון דעם קליינעם קאָמיטעט פון פינף, וואָס רעגירט ממש מיטן ראַטנפאַרבאַנד.

די רעדע איז פאַר זיי אַראָפּגעפאַלן אַזוי ווי אַ דונער פון הימל. און אָט האָט זיך באַלד אין די קולואַרן אָנגעהויבן אַן אַגיטאַציע מצד די יעווסעקן, אַז קאַלינין האָט „גלאַט אַזוי" גערעדט, ווייַל ער האָט געמיינט, אַז ער רעדט צו יידישע פּויערים. זיי האָבן געגעבן צו פאַרשטיין, אַז קאַלינין האָט זיך אייגנטלעך פאַררעדט ביז צו נאַרישקייטן, און אַז די רעדע האָט גאָר קיין באַדייַטונג נישט. צוויי טעג האָט מען זיך טאַקע געפּאָרעט מיט דער רעדע, אַרויסגעוואָרפן פון איר אַלע

„נישט־כשרע" שטעלן. ס'האָט געהייסן אַזוי, אַז קאַלינינס רעדע איז אַזוי גוט ווי נישט גערעדט געוואָרן, עס האָט גאָר קיין ממשות נישט, וויכטיק איז נאָר, וואָס טשעמערינסקי, ליטוואַקאָוו זאָגן, ווײַל זיי זײַנען די אָפיציעלע פאָרשטייערס בנוגע יידישע זאַכן. קאַלינין איז אַ פויער און ער האָט גערעדט צו פויערים פויערישע רייד, קליינ־בירגערלעכע סברות און שאָוויניזם...

אָבער דאָס פײַער האָט שוין אינעווייניק געברענט. לאַרין איז געזעסן די גאַנצע צײַט אַ דענערווירטער, ווײַל ער אַליין שטייט דאָך אויפן שטאַנדפּונקט פון קאַלינין. בײַם פּרעסע־טיש האָט מען געהערט, ווי ער האָט אַרײַנגעוואָרפן אַ צווישנרוף צו די יעווסעקן:

— וואָס ווילט איר, צענזורירן דעם חבר קאַלינין?

און נאָכדעם ווי ליטוואַקאָוו האָט גענומען אין אַ גיפטיקער, בייזער רעדע אַרונטעררײַסן בראַגינען, האָט זײַן געדולד געפּלאַצט.

ווײַל גיפטיק צו גיפטיק איז נישט גלײַך. ליטוואַקאָווס רעדע איז געווען אַ מוסטער פון סאַדיזם, פון אײַנעסן זיך אין די ביינער, פון פערזענלעכע צושטייענישן צו אַ מענטש, וואָס איז אַן געווער. בראַגין איז דאָך סוף־כל־סוף אַן אומפּאַרטייִשער און דאָס הייסט אין ראַטנפאַרבאַנד — אַ מענטש אָן גייסטיקער באַוואָפענונג. אַ מענטש, וואָס קאָן זיך נישט דערלויבן דאָס, וואָס מען דערלויבט זיך אַנט־קעגן אים. אַ מענטש אַ געבונדענער, וואָס קען נישט צוריקשלאָגן, ווען מען שלאָגט אים. אין זאַל איז געשטאַנען דער אײַנדרוק, אַז אַ שלאַנג וויקלט זיך און וויקלט־אַרום אַ זיכערן קרבן. יעדע פראַזע, ליטוואַקאָווס — אַ חוזק, אַן אויסלאַכן פון דער אומבאַהאָלפנקייט בראַגינס. און דער עולם לאַכט, אַזוי ווי אין אַ צירק, בשעת דער קלאָון כאַפּט די פּעטש: איינס, און צוויי, און דרײַ, און נאָך, און נאָך... ס'איז געווען עפּעס מוראדיקס, אוממענטשלעכס אין דער אַרויסטרע־טונג פון ליטוואַקאָוון.

לאַרין האָט זיך אויפגעשטעלט און אויף זײַן פּנים האָבן געצי־טערט די מוסקולן.

— איך אַלס קאָמוניסט — האָט ער גערעדט שאַרף און זײַן

מאָטע שטימע האָט געקלונגען מאָדנע קלאָר — בין פאַראַנטוואָרט־לעך צוזאַמען מיט דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי פאַר אַלע דערשי־סונגען, וואָס מיר האָבן אויסגעפירט. און ווען ס׳וועט נייטיק זײַן, וועלן מיר ווײַטער שיסן יעדן, וואָס וועט זיך שטעלן אין וועג. אָבער קיין מאָל וועל איך נישט דערלויבן, אַז אומפּאַרטייִישע מענטשן, וואָס אַרבעטן מיט אונדז, וואָס העלפן אונדז, וואָס שטייען אין דינסט פון דער ראָטנמאַכט, זאָלן ווערן באַהאַנדלט דאָ אַזוי, ווי בראַגין איז באַ־האַנדלט געוואָרן פון חבר ליטוואַקאָוו.

ער האָט אַקצענטירט, אַז דאָס רעדט ער, לאַרין, אַ מיטגליד פון צי״ק (צענטראַלער אויספיר־קאָמיטעט) און אַז מיט עטלעכע טעג צוריק האָט דאָ גערעדט דער פאָרזיצער פון צי״ק און דער מיטגליד פון פּאָליט־ביוראָ, דער חבר קאַלינין.

ס׳איז געווען אַן אָפענע שלאַכט צווישן די צוויי שטאַנדפּונקטן און צווישן צוויי גרופּעס.

דאָס איז געווען דער העכסטער דראַמאַטישער מאָמענט פון יע־נעם אָונט.

לאַרין האָט געוואָרפן די הענטשקע די יעווסעקן.

באַלד דערנאָך האָט גענומען דאָס וואָרט טשעמערינסקי און, פײַערלעך אַקצענטירנדיק, האָט ער אָנגעהויבן זײַן רעדע:

— איך רייד אָפיציעל, אין נאָמען פון צענטראַל־ביוראָ פון דער ייִדישער סעקציע בײַ דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי...

און בײַ די דאָזיקע ווערטער איז געוואָרן אַ פּאַטשערײַ בײַ די יעווסעקן. דאָס האָט געהייסן: מיר זײַנען די אָנפירערס, מיר האָבן דאָ די דעה, נישט לאַרין, נישט קאַלינין, נאָר — מיר.

דער ברוך איז געווען אַן אָפענער.

אומזיסט האָט דערנאָך ווײַנשטיין געפּרוּווט צו פאַרגלעטן דעם אײַנדרוק, געבנדיק עטלעכע לויבווערטער לאַרינען און דערבײַ אויך אַן אָנצוהערעניש ליטוואַקאָוון, אַז ער האָט אַריבערגעכאַפּט די מאָס.

די זיצונג האָט זיך געענדיקט אַרום 11 אַ זייגער בײַנאַכט. די יעווסעקן זײַנען באַלד אַרײַן אין אַ באַזונדערן צימער אויף אַ באַ־

ראַטונג. מענטשן, וואָס זײַנען געווען אין די קולוואַרן, האָבן געהערט די געשרייען ממש ביז צום הימל, וואָס האָבן זיך געטראָגן פון יענעם צימער אַרויס. וואָס אויף יענער זיצונג איז באַשלאָסן געוואָרן און וואָס מען האָט דאָרט גערעדט, דאָס ווייס איך נישט צו דערציילן. אַזויפיל איז נאָר באַוווסט, אַז די זיצונג האָט זיך פאַרצויגן ביז 4 אַ זייגער פאַרטאָג, אַז דאָרט האָט מען מער נישט גערעדט, נאָר גע־שריגן און געקלאַפּט אין די טישן, און אַז פון צײַט צו צײַט זײַנען אַרויס מענטשן פון דאָרטן מיט צעפּלאַמטע פּנימער...

די יעווסעקן האָבן געזיגט. אָבער דאָס איז געווען פון יענע נצחונות, וואָס אויף זיי זאָגט דאָס ווערטל: נאָך איין זיג אַזוינער און דו ביסט פאַרלוירן.

איך בין אַוועק פון מאָסקווע אונטער דעם אײַנדרוק, אַז די יעווסעקן פילן זיך זייער שלעכט נאָך דעם זיג.

# אַרגענטינע

## מען בענקט אין בוענאָס-איירעס *

ביז צו דער מלחמה האָבן ייִדן געלעבט אין בוענאָס-איירעס אויף דערוויַיל. אין דער טיפעניש פון האַרץ האָט יעדער געהאַט באַהאַל־טענע האָפענונגען: אָט־אָט וועט זיך דאָס רעדל אַ קער טאָן, עפּעס וועט געשען און מען וועט צוריקפאָרן אַהיים.

אויף דערוויַיל האָט מען געלעבט, אויף דערוויַיל האָט מען חתונה געהאַט און אויף דערוויַיל האָט מען אַפילו קינדער חתונה געמאַכט. מען איז ריַיך געוואָרן, די געשעפטן זיַינען זיך צעוואַקסן, אָדער מען איז פאַרשוואַרצט געוואָרן אין אַ „טאַזשער" (שאַפּ, וואַר־שטאַט), אָדער מען איז גאָר געשטאָרבן אויף טובערקולאָז. די קעפּ זיַינען גרוי געוואָרן, און מען האָט געוואַרט, און מען האָט געבענקט.

עס איז אַ בענקשאַפט אַ נישט־קלאָרע, אַ נישט־באַשטימטע פון מענטשן, וואָס דאָס מזל האָט זיי פאַרטראָגן העט־וויַיט, אונטער אַ פרעמדן הימל און פרעמדע שטערן. מעג דער הימל זיַין ווי טיף בלוי, מעגן די שטערן בליַנאַכט בלאַנקען ווי העל דאָ אין אַרגענטינע — דאָס האַרץ נאָגט.

און שווער איז איַינצולעבן זיך מיטן געדאַנק, אַז אָט טאַקע דאָס איז עס, אָט דאָ בליַיבט מען, דאָ וועט מען אָפּלעבן דאָס ביסל באַשערטע יאָרן.

וויַיל קיַין אַרגענטינע איז דער עמיגראַנט פאַרטראָגן געוואָרן געווייִנטלעך פון עפּעס אַ שטראָם. אַהער איז ער פאַרוואָרפן געוואָרן.

---

* ה. ד. נאָמבערג איז געווען אין אַרגענטינע אין 1922 און אונטער־וועגנס נאָך פאַרעפנטלעכט אין וואַרשעווער „מאָמענט" זיין ציקל „אַרגענ־טינישע רייזע", עטלעכע מאָל איינגעשלאָסן אין זיינע ביכער, אויך אין „דאָס בוך פעליעטאָנען".

זעלטן איינער פון די ערשטע עמיגראַנטן איז געקומען מיט זײַן אייגענעם ווילן, מיטן אייגענעם באַשלוס. אָדער ער שטאַמט פון דער ערשטער „באַראָן הירש־עמיגראַציע" און איז געקומען מיט אַ „פּאַר־טיע", אָדער ער איז געלאָפן פון די פּאָגראָמען, אָדער עס האָט געפעלט אויף אַ שיפסקאַרטע קײַן ניו־יאָרק, אָדער אַן אַגענט פון אַ שיפס־געזעלשאַפט האָט אים פאַרנאַרט. כמעט יעדער האָט אַ געשיכטע, עפּעס אַ פּאַסירונג.

דער גאַנצער ישוב איז נאָך יונג, פריש, גרין, מען זעט נאָך אָן אַ — — — איר דערקאָנט נאָך אין דער אימיגראַציע די באַזונדערע כוואַליעס: די פון באַראָן הירש סוף אַכציקער יאָרן, די כוואַליע פון 1905 און גאָר די לעצטע פאַר דער מלחמה. עס איז אַזוי ווי מען גראָבט אין דער ערד, און אַנשטאָט איין־איינציקער מאַסע זעט מען אַ שיכט אָנגעלייגט אויף אַ שיכט, נאָך נישט פאַרמישט.

אויפן סאַמע דנאָ ליגט דער שיכט פון די „טמאים". קיינער ווייסט נישט, ווען און ווי אַזוי האָבן זיי געפונען דעם וועג אַהער.

אויב בענקען, מוז מען זאָגן, אַז אַממייניסטן בענקט דער פּויל־שער ייִד, ווײַל צו זײַן אַ פּוילישער ייִד אין אַרגענטינע איז אַ שטיקל אָפּקומעניש. ליטוואַקעס און אַפילו בעסאַראַבער באַציִען זיך צום פּוילישן ייִד פון אויבן־אַראָפּ. עפּעס קרימט מען מיט דער נאָז און מען מאַכט אַ זויערע מינע בײַ די ווערטער: „דער? ער איז אַ פּויל־שער". צי דערפאַר, וואָס אַ גרויסער פּראָצענט פון די פרויענהענד־לערס שטאַמט פון פּוילן און מען געדענקט די זינד פון די שולדיקע פאַר די אומשולדיקע?

אַ גרויסע ראָלע שפּילט דאָ דער פאַקט, וואָס דער ליטוואַק איז אַ ווילקענער און גרויסט זיך שטאַרק דערמיט. דער פּוילישער גילט פאַר אַן עולם־הזהניק. ער האָט ליב אַ ברידערלעכע סעודה מיט געבראָטענע גענדזלעך און ווײַן, און האָט ליב צו טאַנצן אַ „שער" אויף התונות, אַ זינג צו טאָן און אַ קלאַפּ צו געבן אויף די פּלייצעס.

בײַ אַזאַ סצענע פון פּוילישער לײַכטזיניקייט ציִען זיך אָן בײַם ליטוואַק די מוסקולן פון פּנים נאָך שאַרפער, נאָך רוגזדיקער. זײַן

ערנסטער און סטאַטעטשנער כאַראַקטער קאָן דאָס נישט פאַרטראָגן:
„אַ פוילישער". — ברומט ער.

דערצו נאָך האָט דער פוילישער ייִד אַ שטיקל שוואַכקייט צו זײַן היים. קיינער איז נישט מער צוגעבונדן צו דעם היימישן וועלדל און טײַכל, צו דער היימישער באַטור, ווי ער.

מיך האָט אויפגעזוכט אַ ייִד פון וואָלאָמין, אַ פּיצעלע שטעטל בײַ וואַרשע. ער איז שוין אַ יאָר 20 אין לאַנד: למען השם, איך זאָל אים זאָגן, צי דאָס קליינע וועלדעלע, — אינגאַנצן עטלעכע הונ־דערט בזשאָזעס האָרט בײַ דער באַן־ליניע — צי עס שטייט נאָך דאָרט? נישט ווײַט פון דאָרט האָט ער געוווינט.

דאָס וועלדל — האָב איך אים געזאָגט — האָבן די דײַטשן אויסגעהאַקט בשעת דער אָקופּאַציע.

— אַ כאָלערע אויף זייערע קעפּ! — האָט ער געשאָלטן. ער האָט געמיינט, אַז די דײַטשן זײַנען פײַנע לײַט, ער האָט זיך נישט געריכט, אַז זיי זאָלן טאָן עפּעס אַזוינס.

און אַ ייִד, וואָס האָט געהאַלטן אַ גאָרקיך אין וואַרשע און לעבט אויך אין לאַנד אַ יאָר 15, און האָט גאָרנישט דערלייגט צו אַרגענטינע, ווײַזט מיר אויף, אַז ס׳איז קיין מדינה נישט. אין דער היים אַ ווײַסל — איז דאָך אין דער היים אַ ווײַסל — איז דאָך דאָ אויף וואָס אַ קוק צו טאָן; אין דער היים, אַז מען האָט אָפּגעקאָכט צוויי פונט פיש, האָבן זיי פאַרשמעקט די גאַנצע גאַס. דאָ קאָכט מען פודן גאַנצע און ס׳איז נישטאָ קיין געשמאַק. די פירות האָבן נישט קיין ריח און דאָס פלייש האָט קיין טעם נישט. בײַ אונדז, איר געדענקט? אַ שטיקל געבראָטן קעלבערנס, ס׳איז צעגאַנגען אין מויל...

אַז ער איז דערוויַיל אַלט געוואָרן, און די נערוון פון דער נאָז און פון גומען זײַנען בײַ אים דערווײַל טעמפּ געוואָרן — דאָס פאַרגעסט ער.

ער האָט געלעבט אויף דערווײַל, און פרעגט אים בחרם, ווען ער איז אַלט געוואָרן.

אָבער עס איז געקומען די מלחמה, די וועלט איז געוואָרן אָפּ־געשניטן. די אַלטע היים איז איבערגעקערט געוואָרן, די האָפענונג זיך אומצוקערן — איז פאַרשוווּנדן, און אַן אינערלעכע שטים האָט אויסגערופן בײַ יעדן אין האַרץ די ווערטער פון אַלטן נביא:

„בויט הייזער, פלאַנצט ווײַנגערטנער".

און מען האָט זיך גענומען אײַנפונדעווען.

בוענאָס־אײַרעס, ווי איך האָב שוין אָנגעמערקט, האָט זייער אַ שיין פאָלקסלעבן. יונג־שוואַכלעך, אָבער סימפּאַטיש.

צוויי טעגלעכע צײַטונגען, וואָכנבלעטער, אַ ייִדיש טעאַטער, פיל ביבליאָטעקן, אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס, חברות און פאַרבאַנדן פרומע, פאָלקסטימלעכע און ראַדיקאַלע.

דער מאַסנמענטש שטייט דאָ אויף אַ העכערער שטופע ווי די ערשטע עמיגראַנטן קײַן צפון־אַמעריקע.

די ערשטע אײַנוואַנדערונגען קײַן ניו־יאָרק און שיקאַגאָ האָבן נישט געהאַט הינטער זיך אין דער היים אַ דור פון אַרבעטער־באַוועגונג, פון ייִדישער ליטעראַטור, פון ייִדישע צײַטונגען.

דער אײַנוואַנדערער קײַן אַרגענטינע שטאַמט פון אַ שפּעטערן דור. אין דער היים איז מען שוין דורכגעגאַנגען אַ געוויסע דערציִונג, אָדער מען האָט געהערט צו אַ פּאָליטישער אָרגאַניזאַציע, אָדער געווען אַ מיטגליד פון אַ ביבליאָטעק.

די ייִדישע מאַסע איז אין פאַרלויף פון דעם דור קולטורעל אויסגעוואַקסן, און דאָס פילט זיך שטאַרק אין דעם טאָן, אין דעם כאַראַקטער פון פאָלקסלעבן, אין זײַן געשמאַק.

כאָטש אָרעם איז דאָ אַלץ אין פאַרגלײַך מיט ניו־יאָרק. די פּראָפעסיאָנעלע אָרגאַניזאַציעס, אַזוי ווי די קולטורעלע. אָרעם און קרענקלעך אַ ביסל. נישטאָ דער לעבעדיקער פּולס, דער שטאַרקער לעבנס־אימפּעט, וואָס די אַנגלאָ־זאַקסישע ראַסע האָט איבערגע־פלאַנצט קײַן צפון־אַמעריקע און האָט אָנגעשטעקט דערמיט אַלע איבעריקע אײַנוואַנדערערס פון אַנדערע נאַציעס.

אַנשטאָט וויסקע טרינקט מען קאַווע, אַנשטאָט בייסבאָל שפּילט

מען אויף לאָטעריע־צעטעלעך און אויף פערד־וועטענישן, און מען פאַרשפּילט פאַרמעגנס.

די שפּיל־מאַניע איז דאָ אַן אומגליק, רויִנירט דאָס פאָלקס־פאַרמעגן. דער אָפּגעשפּאָרטער גראָשן, וואָס גייט אין אַנדערע לענדער אין די שפּאָר־קאַסעס, ווערט דאָ אויסגעגעבן אויף אַ צעטעלע. כמעט יעדן טאָג שפּילט אַ לאָטעריע, און הונדערטער טויזנטער וואַרטן אויף דער „גראַנדע" (דאָס גרויסע געווינס). מען הונגערט, מען לאָזט ווײַב־און־קינדער הונגערן און מען שפּילט. די שפּיל־מאַניע איז אַן ערגערע קללה ווי דער ביטערער טראָפּן.

בוענאָס־אײַרעס האָט אויפגעבויט דער דרום־מענטש, פאַר וועמען די „פלאַסאַ" (דער שטאָט־גאָרטן, סקווער) איז אַ גוטע היים, דער הימל איז אַ דאַך. דאָס לעבן שפּילט זיך אָפּ אין די גאַסן, אין די קאַפעס. אַהיים קומט מען נעכטיקן אָדער שיצן זיך פון אַ שלאַקס רעגן, ווען דער טראָפּישער הימל צעשפּילט זיך און גיסט, ווי פון צעבערס.

דערפון לײַדט דאָס פאַמיליע־לעבן זייער שטאַרק; ווײַל זעלטן אַ מענטש האָט דאָ אַ גוט־אײַנגעאָרדנטע היים. ייִדן, פאַרשטייט זיך, מוזן דאָס שפּירן נאָך מער ווי אַנדערע.

די שפּאַניער האָבן מיטגעבראַכט זייער סיסטעם פון בויען. פון אַרײַנגאַנג קומט איר אין אַ פירעקיקן קאַסטן, צווישן פיר מויערן, געוויינלעך נאָר איין שטאָק הויך. אויבן איז אָפן, דער אונטן איז אויסגעפּלאַסטערט מיט שטיינער. דאָס איז דער הויף. דאָ קומען זיך אַלע צוזאַמען, דאָ פאַרברענגט מען דעם גאַנצן טאָג, ווײַל די צימערן זײַנען קליינע, ענגע, מייסטנס אָן טאָג־ליכט, אָן פענצטער, און נאָר דינע ווענטלעך טיילן־אָפּ איין צימער פון צווייטן. אין אַזאַ הויף וווינען זעקס־זיבן פאַמיליעס, אַלע טירן גייען־אַרויס אין „הויף" אַרײַן. יעדער איז בײַ אַלעמען אויף די אויגן. וואָס איינער קאָכט, איז בײַ יעדן אין דער נאָז... דאָ ליבט מען זיך, דאָ קריגט מען זיך, דאָ כאַוועט מען קינדערלעך, אַלץ בײַ אַלעמען און פאַר אַלעמען אין די אויגן.

עס איז נישט אונדזער היים, ווו דער מענטש ווערט אַרומגע־נומען מיט דער אַטמאָספערע פון הויזלעכקייט.

פאַרברענגט טאַקע דער מאַן אין גאַס, לויפט טרינקען אַ קאַ־ווע, גייט אויף אַ פאַרזאַמלונג. די פרויען זיצן איינגעשפּאַרט.

ווײַל דער מנהג פון לאַנד גיט דער פרוי זייער ווייניק פרײַהייט. אַ יונגע פרוי, ווער שמועסט נאָך אַ מיידל, דאַרף אַליין נישט גיין אויף דער גאַס. גיין מיט אַ בחור שפּאַצירן איז קאָמפּראָמיטאַציע. אין אַ קאַפע־הויז טאָר אַ דאַמע זיך נישט ווײַזן.

און דער הימל איז דאָ אַ טיף־בלויער. ווינטן בלאָזן וואַרעמע. די לופט רייצט. און דער מענטש ווערט דאָ פריִער צײַטיק. ייִדישע טעכטער וואַקסן דאָ שיין און געראָטן, פאַרברענט פון דער זון, און היציקער נאָך זײַנען זייערע בליקן.

זעט איר טאַקע שוואַרץ־חנעוודיקע מיידלעך, צעבליט און מיט גליִענדיקע אויגן, נאָר... מיט טונקעלע שוואַרצע פאַסן אַרום די אויגן.

די נאַכט פאַלט־צו, די לופט ווערט קילער, קוקן־אַרויס פון טירן און פענצטער אומעטיקע, פאַרבענקטע פּנימער פון יונגפרויען, און איר קאָנט מיינען, אַז איר געפינט אײַך ערגעץ אין מזרח, אין דער טערקײַ, צי אין פּערסיע.

און אַז ס׳דערנענטערט זיך אַ יונגערמאַן, בלײַבט ער שטיין אויף די טרעפּלעך, זי אין קאָרידאָר, צי ער פאַרן פענצטער, זי — אונטערן פענצטער מיט די אײַזערנע קראַטן, און אַזוי שמועסט מען. לאַנג און פאַרטרוילעך שמועסט מען.



ש. ניגער

# אויף דער גרענעץ פון טויט און לעבן *

„איך האָט זיך געדוכט, אַז איצט שטייט זי אויף דער גרענעץ פון טויט און לעבן, אויף דעם פונקט, וו זיי רירן אָן איינער דעם אַנדערן און ווערן פאַרשלונגען איינער אין אַנדערן און זיינען איינס".
(ה. ד. נאָמבערג: „שוויג, שוועסטער")

...ה. ד. נאָמבערג שרייבט רויק, געלאַסן און אַ מאָל קאַלט, ווי בישט אים מיינט מען; אין זיינע ווערק ווערט גערעדט בלשון נסתם; ער אַליין מיט זיין איך פיגורירט אין זיי זעלטן; דאָך זיינען די ווערק זיינע ליריש. דאָס קילע ליכט. וואָס באַשפּינט זיינע העלדן, איז זיין ליכט; דאָס מידע, שטומע ליידן, וואָס קוקט פון זייערע אויגן אַרויס, איז זיין ליידן, און די סביבה, וואָס פון איר שטאַמען זיי, איז זיין סביבה: די אינטעליגענטישע און האַלב־אינטעליגענטישע יידישע באָהעמיע.

אין אָנהייב האָט ער, אַזוי ווי אַנדערע יידישע שרייבערס, זיך אויך אָפּגעגעבן מיט דעם פּאַרצייטיקן לעבן פון אונדזערע טאַטעס און מאַמעס: „דער רב און דעם רבס זון", „אין אַ פּוילישער סביבה" א"אַ. די דאָזיקע זאַכן אָבער זיינען שוואַכע: פאַראַן נאָך אין זיי אַ סך זייטיקע, בישט קיין וויכטיקע איינצלהייטן: עס פעלט נאָך אין זיי די גאַנצקייט, די אָפּגעשלאָסנקייט און די באַזונדערע נישט־קאַלטע, אָבער קילע אַטמאָספערע, וואָס רינגלט־אַרום די שפּעטערדיקע ווערק פון אונדזער שרייבער. נאָר עס פילט זיך שוין אויך אין אָט־די ערשטע פּראָבעס זיינע, אַז אים ציט צו אינטעלעקטואַליסטישע טיפּן, צו מענטשן, וואָס הגם זיי זיינען ווייך און ליריש,

* פון 2טן באַנד „וועגן יידישע שרייבער", יאָר (?), זז' 65—84.

טראַכטן זיי און גריבלען זיך אין לעבן פאַר זיך, אָפּגעשיידט, אָפּגעריסן פון די אַרומיקע. דעם רבס זון און יצחקל, דאָס עלף־יאָריקע יינגל, וואָס די מאַמע שיקט אים אָפּ צום טאַטן, מיט וועלכן זי האָט זיך געגט, און דער טאַטע — צוריק צו דער מאַמען („צווישן טאַטע און מאַמע") — זיינען קאַנדידאַטן אויף די שפּעטערדיקע טיפּן נאָמבערגס: זיי וועלן אין גיכן, אם ירצה השם, אַוועקלאָזן זיך אין די גרויסע שטעט, וועלן זיך באַזעצן דאָרט ערגעץ אויפן פינפטן שטאָק, אין ענגע צימערלעך, וועלן זיך קליידן „דייטש", וועלן אומגיין מיט ביכלעך אונטערן אָרעם און זוכן „שטונדן" און גמילת חסדים, און מייאש זיין זיך פון זיך אַליין, און פילאָסאָפירן וועגן דער וועלט, וועגן בודאַ און שאָפּענהויער, און אַרויסגעבן פון זיך די פליגלמאַנס און די בענדערס, און די שוואַרצוואַלדס, און די שייקערס, און די שלימ־מזלס — אַט־די אַלע לייט פון דער יידישער באָהעמיע, וואָס זיינען צעקריגט מיט זיך אַליין, אָבער נאָך מער מיט די אַרומיקע, און זיינען אייגנטלעך גאָר נישט קיין גרופּע, נאָר אַ סומע פון יחידים, וואָס לעבן יעדערער פאַר זיך, יעדערער מיט זיין אומעט און מיט זיין איינזאַמקייט...



... לעבן נאָמבערגס העלדן אַלע, ווי פעליאַ פיינשטיין, אויף דערווייל. אַלע האַלטן זיי ביי זיך אַ פלעשעלע ציאַן קאַלי. אַלע שטייען זיי אויפן שוועל פון טויט. אויב זיי בלייבן לעבן, איז עס נאָר, ווייל יעדע מינוט זיינען זיי גרייט צו שטאַרבן. אויב זיי שטאַרבן נישט, איז עס, אָדער ווייל זיי האַלטן עס פאַר איבעריק: צו וואָס שטאַרבן, ווען מען קאָן דעם טויט, די נירוואַנאַ, אַריבערטראָגן אין לעבן אַריין, אָדער — ווייל נעמען זיך דאָס לעבן פאָדערט דאָך אַ געוויסע ענערגיע. נאָמבערגס העלדן האָבן מוט, אָבער זיי האָבן נישט די קראַפט צו שטאַרבן. זיי האָבן נישט די קראַפט זיך אַ ריר צו טאָן פון אָרט, פון דער פאַרגליווערטקייט, אין וועלכער זיי זיינען אַריינגעטאָן. בלייבן זיי לעבן אַפילו, ווען זיי האָבן שוין קיין שום שייכות נישט צום לעבן. בלייבן זיי לעבן מיט אַ געשטאָרבענעם ווילן, מיט אַ ווילן צום טויט...

אויב אין נירוואַנאַ, אין זיסער פאַרגליווערטקייט, אין אומבאַוועגלעכ־קייט, קאָן זיין פּאָעזיע, קאָן זיין ליריזם, איז נאָמבערג דער פּאָעט, דער ליריקער פון נירוואַנאַ, ווו עמעץ אָן אויגן און אָן אַ געזיכט שטייט און פּאַכעט שטילערהייט מיט אַ געהיימען, ווייסן פליגל און פאַרשפּרייט אַרום לייטזעליקייט און רו. הערט, וואָס ער דערציילט: „אַ ווילדער פאַרלאַנג האָט מיך געצויגן אַהין, צו דעם אָפּגרונט דאָרט. עס האָט זיך געדוכט צו

רופן און צוצוזאָגן גליק און רו אין זיין טיפעניש. איך האָב געפילט, אַז גייענדיק אַהין, וועל איך מער נישט צוריקקומען; איך בין געבליבן שטיין פאַרזונקען אין געדאַנקען. פון הימל, אויבן, האָבן געווונקען די שטערן און האָבן דערציילט פון אייביקייטן, וואָס פאַר זיי איז גלייך פרייד און ליידן, גליק און אומגליק, לעבן און טויט" („צווישן בערג"). ווען די שטערן דערציילן נאָר פון אייביקייטן, וואָס פאַר זיי איז גלייך לעבן און טויט, איז שוין דער וועג, וואָס זיי, די קאַלטע שטערן, באַלייכטן, דער וועג פון טויט: דאָס לעבן קאָן נישט זיין גלייך צום טויט. איז עס נישט בעסער, איז בעסער דער טויט — — — מיט וואָס פאַר אַ שטילער, איינגעהאַלטענער, אָבער דאָך פאַרליבטער אַנטציקונג באַשרייבט נאָמבערג די מינוט, ווען פעליאַ פיינשטיין קלייבט זיך אויסצוטרינקען דאָס פלעשעלע קאַלי... „זי האָט זיך אויסגעטאָן און אָנגעטאָן קלאָרע וועש, דערנאָך האָט זי איבערגעצויגן די קישנס מיט ווייסע ציכלעך, איבערגעטוישט דאָס יילעך, אַזוי אַז איר געלעגער האָט געבלאַנקט שפּאָגל ווייס און ניי, אין איין העמד האָט זי זיך געשטעלט פאַרן שפּיגל, האָט אויפגעפלאָכטן אירע שוואַרצע האָר — דאָס שענסטע, וואָס איר איז געבליבן, און האָט זיי געלאָזט אַראָפּפאַלן פריי איבער איר קאָפּ און מיט שטילע רויקע טריט איז זי צוגעגאַנגען צום בעט און האָט זיך געלייגט. זי האָט זיך נישט געאיילט. זי האָט זיך אַריינגענומען אין זינען שטאַרבן רויק און שיין, נישט אין איילעניש און כאַפּעניש, נישט אין אַן אויפגערעגטער מינוט" — — —

...מיט אַזאַ שמייכל שטאַרבט אַ מענטש, וואָס דער טויט, דער זעלבסטמאָרד, איז פאַר אים נישט קיין פינצטערע קללה פון גאָט, נישט קיין אויסבראָך פון יאוש, נאָר עפּעס אַן אינטימער אַקט, אַ לאַנגגאַנעדיקער טרוים, אַ שטיל געבעט, אַ תּפילה צום גאָט פון בודאַ — עפּעס אַ „מיתת נשיקה"!



אַזוי שטאַרבן נאָמבערגס העלדן און — דאָס איז נאָך וויכטיקער — זיי לעבן אַזוי, זיי לעבן און אויפן לעבנסוועג באַגלייט זיי דער מלאך פון טויט, און אויף די ליפּן שוועבט דער שמייכל פון טויט. „אויף שוואַרצוואַלדס פּנים ליגט שטילקייט און אַ רויקייט פון אַ טויט פּנים". פעליאַ פיינשטיין שרייבט פאַרן טויט: „איך שטאַרב, שוועסטער. אייגנטלעך בין איך שוין לאַנג געשטאָרבן". דאָס איז נישט פעליאַס ווידוי אַליין. דאָס איז דער ווידוי פון אַלע נאָמבערגס העלדן.



...די טראַגעדיע פירט צום גלויבן, דאָס פעלן פון דער טראַגעדיע — צום סקעפּטיציזם. פון סקעפּטיציזם נעמט זיך גלייכגילטיקייט, ביטול־היש, ציניזם, מאָראַלישע נירוואַנאַ.

נאָמבערגס העלדן, וועלכע ווייסן נישט פון אמתן טראַגיזם, קומען, מחן קומען אין דער לעצטער תקופה פון זייער אַנטוויקלונג צום סקעפּטיציזם. נישט צום סקעפּטיציזם, וואָס שפּייט מיט גיפט און פייער, און ברענט און רייניקט די לופט, נאָר צום קאַלטן, גלייכגילטיקן נירוואַנאַ־סקעפּטיציזם. די פריערדיקע מדרגות זיינען: אָן אַ תכלית זיך מאַטערן, פאַרביטערונג, פאַר־צווייפלונג, מידקייט, ביטול. הייבט מען אָן שמייכלען פון דער וועלט, הייבט מען אָן שמייכלען פון זיך. ד״ר וויינשטיין (אין דער „קורסיסטקע"), וועלכער געפינט זיך שוין אין דער לעצטער פאַזע פון זיין אַנטוויקלונג און אין דעם מצב פון סקעפּטישער אַפּאַטיע — לאַכט טאַקע פון זיך אַליין: „דאָס וואָרט אַזוי האָט ער אויסגערעדט מיט אַ האַלבן שמייכל, אין וועלכן ס'איז גע־לעגן אַן אַרט איראָניע פון זיך אַליין". זעלבסט־איראָניע פירט צו זעלבסט־פאַראַכטונג. ד״ר וויינשטיין פאַראַכט זיך זעלבסט: „שטענדיק קליינלעכ־קייטן, שטענדיק האַלבקייטן, אָן קראַפט, אָן מוט... נידעריק, מיאוס!"



מער פון אַלע אָבער פאַרהאַסט און פאַראַכט זיינע העלדן דער שרייבער אַליין. אפשר, ווייל ער איז פאַרבונדן מיט זיי, וויל ער זיך פון זיי באַ־פרייען... איבסען, ווען ער פלעגט אָנשרייבן אַ ווערק, פלעגט ער זאָגן: „איך האָב זיך באַפרייט פון דעם דאָזיקן ווערק". — „פון אַ סך העסלעכ־קייטן מיינע — האָט געשריבן דער גרויסער רוסישער סאַטיריקער גאָגאָל — פון אַ סך העסלעכקייטן האָב איך זיך באַפרייט דורך דעם, וואָס כ'האָב זיי איבערגעגעבן מיינע העלדן". אָט־די שרייבערס, וואָס גיבן־איבער זייער העלד די פאַרהאַסטע אייגנשאַפטן פון זייער אייגענעם כאַראַקטער — אָט־די שרייבערס פאַרהאַלטן זיך שטענדיק צו זייער העלד מיט עפּעס אַן אומווילן, מיט אַ ביטערער איראָניע. נישט ווי צו אַ קינד, נאָר ווי צו אַ שטיפקינד; נישט ווי צום אייגענעם בילד, נאָר ווי צו דער אייגענער קאַריקאַטור. זיי פילן, אַז דאָס אומגליקלעכע בילד זייערס מוז ווערן באַזיגט פון דרויסן און איבערגעוואונדן פון אינעווייניק, און זיי ווילן מיט אים נישט שטיין אויף איין ברייט; זיי שטעלן זיך העכער פון אים. נאָמבערג אין זיינע ווערק שטרעבט שטענדיק צו שטיין העכער פון זיין העלד, אַפילו דאַן, ווען ער האָט אויף אים רחמנות. דאָס פילט זיך אין זיין אַרט שרייבן, אין זיין טאָן, אין דער רויקער, עפּישער קאַלטקייט, מיט וועלכער ער פאַרטויבט די צי־

טערדיקע סטרונעס פון זיין לירישן געמיט; דאָס פילט זיך אין דעם לייכטן, האַלב־פאַרבאָרגענעם, האַלב־אָפענעם שמייכל, מיט וועלכן ער באַגלייט שטי־לערהייט כמעט אַלע זיינע העלדן.

נאָמבערגס שמייכל וועט נישט יעדער פאַרשטיין, נישט יעדער וועט אים באַמערקן.



...און דאָס איז גוט, וואָס ער פּראָטעסטירט קעגן זיי, לאַכט פון זיי. אויב נישט, וואָלטן מיר, לייענערס, פון זיי געלאַכט. און נישט נאָר פון זיי, מיר וואָלטן פון שרייבער געלאַכט — פון שרייבער, וואָס זעט אַ לעבנס־טראַגעדיע, וווּ ס'איז נישטאָ קיין לעבן...

„וואָס טויגן קליינע, דאַרע, קראַנקע ביימעלעך?" וואָס טויגן זיי אין לעבן, פרעג איך, נישט וואָס טויגן זיי אין דער ליטעראַטור. ווען אין לעבן ביי אונדז וואָלטן זיי נאָר אַ צופעליקע זאַך געווען, וואָלט די ליטעראַטור מיט זיי זיך נישט געדאַרפט אָפגעבן; אויב די ליטעראַטור שילדערט אויך דאָס אָדער אפשר דווקא דאָס, וואָס אין דער ווירקלעכקייט איז נישטאָ, אויב זי שאַפט אַ נייע ווירקלעכקייט, איז זי, די ווירקלעכקייט, אַ שיינע, אַ שטאַרקע, אַ רייכע; טראַכט־אויס זונען, נים „שוואַרצע שאָטנס"; זי שאַפט צויבער־וועלטן, נים זייפנבלאָזן; און ווען די „קליינע, דאַרע ביימעלעך" וואָלטן נישט האָבן קיין ברייטע, טיפע וואָרצלען אין לעבן, וואָלט זיי אַוודאי נישט געלוינט „אויסצוטראַכטן". אָבער די קראַנקע ביימלעך, וואָס נאָמבערג מאָלט, האָבן זיך ביי אונדז אין לעבן פונאַנדערגעוואַקסן אין וועלדער גאַנ־צע; אומענדלעכע זומפן באַדעקן זיי מיט די דאַרע שווינדזיכטיקע צווייגן זייערע. די קלענסטע זאַך ווערט גרויס, ווען זי איז גרויס אין צאָל, און פליגלמאַן איז ביי אונדז נישט איינער. פליגלמאַנס זיינען ביי אונדז טויזנטער. פון אָט־די צעבראָכענע און צעקראָכענע נשמות שווימלט און גריבלט אין דער יידישער גאַס, ווי פון ווערעם, וואָס פאַרקריכן אין אַ קערפּער אַ פאַרפוילטן...

מיט דעם האָט זיך געלוינט אָפּצוגעבן.



נאָמבערג איז ביי אונדז פון די נישט פיל שרייבערס, וועלכע האָבן אַן עטישן און אַ פּסיכאָלאָגישן טאָן, וואָס ציט זיך דורך אַלע זייערע ווערק און רייסט זיך כמעט אין ערגעץ נישט איבער.

ב. י. ביאַלאָסטאָצקי

## אַ שרייבער פון דעם פרץ־דור *

... נאָמבערגס בצמצומדיקייט איז אַנדערש פון דעם צמצום און געמאָסטן וואָרט ביי אונדזער גרויסן מענדעלע. ביי אונדזער קלאַסיקער — נאָך זיין גאַנצער, גרויסער, קינסטלערישער געשטאַלטונג, וואָס האָט נאָך עד־היום קיין גלייכן נישט אין אונדזער ליטעראַטור — פילט זיך אַלץ דער באַוווסטזיניקער מייסטער, און דער מייסטער, וואָס טראָגט אין זיך צום טייל אויך אַ געוויסן קאָמפּלעקס. דעם קאָמפּלעקס פון וועלן באַשאַפן אַ קינסטלערישן יידיש! וועלן, און פילן דערביי אַ שטיקעלע שפלות... ביי ה. ד. נאָמבערגן — שוין נאָך מענדעלעס איפּטוואונגען — איז עס אַ זעלבסטפאַרשטענדלעכקייט. ער דאַרף זיך נישט פאַרענטפערן פאַר קיינעם, און אויך נישט פאַר זיך אַליין.

ביי נאָמבערגן ווייט אויך אַ ליכטיק־וועלטלעכער אָטעם אין זיין שורה, אַ געוויסע באַהעמישקייט, קלאַנג פון אייראָפּעישקייט און אַ געוויסער עסטעטיזם. אונדזער ערשטער מאָדערנער עסטעט.

... געמאָסטן וואָרט; אַזאַ נייס פאַר יענע יאָרן, אין וועלכע נאָמבערג האָט געשריבן; שטילער פלוס פון דער שורה, ווי דאָס טייכעלע; שטילער ריטעם און אַ פאַרבענקטע מעלאַנכאָלישקייט.

מע טאָר זיך אָבער ביי דער שטילקייט און מעלאַנכאָלישקייט נישט אָפּשטעלן. די וואָס האָבן דאָס געטאָן האָבן נאָמבערגן — און זיך — אַ רעה געטאָן. זיי האָבן נאָמבערגן נישט באַנומען אין זיין גאַנצקייט און האָבן אים אומזיסט פאַרזויגט פאַר אַ מעלאַנכאָליקער, פאַר אַ צעריסענעם, פאַר אַ „פליגלמאַן" (איינער פון זיינע העלדן), פאַר אַ מענטשן, וואָס כאָטש ער הייסט פליגלמאַן — האָט ער דאָך קיין פליגלען נישט.

... איך קען נישט מסכים זיין מיט יענע קריטיקערס, וואָס האָבן אַרויסגעלאָזט אַ שם אויף נאָמבערגן, אַז ער איז אַ צעריסענער, אַ פליגל־צעבראָכענער, וואָרן אויב אַזוי: פאַרוואָס האָט ער זיין „פליגלמאַן" געגעבן אין שאַרפן גראָטעסק?

---

* פון בוך חלום אין וואָר, עסייען, ב"י 1956, זז' 356—362.

נאָמבערג האָט אַ מאָל, אין „מאָמענט", זיך געוויצלט:

— איך בעט אייך, שטראָפט מיך ניט מיט נאָמבערגן!

און איך וואָלט דאָס פּאַראַפראַזירט און געזאָגט:

— שטראָפט נאָמבערגן ניט מיט זיינע העלדן!

און ווי קען מען נאָמבערגן שטראָפן מיט אוממעכטיקייט בעת ער גיט אונדז זיין פּרעכטיקן „שייקער און שלימזל", ווידער אַ מאָל אין אַזאַ שאַרפן גראָטעסק? זיינען דען דאָס מענטשן, וואָס ער נעמט־אָן? זיינען דען דאָס מענטשן, פון וועלכע נאָמבערג הייסט אונדז זיך לערנען, ווי צו לעבן אויף דער וועלט, ווי דאָס האָט געטאָן, צום ביישפּיל, אַ ראָדענבאַך אָדער אַ ד'אַנונציאָ אָדער אַ מעטערלינק אין זייערע מעלאַנכאָלישע געשטאַלטונגען, אין יענע סימבאָלישע, שאָטנדיקע טעג?

נאָמבערג, אין דער סביבה פון מענדעלע, אין דער סביבה פון אַ שלום עליכם — אין דער יידישער סביבה — זעט טאַקע אויך, ווי זיי, די געפאַלנקייט, די אַפּהענטיקייט, נאָר ער גיט עס אין אַ שטילערן טאָן, שטילער ווי שלום עליכם אָדער דוד פּינסקי. אָט אַזוי ווי אברהם רייזען גיט אויך די שלימזלדיקייט פון זיין „מלמד גרונעם" (אין „אַ שמעק טאַבאַק") אין אַ פיל שטילערן טאָן ווי אַ מענדעלע אָדער אַ שלום עליכם וואָלטן עס געגעבן. אַ שטילערן טאָן, צו יענער צייט, האָט אויך געבראַכט פּרץ הירשביין, און עטוואָס שפּעטער — אין ליד — דוד אײנהאָרן. זיינען זיי אַלע צעריסענע? הלילה! די אַלע טעאָריעס וועגן דער מעלאַנכאָליע פון נאָך דער רוסישער רעוואָלוציע (1907) האָבן קיין האַפט ניט. וואָרן וואָס האָבן נאָרוועגישע סימבאָליקער־מעלאַנכאָליקערס געהאַט צו טאָן מיט רוסלאַנד? שטילקייט, שוויגעניש, שטילע איבערלעבע ראַנגלעניש איז געווען אַ סימן מובהק פון דעם וועלט־סימבאָליזם אין אָנהייב פון 20סטן יאָרהונדערט. ווען נאָמבערג זאָגט, דורך די רייד פון זיין „שוויג, שוועסטער!", אַז זי זאָל דעם טרויער האַלטן באַהאַלטן טיף אין האַרצן און דאָס ניט אַרויסטראָגן אויף די גאַסן — מיינט עס דען געפאַלנקייט? אוממעכטיקייט מיינט בלויז — קינסטלעריש גענומען — די רייפונג און די טיפערקייט פון דעם מענטשלעכן טרויער.

נעמט, צום ביישפּיל, נאָמבערגס „צווישן בערג". זיין ליבע צו דער רייצנדיקער סאָגע און צו דער ווייסקייט פון דעם שניי אויף די בערג שטייגט דאָך אַריבער אַלע מעלאַנכאָלישקייטן פון די „שוואַרצוואַלדס". טאָ פאַרוואָס קלישע־מעסיק זינגען דאָס אַלטע לידל וועגן נאָמבערגס אוממאַכט?

אַזוי אויך זיין „קורס־סטקע". אַלע אוממאַכטיקע געשטאַלטן ביי אים ווערן אונדז צוגעטראָגן אין אַ גראָטעסק־ליכט. און אָט אַזוי אין אַנדערע ענלעכע זאַכן, וואָס זיינען דאָס כאַראַקטעריסטישע אין נאָמבערגס שאַפן.

...יאָ, די גראָטעסק־פיגור אין נאָמבערגס שילדערונג — דאָס זאָגט עדות, אַז מען טאָר נאָמבערגן ניט שטראָפן מיט זיינע העלדן.

היסטאָריש גענומען האָט נאָמבערג פיל אויפגעטאָן מיט זיין אַ ווענד טאָן זיך צו דער יוגנט און צו וועלטלעכקייט אינעם מאָדערנעם יידן. אין דער צייט, ווען עס האָט געשוועבט ביי אונדז די שטימונג פון פרצעס „צווישן צוויי בערג", איז נאָמבערג געקומען מיט זיין ראָמאַנטישן „צווישן בערג".

פרק: צוויי בערג: דער רבי און דער רב, די גייסטיקע ריזן.

נאָמבערג: בערג און יוגנט, בערג און צווישן זיי געשריי פון שניי אַרויס: קום, געליבטער — קום!

אין אַ געוויסן זין איז ה. ד. נאָמבערג דעמאָלט אַרויס פון דעם אָנגענומענעם נוסח פון אונדזער ליטעראַטור. ער האָט געוואַגט. וואָרן אַרויסצוגיין פון אַ נוסח איז אָפט אַ רעה פאַר אַ שרייבער. מע איז ניט געוווינט צו דעם. בפרט נאָך ביי אונדז, וווּ נוסח מענדעלע איז נאַציאָנאַלער נוסח און וווּ די ליטעראַטור האָט געדאַרפט פאַרבייטן, צום טייל, נוסח פון אונדזער מאַסן־לעבן, טעריטאָריאַלקייט, פאָלקלעכקייט, אייגנטום (ווי ב. ריווקין האָט געשריבן אין זיין גרויסער אַרבעט די ירושה־טענדענצן אין אונדזער ליטעראַטור). איך זאָג: ביי אונדז איז אַרויסגיין פון נוסח אָפט אַ פשוט אומגליק פאַר אַ שרייבער. פינסקי, דוכט זיך, האָט לאַנג געליטן, ווייל ער האָט גענומען נאָך מיט יאָרן צוריק אָפנייגן פון אָנגענומענעם נוסח. ער און אַנדערע. אָבער נאָמבערגן האָט אָפּגעגליקט. ער איז אַרויס פון נוסח, אַפילו פון דעם הויפּט־נוסח פון זיין יוגנטפריינד אברהם רייזען און פון שלום אַש, און האָט באַגליקט. נאָמבערג איז נאָך אַלע טענות באַלד אָנגענומען געוואָרן. נאָמבערג איז אַזוי באַליבט געוואָרן. דאָס אַליין איז אַ באַווייז קעגן דער „פליגלמאַנישקייט", וואָס מע וויל נאָמבערגן צושרייבן. אין דעם פאַקט אַליין שטעקט מער מזל ווי „פליגלמאַן" האָט געהאַט אין זיין גאַנצן לעבן.

יאָ, עס שטעקט אין דעם מזל און טאַקע אויך קינסטלערישער אמת. נאָמבערגס אַ זאַך האָט אויף דער יוגנט ניט געווירקט אַראָפּצופאַלן ביי זיך, נאָר פאַרקערט: אַרויסצורייסן פון זיך דעם נאַיוו־פילאָסאָפירנדיקן „פליגלמאַן".

איך וויל נאָך זאָגן צום סוף פון מיין טענה:

קען מען דען, צום ביישפּיל, פאַרשרייען מאַקסים גאָרקין פאַר אַ קינסטלער, ווען עס ציט „צום אָפּגרונט", צוליב די געפאַלענע געשטאַלטן, וואָס ער האָט געבראַכט אין זיין נאַ דניע? פאַרוואָס ניט? ווייל אין דעם אופן און מאַניר, ווי גאָרקי גיט זיינע מענטשן, זעט מען, פילט מען, אַז ער ציט: אַרויס פון אָפּגרונט! אַז זיין וועג איז — אַ ווייטערדיקער, אַ ליכטיקער, אַ ברייט־מענטשלעכער.

אין נאָמבערגס מערקווערדיקער ליבע צו זייַנע העלדן — אַפילו אין זייַן גראָטעסק — זעט זיך: רוף פון דעם מענטש ביים קלייַנעם טייכל. רוף און בענקשאַפט פון דעם פאַרוואָרפנסטן טייכל אין דער וועלט. רוף פון דער פאַרלוירנסטער נשמה, אַן איבערטריבענער אידעאַליזאַציע, ווי שלום אַשס „ישובניק־פייף" — נאָר פשוט און מענטשלעך.

און דערצו: נאָמבערגס אַ העלד איז ניט קיין טיפּ, וואָס ווייזט כלל, נאָר וואָס גיט זיך אַליין דעם יחיד. אויך מיט דעם האָט ער אָפּגענייגט פון דעם אידעישן ליטעראַטור־נוסח ביי אונדז אין יענע טעג. לדוגמה, פּישקע דער קרומער — מייַנט כלל, ניט אַזוי — פליגלמאַן!

אין איינעם פון די ווייניקע לידער, וואָס ה. ד. נאָמבערג האָט געשריבן, איז דאָ אַ שורה:

— בוי איך מיר אַ שיפעלע, צו פאָרן איבער ימען.

און דערביי אַ זייטיקע באַמערקונג: דאָס ליד איז אָריגינעל אָנגעשריבן געוואָרן פון נאָמבערגן ווי אַ „ליבע־ליד". אָבער אַז מען האָט גענומען דאָס ליד אויף דער העלפט — די רייזע איבער ימען — איז עס גאָר באַרימט געוואָרן ווי אַ קינדערליד. איז דאָך דאָס ווידער אַ באַווייז פאַר מיין פריערדיקער הנחה, אַז אַ ווערק איז הויפּטזעכלעך דאָס, ווי עס ווירקט, און וואָס עס טוט, און ניט וואָס עס איז אויף דער אויבערפלאַך.

אָבער איך דערמאָן דאָס ליד דאָ גאָר צוליב אַן אַנדער זאַך. די שורה: „בוי איך מיר אַ שיפעלע" איז אויך אַ שורה, וואָס איז כאַראַקטעריסטיש פאַר נאָמבערגס לעבן. נאָמבערגן האָט געצויגן איבער ימען און ער איז אַ סך אַרומגעפאָרן. אים האָט געצויגן צו זען די וועלט און צו זען די יידישע ישובים אין דער וועלט. און מיר האָבן אין נאָמבערגן געהאַט אונדזער בעסטן רייזנדיקן „משולח"; מיר האָבן אין אים געהאַט אַ מענטשן, וואָס האָט אומעטום געזאָגט דאָס אמתע וואָרט, וואָס האָט געוואַגט, און וואָס האָט געבראַכט איינפלוס און ליבע.

ווען נאָמבערג איז געווען אין סאָוועט־רוסלאַנד, האָט ער געהאַט צו זאָגן אַ סך לויב. אָבער אין דער זעלביקער צייט איז ער, פון די ערשטע, אַרויסגעקומען מיט שאַרפע רייד קעגן דער דעמאָלטיקער „יעווסעקציע" און ווי זי האָט אָנגעפירט די נאַציאָנאַלע קולטור־אַרבעט אויף דער יידישער גאַס. נאָמבערג האָט געטענהט: מען אַרעסטירט דאָרט פאַר נאַציאָנאַליזם. מען אַרעסטירט ניט — פאַר אַסימילאַציע, כאָטש דאָס האָט געדאַרפט זיין קעגן אַמאָליקע סטאַלינס רעדעס. נאָמבערג האָט ווייטיקדיק אויפגעוויזן, ווי מען האָט מורא צו פאַרוואָרצלען די יידישע קולטור־אַרבעט צווישן יידן. מע מאַכט איין טריט פאָרויס און צוויי טריט אויף צוריק.

נאָמבערג האָט פאָרויסגעזען די צרה, וואָס רוקט זיך אָן אין סאָוועטנ־

לאַנד אויף ייִדיש. און — ניט אַלע ייִדישע שרײַבערס און פּאָעטן, וועלכע האָבן דעמאָלט באַזוכט רוסלאַנד, האָבן עס געזען אַדער, ריכטיקער, געוואַגט צו זען!

און אַזוי איז עס אויך געווען, ווען נאָמבערג איז געווען אין ארץ־ישראל. אויך נאָמבערג האָט געזען דעם אויפטו אין די קבוצות. אָבער דאָך איז נאָמבערג געבליבן גאַנץ — דער גאַנצער נאָמבערג! — און ניט צעבראָכן, און ניט וואַקלדיק, און איז ניט געוואָרן קיין פּשרהדיקער שלום־זוכער; ער האָט זיך אָפּגעהיט צו טאַנצן אויף אַלע חתונות; ער האָט זיך אָפּגעהיט לולבדיק זיך צו שאָקלען אַהין און אַהער. קלאָר און אָפן, דײַטלעך און אָן פֿראַגע־צייכנס, האָט ער געשטראָפט די קבוצות און די הסתדרות פֿאַר זייער העברעיזם און פֿאַר זייער אָפּרײַסן דעם ארץ־ישראל־ישוב פֿון דער גאַנצער ייִדישער, מאַסאָווער קולטור־פּסיכיק.

נאָמבערג שרײַבט: „אין די קבוצות האָט מען מיר געזאָגט, אַז זיי קאָכן יאָ עפּעס אָ געקעכץ — פֿאַר אַ סינטעז מיטן „גלות”. אָבער ביז אַהער איז פֿון זייער געקעכץ גאָרניט געוואָרן”.

ער האָט זיך אָפּגעהיט צו זינגען לידער אין זיין גרוס; לידער וועגן דעם סנה, וואָס ברענט און וועגן שטיינער וואָס „זינגען שירה”. אין פּאָליטיק און אין „גרוסן” הייבן לידערישע טענער זייער אַ פֿאַרפֿירערישע זאַך. לכל עת! עס איז דאָ צייט פֿאַר לידער, און עס איז דאָ צייט — פֿאַר פּאָליטישן, קלאָרזעעוודיקן גרוס. מען טאָר אַזאַ מין גרוס ניט אַרומוויקלען מיט קלוימערשט־מיסטישע פֿראַגעס:

— ווער האָט צעריסן דעם בונד פֿון ייִדיש?

און נאָמבערג האָט געזען און געוואַגט.

נאָמבערג האָט געוווּסט: זיין „פֿליגלמאַן” מעג זיך וואַקלען, אָבער ניט ער. ניט נאָמבערג.

— שטראָפט נאָמבערגן ניט מיט זיינע „העלדן”!

און אין שייכות צו נאָמבערגס געזעלשאַפטלעכער זייט, צו זיין געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט, דאַרף מען ווידער און ווידער דערמאָנען נאָמבערגן דעם העברעיש־קענער און דאָך — קעמפער פֿאַר דער חשיבות פֿון דער ייִדישער שפּראַך, פֿאַרן פֿאָלקיסטישן ייִדישיזם, פֿאַר אונדזער מאַסאָווער געזעלשאַפטלעכקייט. נאָמבערג האָט אַזוי פֿיל בייגעטראָגן צו דער אָרגאַניזירונג פֿון דער טשערנאָוויצער קאָנפֿערענץ. נאָמבערג האָט גאַנץ און אָפֿן געבויט דעם בנין פֿון דער ייִדישער געזעלשאַפֿטלעכקייט אויף דער ייִדישער שפּראַך. קומענדיק פֿון העברעיש, פֿון ישיבה, האָט ער דאָך פֿאַרזיגלט זיין לעבן מיט ייִדיש; און ער איז געגאַנגען אָן פּשרות, אָן טאַנצנדיקע שפּרונגען אַהין און אַהער.

## אַלטער קאַציזנע

# צווישן צוויי קעגנזעצלעכע פּאַליוסן *

...אַמאָל, אויף צעגלאַנע 1, האָב איך אין מיטן הויף באַגעגנט אַ מענטשן. ער איז געגאַנגען פון פרצעס טיר. איך — צו פרצעס טיר. האָבן מיר זיך געטראָפן און געמיטן. און שפּעטער זיך אומגעקוקט איבערן אַקסל, זיך אומגעקוקט. זיך אָנגעקוקט און צעגאַנגען זיך.

איך געדענק נישט, צי האָב איך זיך אָנגעשטויסן, אַז דאָס איז נאָמבערג, נאָר אַ מחשבה האָט מיר אַ בליץ געטאָן: אָט איז אַ מענטש, מיט וועלכן איך וועל קיין מאָל נישט באַקענט ווערן.

איך גלייב אין דער וואָגיקייט פון ערשטן אייגדרוק. שפּעטער קומט צו הילף די לאָגיק און גריבלט־אַרויס גרויפּנסווייז פון דער פּאַרטיקער, עקספּרעסיווער אַרבעט פון אונטערבאַוווסטזיין.

וואָס פאַר אַ טענות האָב איך שפּעטער געהאַט נאָמבערגן אויסצוזעצן? נישט קיין שריפטשטעלערישע טענות זיינען דאָס געווען.

כ׳האָב נישט געקאָנט אים מוחל זיין די באַהעמישע הפקרות זיינע. אַן אַנדערן וואָלט איך עס לייכט מוחל געווען. אים נישט. אַ מענטש מיט אַזאַ גרויסן מוח, מיט אַזאַ וואָגיק וואָרט, מיט אַ וואָרט, וואָס אַפילו אין שפּאַס קלינגט פון דעם דער ערנסט אַרויס — ווי שיקט זיך עס?

מיט זיינע באַהעמישע גענג האָט ער אין מיינע אויגן אונטערגעשוועכט נישט נאָר זיין אייגן געוויכט, נאָר מיין גאַנצן איך האָט ער בטל געמאַכט. עס האָט מיך מער ווי שאָקירט. ווייל אויב ערנסט מיט הפקרות איז אַ גלייכער שידוך, טאָ וואָס־זשע בין איך אויף דער וועלט? אַ מאַסקע פון גייענדיקן ערנסט? אַ שאַבלאָן? אַ מיספאַרשטענדעניש? היינט גיי — טראָג־אַרויס איבער זיך אַ טויט־אורטייל!

---

* צום 25יאָריקן יובילײ פון ה. ד. נ., ליטעראַרישע בלעטער, נ׳ 17, וואַרשע, 1924.

פאַרשטייט זיך, אַז איך וואָלט געדאַרפט זאָגן, אַז די מיספאַרשטענדעניש איז ער, נאָמבערג. אָבער דאָס האָט מיר מיין געוויסן נישט דערלאָזט. אָט־דער באַהעמע־מאַן האַלט פאָרט אין דער האַנט אַ קלוגע און כשרע פען.

און דאָס ערגסטע איז, וואָס ער, נאָמבערג, דער קלוגער קאָפּ, איז משפּיע אויף יונגע שריפטשטעלערס. נאָך פאַר פרצעס לעבן האָט זיך נאָמבערגס השפּעה געלאָזט פילן אויפן ייִנגערן דור ליטעראַטן. גאָר אָן אַ דראַנג צו געוועלטיקן, מיט דער קלענסטער אָנשטרענגונג פון גרויסן שכל האָט ער געפּראַוועט טיש אויף דעם יונגן ייִדישן ליטעראַרישן הויף.

דאָס זיינען געווען מער אָדער ווייניקער טאַלאַנטירטע נאָמבערגלעך, נאָר אָן זיין שכל, אָן זיין אינטעליגענץ און אָן זיין קולטור־היפּערטראָפיע, וועלכע האָט אים אַראָפּגעבראַכט קיין וואַרשע צו פרצן אַ פאַרטיקן מענטש, אַ פאַרטיקן צווייפלער, אַ מאַן מיט אַ האַרץ, וואָס איז ביז העלפט פּאַראַליזירט פאַר אַלץ אין דער וועלט אויסער הפקרות און וואָס די צווייטע העלפט דופקט נאָך מיט אַ הויכן ריטמישן און עטישן טעמפּאָ. און ווי דאָס האַרץ — אַזוי זיין פּנים.

יאָ, ביסלעכווייז האָב איך תופס געווען, איינגעביסן די דאָזיקע צווייפּנימדיקייט נאָמבערגס, צווייפּנימדיקייט נישט אין באַליידיקנדיקן זין, חלילה, נאָר אין ריין־פיגורעלן.

כ'האָב דאָס פאַרשטאַנען נאָך איידער נאָמבערג האָט אונדז באַוויזן זיינע פּנימער דורך דער קרישטאָלענער פּריזמע פון „ראַיאַ־מאַנאַ". און פאַרשטיין טייטשט: פאַרגעבן.



..וואָס איז מערקווערדיק אין נאָמבערגן — דאָס איז דאָס איינלעבן זיך פון צוויי מענטשן אין אים, די האַרמאָניע כמעט צווישן צוויי קעגנזעצלעכע פּאָליוסן.

דער צווייטער מענטש, דער „הייד" נאָמבערג, ווי די לייענערס רופן אים אומבאַוווסטזיניק, וואָלט געקאָנט און וואָלט באַרעכטיקט געווען צו טאָן כל דבר אָסור; ער טוט עס אָבער נישט.

אויפן יובליי־אָוונט פאַר נאָמבערגן האָט אַש גענומען דאָס וואָרט און אָנגעהויבן זיין רעדע אַזוי:

— „אין אָנהייב איז געווען גאָרנישט"...

געמיינט האָט אַש די ייִדישע ליטעראַטור. איך האָב אָבער געמיינט, אַז ער מיינט דעם התן־היובל און אַ ציטער האָב איך געטאָן פון דער טרעפלעכקייט פון אויסדרוק.

וואָס איז נאָמבערג געווען ביי זיין אַראָפּקומען צו פּרצן? אַ פּאַרטי־קער מאַטעריאַל אויף שכלדיקן „גאָרנישט”.

פּרץ האָט פאַרשטאַנען, אַז דער מענטש פילט נישט, וואָס ער זאָגט אַרויס. איך שטעל מיך פאָר פּרצעס ווייטיק ביים אָנקוקן דעם דאָזיקן מוח אויף צוויי פיס.

...אויב נאָמבערג איז דאַן אַליין נישט פאַרסמט געוואָרן און נישט פאַרסמט די לופט אַרום זיך, איז דאָס אַ סימן, אַז שוין דאַן איז מיט אים מיטגעגאַנגען דער צווייטער נאָמבערג, דער עטיש־יידישער.



איך האָב דעם איינדרוק, אַז איינער פון די הויפּט־מיטלען אַראָפּצו־וואַרפן פון זיך דעם נשמה־פּרעסערישן סקעפּטיציזם איז ביי נאָמבערגן געווען זיין אייגענע בעלעטריסטישע טעטיקייט. פאַר דער יידישער ליטע־ראַטור איז דאָס געווען אַ גרויס געווינס צו יענער צייט. די ערשטע גרויס־שטעטישע, אינטעליגענטישע נאָוועלע.

פאַר מיר איז דאָס נאָמבערג דער זעלבסט־באַקעמפער אין פאַרשיידענע וואַריאַנטן.

ער האָט אַרויסגעשלעפּט אויף דער ליכטיקער שיין אַ גאַנצע גאַלע־ריע פון שכלדיקע טויגעניכצן, פון אינטעליגענטישע, נישט־דערפאַרענע זעלבסטמערדערס מיט זשעסטיקולירנדיקע מוחות און אָפּגעפאַלענע הענט — טיפּן, ענלעכע איינע צו די אַנדערע, ווי לייבלעכע שוועסטערקינדער.

אין זיי האָט ער לאָקאַליזירט זיין סם, ווי גאָיאַ אין זיינע קאַפּריטשיאָס. און דורך זיי האָט ער זיין סם אָפּגעטויט, ווי געטע האָט זיך געקליגט אָפּ־צוטויטן אַ שעדלעך ליבע־געפיל דורך איבערדיכטן אים. דאָס איז געווען אַ פאַרצווייפלטער און העכסט־געלונגענער עקספּערימענט, אַן עקספּערימענט, וואָס דערמאָנט אין דעם אינדישן כירורג, וועלכער מאַכט אַליין איבער זיך אַ געפערלעכע אָפּעראַציע. און אַז די אָפּעראַציע האָט זיך נאָמבערגן איינ־געגעבן, האָט ער צעבראָכן דעם טאָפּ מיט די „פליגלמאַנס”, אָפּגערוקט אין אַ זייט דעם קרישטאָלענעם שפּאַקטיוו פון „ראַיאַ־מאַנאַ” און אָפּגעאָטעמט מיט דער פולער ברוסט פון אַ געזונטן פּובליציסט.



נאָמבערג איז מער ווי אַ בעלעטריסט און מער ווי אַ שריפטשטעלער.

נאָמבערג איז, לויט זיין פּאַטענץ, אַ רענעסאַנס־מענטש. כ'מיין דערמיט צו זאָגן: ער איז ענלעך צו יענע שעפערישע נאַטורן פון רענעסאַנס־צייט,

וועלכע האָבן געקאַנט אַרויסווייזן זייער טאַלאַנט גלייכצייטיק אויף פאַר־שיידנאַרטיקע געביטן. עס פעלט אים אָבער זייער וואַגונג צו טאָן. און בלויז דעריבער איז ער פאַר אונדז שריפטשטעלער, ווייל זיין טאַט באַגרענעצט זיך מיטן וואָרט.

ס'איז אַ פאַקט, אַז ער איז דער שעפער פון דער עלעגאַנטער און אין די טיילן דורכגעטראַכטער נאָוועלע פון אונדזער ליטעראַטור. ס'איז אַ פאַקט, אַז ער איז דער ערשטער מייסטער פון אַן אַרטיקל — אַ קונסטווערק אין אונדזער פובליציסטיק.

דער מענטש האָט אַ קלאָרן, אַ לויטערן קוק פאַר דער פאָלקס־גאַנצקייט און גייסטיקער פאָלקס־געזונטקייט. נישט געוואַקלט שטייט ער מיט אַ גלענצנ־דיקער פען אין קאַמף פון אַזעלכע לעבנס־זאַכן, ווי די יידישע שפּראַך און די יידישע שול. אַ רויקע, טיפע איבערצייגונג אָטעמט־אַרויס פון זיין וואָרט, אַ גלויבן און אָפּטימיזם. נאָמבערג האָט אַ גרויס פאַרשטענדעניש און באמת אַ וואַרעם האַרץ פאַר דעם גרויסן, דערווייל נאָך שטומען קינד, וואָס הייסט פאָלקסמאַסע.

ער איז ערנסט, גלייביק און באַהאַרצט.

און, ווי וווּנדערלעך דאָס איז, בעת מען דערמאָנט זיך, אַז „פון אָנ־הויב איז געווען גאָרנישט"... אַז אַראָפּגעקומען איז ער צו אונדז אַ צע־בראָכענער צווייפלער, וועלכער האָט געצווייפלט אַפילו אין דער ממשות פון גייסטיקער באַפרידיקונג, ווען מען פרץ האָט צוגערעדט צו שרייבן אויף יידיש און וועלכער האָט עפּעס אַ ווינקל אין דער נשמה, וווּ אַ צווייטער נאָמבערג, דער הייד נאָמבערג, פּראַוועט מעסעס לכבוד דעם אָפּגאָט פון באַהעמעדיק־מהיכי־תּיתּידיקער הפקרות, ביי דעם ווייִרויך פון דער וועלט־קאָוויאַרניע, אונטער די פליגל פון נירוואַנאַ. באמת אַ וווּנדערלעכע מעטאַמאָרפאָזע.

וואַקסט ער אַרויס פון דער נאָוועלע, שטעלט ער זיך אין די רייען פון פובליציסטיק, נענטער צום אָטעם פון לעבן. איז אים ווייניק די פען — לאָזט ער זיך אַריין אין געזעלשאַפטלעך־פּאָליטישן קאַמף.

א. ליטוואַק

# וואָרטקונסט וואָס וועט איבערלעבן אַ סך *

...אין אונדזערע ליטעראַרישע קרייזן איז פֿאַראַנען אויך אַזאַ מיינונג. אַז נאָמבערג איז נישט קיין וואָרטקינסטלער, נאָר אַ זשורנאַליסט, און זיינע נאָוועלן זיינען נישט מער ווי פֿעליעטאָן און פּובליציסטיק. דאָס איז אַ גרויסער טעות, וועלכער שטאַמט אפֿשר דערפֿון, וואָס ביי אונדז איז מען געוווינט אָפּצושאַצן עלטערע שאַפֿונגען, מעסטנדיק זיי מיט דער מאָס פֿון אונדזערע לעצטע שבֿלעצטע פֿאָרעם־דערגרייכונגען. פֿונעם דאָזיקן שטאַנדפּונקט קאָן אויסקומען, אַז אין נאָמבערגס נאָוועלן איז די פֿאָרעם נישט קיין פֿעסטע, אָפּט אַפֿילו אַן אומבאַהאָלפֿענע, אים פֿעלט אָרנאַמענטיק און ציטנוויז דערציילט ער מער ווי ער מאָלט. אָבער ווען מ׳זאָל מעסטן אַלץ מיט דער מאָס פֿון דער לעצטער רגע, וועלן מיר מוזן אויסמעקן פֿון דער בעלעטריסטיק אויך דיקענסן, טעקערייען און אַנדערע גרויסע. וועגן אונדזער מענדעלין איז דאָך שוין אָפּגערעדט, און אַ סך פֿון אונדזערע יונגע לייקענען טאָקע אין גאַנצן זיין באַדייטונג ווי אַ בעלעטריסט. זיי פֿאַרגעסן, אַז אונטער אַלטע און אַפֿילו פֿאַרעלטערטע פֿאָרמען קאָנען זיך אַ מאָל געפֿינען באַדייטנדיקע קינסטלערישע ווערטן, בעת אין דער בייסטער פֿאָרעם קאָן אָפּט שטעקן נישט מער ווי לייכט־איבערגענומענע טעכניק.

אין נאָמבערגס „צוויי בערג״ איז יעדער שטריך בולט און דאָס גאַנצע בילד קרעפֿטיק און שטימונגפֿול. ס׳מאַכט אויף אייך אַ לאַנגדויערנדיקן איינדרוק. די „קורסיסטקע״ איז לויט איר פֿאָרעם אַ סך שוואַכער איידער „צווישן בערג״, אָבער נאָמבערג ווייזט דאָרטן אַרויס אַ פֿאַרשטענדעניש פֿאַר אונדזער נייער קעמפֿנדיקער אינטעליגענץ (די יידישע אַרבעטער־מאַסע איז ביי אים כמעט אין גאַנצן נישטאָ) — דאָס וואָס פֿעלט דעם גרעסטן טייל פֿון אונדזערע בעלעטריסטן. לייענענדיק אָט־די ביידע דערציילונגען, פֿאַרדריסט,

---

* צום 25יאָריקן יובילייִ פֿון ה. ד. נ., ליטעראַרישע בלעטער, נ׳ 18, וואַרשע, 1924.

פּאַרוואָס נאָמבערג האָט אַזוי פרי כמעט אין גאַנצן אַוועקגעוואָרפן די שיינע ליטעראַטור. און עס דוכט זיך, אַז גראָד ער איז אפשר געווען בכוח צו געבן אונדז אַ גרויסן לייוונט, אַ ראָמאַן פון אונדזער מאָדערנער אינטעליגענץ, וועלכע האָט געטריבן די רעדער און אונטערגעשטופּט דעם וואָגן פון אַלע באַוועגונגען, וואָס מיר האָבן דורכגעמאַכט אין די לעצטע דריי צענדליגג יאָרן פון שטורעם און דראַנג.

און נעמט זיין „פליגלמאַן". ער איז דאָך ביי אונדז געוואָרן אַ שם דבר פאַר אַ באַשטימטן טיפּ אין דער יידישער ווירקלעכקייט פון אונדזער דור, אָט ווי רודין, ווערכאַוועסקי אָדער נעכליודאָוו ביי די רוסן. הייסט עס דאָך, אַז נאָמבערגן האָט זיך איינגעגעבן צו אָרגאַניזירן אין פליגלמאַנען אַ שטיק פון אונדזער לעבן. וואָס איז דאָס, אַז נישט בעלעטריסטיק?

פליגלמאַן און זיינע לייבלעכע ברידער בענדער („אַ שפּיל אין ליבע", „בריוו") און פיינער („אויף איין קוואַרטיר"), אָט די אייביקע גריבלערס, וואָס האַלטן נאָכאַנאַנד אין באַשטימען זייער באַציונג צום לעבן און קאָנען זיך בשום אופן נישט אָנכאַפּן אין לעבן גופא, די צעקראָכענע נשמות, וואָס פילן אַ קאַצניאָמער נאָך איידער זיי האָבן צוגעטראָגן דעם בעכער צום מויל, די נודניקעס, וואָס זיינען אַליין נישט פעיק אויף קיין אַקטיוון געפיל און קאָנען נאָר פאַראומערן דאָס לעבן פון די יעניקע, צו וועלכע זיי האָבן פּרעטענזיעס זיך צוצוקלעפּן — ווי קומען זיי צו אונדז, צו אַ פאָלק, וואָס צייכנט זיך אויס דווקא מיט ווילן און אימפּעט, וואָס קלאַמערט זיך מיט אַלע כוחות אין לעבן און איז אַ היסטאָרישער בריה זיך צו אים צוצופּאַסן? ווי קומען זיי צו אונדז אין די לעצטע צענדליגג יאָרן, ווען אונדזער אַקטיווקייט האָט זיך שטאַרק געהויבן? און דאָך זיינען די פליגלמאַנס פלייש פון אונדזער פלייש און ביין פון אונדזערע ביינער. ווער ווייס, אפשר זיינען זיי אַ רעשטל פון אונדזער נעכטיקן קליינשטעטלשן גלות, וועלכער איז געוואָרן טראַגיקאָמיש אין באַגעגענישן מיטן פרישן שטראָם פונעם שטורעמדיקן היינט; און אפשר זיינען זיי די לינקע, די פאַרקערטע זייט פון אונדזער אימפּעט, די דעגענעראַציע פון אונדזער הו־האַ... און נאָמבערגס פליגלמאַן איז, חלילה, נישט געבליבן קיין בעזדיעטניק * — אין אונדזער בעלעטריסטיק. וואָרום סוף כל סוף, וואָס איז ביינוש רובינשטיין פון בערגעלסאָנס „אַרום וואָקזאַל", אויב נישט אַ פליגלמאַן? און מירעלע אין „נאָך אַלעמען" איז דען נישט קיין גלגול פון פליגלמאַנען? בערגלסאָן האָט עס אַנדערש אויסגעפּאַסט, אַוועקגעשטעלט אין אַ סך אַ ברייטערן מאָסשטאַב,

---

* קינדערלאָזער, עקר.

אָבער דער תוך איז דער זעלביקער: אַנעמיע פון אַלע לעבעדיקע געפילן, אַ צעקראָכענע קעגנשטאַנדסלויזע בענקשאַפט — אַ רעזולטאַט פון דעגענעראַציע, פון „נאָך אַלעמען״.

...נאָמבערג איז ווייניקער ווי אַלץ אַ זשורנאַליסט. וואָרום אַ זשורנאַליסט פון באַרוף — וועגן בעלי־מלאכות רעדט מען ניט — איז דאָך אַ קעמפער, אַ כלל־טוער. נאָמבערג קאָן זיך אַ מאָל אויף אַ ווײַלע אָנוואַרעמען פאַר עפּעס, און דאָס עפּעס קאָן אַ מאָל זײַן אַזאַ וויכטיקע זאַך, ווי די יידישע שול; אָבער בכלל איז ער נישט פון דעם טייג, פון וועלכן מען קנעט אמתע זשורנאַליסטן. נישט דער טעמפּעראַמענט, נישט די פּאַראינטערעסירטקייט און אויסדויער.

... אין דעם, וואָס מ׳רופט נאָמבערגן „זשורנאַליסט״, איז פאַראַן איין זייט, וואָס פאַרדינט די גרעסטע אויפמערקזאַמקייט. דאָס זײַנען נאָמבערגס פעליעטאָנען — דער „כלל־טוער״, „טאָלעראַנץ״ אד״גל. לויט זייער פאָרעם זײַנען זיי אויסערגעוויינטלעך שיין און געשליפן. זיי פלאַטערן איבער די אַקטועלע פראַגן פון טאָג מיט אַ ווייטן אויסבליק אין דאָס אַלגעמיינע, וואָס קאָן זײַן אמת און וויכטיק נישט בלויז פאַר היינט, נאָר אויך פאַר מאָרגן און איבערמאָרגן. און מעג זײַן, אַז בנוגע דעם קאָנקרעטן פּונקט, פון וואַנען דער שרײַבשטעלער איז אַרויסגעגאַנגען, האָט איר דורכויס אַן אַנדערע מיינונג, דאָך וועט אײַך זײַן פעליעטאָן פאַרשאַפן אַן עסטעטישן גענוס, ער וועט אָפּפרישן און מאַכן אײַער מוח זיך לעבהאַפטער צו באַוועגן.

ס׳האָט גאָרנישט צו טאָן מיטן געוויינטלעכן האַלב־פּובליציסטישן אָדער לייכטן פלוידער־פעליעטאָן. דער נאָמען פעליעטאָן איז דאָ אייגנטלעך נישט אויף אַן אָרט, צו־וואָכעדיק. דאָס איז אַ גייסטרײַכע, שאַרפזיניקע קאָזערי, וועלכע ווירקט אויפן געמיט, ווי שוימענדיקער שאַמפּאַניער. נאָמבערג איז אַ מייסטער פון דעם מין. רופט עס, ווי איר ווילט — איך באַשטיי נישט אויפן נאָמען — אָבער וואָרטקונסט איז עס געוויס און דאָס וועט אפשר איבערלעבן אַ סך דערציילונגען, וועלכע מען טראָגט בײַ אונדז איצט אַרום אויף טעלער.

יעפים ישורין

# הערש דוד נאמבערג ביבליאגראפיע

## וועגן ה. ד. נאמבערג אין יידישע ביכער

**אבראמאוויטש, ר.**

1 בערלין־היידלבערג, אין צוויי רעוואלוציעס, ערשטער באנד, ניו־יארק 1944, ז' 341.

**אלגין, מ.**

2 ה. ד. נאמבערג, קולטור און פאלק, נ"י 1949, זז' 202—211.

**אלמי, א.**

3 חסידות — אלטפרענקיש און מאדערן, ליטעראַרישע נסיעות, ווארשע 1931, ז' 150.

4 ה. ד. נאמבערג, מענטשן און אידייען, ווארשע 1933, זז' 255—261.

5 מאמענטן פון אַ לעבן, בוענאס־איירעס 1948, זז' 25, 102, 117, 131, 193.

**באטאשאנסקי, יעקב**

6 פארטרעטן פון יידישע שרייבער, ווארשע 1933, זז' 54, 107.

7 ביכער, ליבע, הונגער און אַ ניי לעבן, די לעבנסגעשיכטע פון אַ יידישן זשורנאַליסט, ב' 2, ב"א 1942, ז' 39.

8 מאמע יידיש, ב"א 1949, זז' 193, 200, 205, 217, 270.

9 ה. ד. נאמבערג, פשט, ב"א 1952, זז' 7—29, 31, 34, 71, 74, 240.

**בארוויטש, מיכאל**

10 1000 יאָר יידיש לעבן אין פוילן, פאַרשונג ־ צענטער פאַר געשיכטע (ביים פאַרבאַנד פון פוילישע יידן אין פראַנקרייך), פאַריז, [יאָר ניט אנגעגעבן], זז' 166, 170, 172, 360.

**באריישא, מנחם**

11 ווארשע — אַ בישט דערקענטע שטאט, עסייען, ב"א 1956, ז' 233.

**ביאלאסטאצקי, ב. י.**

12 דער גאַנצער נאמבערג, עסייען, נ"י 1932, זז' 230—232.

13 ה. ד. נאמבערג, חלום און וואָר, עסייען, נ"י 1956, זז' 356—362, 372.

**ביקל, שלמה**

14 ה. ד. נאמבערג, דעטאַלן און סך־הכלען, נ"י 1943, ז' 237.

15 ה. ד. נאָמבערג, די יידישע עסיי, נ״י 1946, זז׳ 94—96, 183—185.

**בעל־מחשבות**

16 געווידמעט ה. ד. נאָמבערגן, געקליבענע שריפטן, ב׳ 1, ווילנע 1910, זז׳ 181—185.

17 ליטעראַרישע מאָנאַטסשריפטן, שלום אַש און ה. ד. נאָמבערג, געקליבענע שריפטן, ב׳ 2, ווילנע 1910, זז׳ 87—89.

18 דריי שטעדטלעך, בעל מחשבות שריפטן, ב׳ 3, ווילנע 1923 ז׳ 7, 92, 107.

19 בעל מחשבות שריפטן, ב׳ 4, ווילנע 1923, זז׳ 31, 33, 38, 42, 86, 91, 95, 121, 122, 178.

20 בעל מחשבות שריפטן, ב׳ 1, ווילנע 1927, וואַרשע 1929, זז׳ 148, 181—185, 206.

21 בעל מחשבות שריפטן, ב׳ 2, ווילנע־וואַרשע 1929, זז׳ 59, 82—84, 85, 86.

22 געקליבענע ווערק, נ״ר 1953, זז׳ 63, 65, 69, 72, 101, 107, 258—261.

**בערדיטשעווסקי, מ. י.**

23 פאַר דעם טאַראַראַם, יידישע כתבים, ב׳ 2, נ״י 1951, ז׳ 195.

**גאָלדקאָרן, י.**

24 י. מ. ווייסענבערג, ליטעראַרישע סילועטן, מינכער 1949, ז׳ 20.

**גאָלדשמידט, א. י.**

25 אייזיק־מאיר דעווענישסקי (א. ווייטער), א. ווייטער כתבים, ווילנע 1923, זז׳ CXXII.

26 ד״ר צמח בר׳ יוסף־זעליק שב״ה, ווילנע, אַ זאַמלבוך געווידמעט דער שטאָט ווילנע, רעד׳ יעפים ישורין, נ״י 1935, ז׳ 392.

**גאָרין, ב.**

27 רשימה פון די פיעסען אין אידישען רעפערטואַר, די געשיכטע פון אידישען טעאַטער, ב׳ 2, נ״י 1929, ז׳ 270.

**גאָרעליק, ש.**

28 וועגן פרצן, אין וואַנדערלעבן, וואַרשע 1918, ז׳ 141.

**גלאַטשטיין, יעקב**

29 ה. רויזענבלאַט — פון 1900 ביז 1946, אין תוך גענומען, נ״י 1947, ז׳ 109. — ה. סעגאַלאָוויטש, ז׳ 128.

**גראָסמאַן, משה**

30 ישראל שטערן, היימישע געשטאַלטן, תל־אביב 1953, זז׳ 57, 62.

31 „היינט", ערשטער פעריאָד 1908—1915, פון נאָענטן עבר, ב׳ 2, ייד׳ אַלוו׳ קולטור־קאָנגרעס, נ״י 1956, ז׳ 17.

**גראַפשטיין, מלך**

32 מיין חבר און לערער, שלמה גילבערט — דערציילונגען און

דראַמעס, לאָנדאָן 1954, ז׳ 312.

**דאָברושין, י.**

33 פּערספּעקטיוון, גּ ע ד אַ נקענגאַנג, קיעוו 1922, ז׳ 64.

**דובנאָוו־ערליך, סאָפיע**

34 אַ קאַמעראַלער דיכטער, דני־אל טשאַרני־בוך, פּאַריז 1939, ז׳ 76.

**דימענשטיין, נחמן**

35 נאָמבערג [ליד] רינגען, זאַמל־בוך, קאָוונע 1940, ז׳ 155.

**האָרן, י.**

36 אין אונדזער סביבה, אינאַיי־נעם, זאַמלבוך ב׳ 1, ב״א 1949, ז׳ 188.

37 דער כוח פון יידישן ליד, אין אונדזער דור, ב״א 1949, ז׳ 162.

**היבעל, בר־ציון**

38 די שליחות פון דער יידישער ליטעראַטור, שריפטן, דייטש־לאַנד 1948, ז׳ 33.

**הירשביין, פּרץ**

39 אין גאַנג פון לעבן, בוך 1, נ״י 1948, זז׳ 3, 46, 54.

**וואַלד, פּ.**

40 יידיש־וועלטלעכע קולטור־באַוועגונג אין אַרגענטינע, אַר־גענטינער ייוואָ־שריפטן, ב״א 1955, זז׳ 71—72.

**וואַסערמאַן, יעקב**

41 דער פּראָלעטאַריאַט אַ ל ס טרעגער פון דער יידישער דראַמע, דאָס טעאַטער און דער סאָציאַליזם, וואַרשע 1921, ז׳ 162.

**ווינער, מ.**

42 צו דער געשיכטע פון דער יידישער ליטעראַטור אין XIX יאָרהונדערט, קיעוו 1940, ב׳ 1, ז׳ 382.

43 צו דער געשיכטע פון דער יידישער ליטעראַטור אין XIX יאָרהונדערט, מעלוכע־פאַרלאַג פאַר נאַציאָנאַלע מינדערהייטן אין אוססר, ב׳ 2, קיעוו 1940, זז׳ 250, 451.

**ווײַנפּער, ז.**

44 לוי פרידמאַן, אידישע שריפט־שטעלער, ב׳ 1, נ״י 1933, זז׳ 119, 120.

45 שרייבער און קינסטלער, נ״י 1958, זז׳ 100, 174.

**ווײַנרויך, הערשל**

46 ליבע לויט באַפעל, בלוט אויף דער זון, נ״י 1950, ז׳ 52.

**ווײַנרייך, מ.**

47 נאָכוואָרט, י. ל. כהן — שטודיעס וועגן יידישער פאָלקס־שאַפונג, נ״י 1952, ז׳ 364.

**ווײַס, ד״ר ש.**

48 אויס די צייטן פון דער טשערנאָוויצער קאָנפערענץ,

אין נאָענטן עבר, 1, וואַרשע 1937, ז׳ 60.

**זאַלאָטאַראָוו, ד״ר הלל**

49 **מאיר בלינקין**, געקליבענע שריפטן, ב׳ 1, נ״י 1924, ז׳ 275.

**זאָלף, פאַליק**

50 **אברהם רייזען**, אונדזער קול־טור־המשך, וויניפעג 1956, ז׳ 61.

**זאַק, אברהם**

51 **יאָרן פון וואַנדער**, לידער, ב״א 1949, זז׳ 154, 227.

**זילבערצווייג, זלמן**

52 **„די ווילנער טרופע״**, ווילנע — א זאַמלבוך געווידמעט דער שטאָט ווילנע, רעד׳ יע־פים ישורין, נ״י 1935, זז׳ 573, 576, 577.

53 **די אויפלעבונג פון גייסט**, אחד־העם און זיין באַציונג צו יידיש, לאָס־אַנדזשעלעס 1956, ז׳ 30.

**זילבערצווייג, זלמן און מעסטל, יעקב**

54 **צו דער י. גאָרדין־ביבליאָגראַ־פיע**, קלמן מרמר־יעקב גאָר־דין, איקוף, נ״י 1953, ז׳ 229.

**זרובבל, י.**

55 **מיט מענדעלע מוכר ספרים**, בלעטער פון אַ לעבן, ב׳ 1, תל־אָביב 1956, ז׳ 254.

**זשיטלאָווסקי, ד״ר חיים**

56 **י. ל. פרץ דער קינסטלער**, יצחק לייבוש פרץ, איקוף, נ״י 1951, ז׳ 7. — ווידיע און געדאַנק, איקוף, נ״י 1951, ז׳ 77.

**חייקין, י.**

57 **יידישע בלעטער אין אַמערי־קע**, נ״י 1946, זז׳ 168, 193, 344.

**טורקאָוו, יאָנאַס**

58 **פאַרלאָשענע שטערן**, ב׳ 1, ב״א 1953, זז׳ 63, 93, 164; ב׳ 2, זז׳ 163, 239.

**טורקאָוו, מאַרק**

59 **דאַווידזאָן**, די לעצטע פון אַ גרויסן דור, ב״א 1954, זז׳ 104, 106, 107, 120.

**טורקאָוו־גרודבערג, יצחק**

60 **יידיש טעאַטער אין פוילן**, וואַרשע 1951, זז׳ 25, 30, 54.

**טענענבוים, ש.**

61 **דאָס מאָנומענטאַלע געשטאַלט — פרץ**, שניט פון מיין פעלד, נ״י 1949, ז׳ 90.

**טרונק, י. י.**

62 **אויף די וועגן פון דער וועלט**, אידעאַליזם און נאַטוראַליזם אין דער יידישער ליטעראַ־טור, וואַרשע 1927, ז׳ 165.

63 **צווישן ווילן און אָנמעכטי־קייט** (ה. ד. נאָמבערג), קול־

טור־ליגע, 1930, וואַרשע, 182 זייטן.

64 ה. ד. נאָמבערג און ווייסנבערג, פוילן, ב' 5, נ"י 1949, זז' 39—44. — פרץ וועגן רייזענען, א. ווייטער, ספקות און יחידישע גריבלעניש. שלום אַש, ה. ד. נאָמבערג. נאָמבערג קעמפט פאַר פרצעס רום, זז' 79—84.

65 פוילן, זעקסט בוך, נ"י 1951, ז' 233.

66 פוילן, זיבעטע בוך, נ"י 1953, זז' 39, 41, 57, 58, 136—137, 145—146, 254, 255.

## טשאַרני, דניאל

67 באַרג אַרויף, וואַרשע 1935, זז' 128, 236, 237, 238, 257.

68 אַריינפיר, אַ ליטוואַק אין פוילן, נ"י 1955, ז' 1.

## יאַנאַסאָוויטש, יצחק

69 אויפן ס ניי אַרויסגעגעבענע ווערק, יאָרבוך פון דער יידישער קהילה אין בוענאָס־איירעס, 1954, ז' 277.

## יאָפע, מרדכי

70 רינגען אין דער קייט, נ"י 1939, זז' 206, 232.

## ישורין, יעפים

71 זכרונות וועגן פרצן, אַ ביבליאָגראַפיע, ייִוואָ־בלעטער, ב' 28, נ"י 1946, ז' 168.

72 יצחק לייבוש פרץ־ביבליאָגראַפיע פנקס זאַמאָשטש, רעד' מרדכי וו. בערנשטיין, ב"א 1957, ז' 513. סעפּעראַטער אָפּדרוק, ב"א 1957, ז' 27.

## כהן, י. ל.

73 י. ל. פרץ, דער זאַמלער פון יידישע פאָלקסלידער, שטודיעס וועגן יידישער פאָלקסשאַפונג, נ"י 1952, זז' 108—109.

## כהן, יעקב

74 דער פאַרגעסענער נאָמבערג, לעבן און טראַכטן, נ"י 1957, זז' 109—112.

## כץ, משה

75 מיין שרייבערישער וועג, אַ דור, וואָס האָט פאַרלוירן די מורא, נ"י 1956, ז' 303.

## לאַסטיק, ש.

76 די פרץ־טראַדיציע, מיטן פנים צום מאָרגן, וואַרשע 1952, ז' 47.

## ליבערמאַן, חיים

77 די נשמה פון דער יידישער ליטעראַטור, ביכער און שרייבער, נ"י 1933, ז' 245.

## לייבל, דניאל

78 ל. מלאך, בלעטער צום אָנדענק פון ל. מלאך, תל־אָביב, אויג' 1936, ז' 4.

## לונסקי, חייקל

79 די שטראַשון ביבליאָטעק אין

**ווילנע**, ווילנע — **אַ זאַמלבוך געווידמעט דער שטאָט וויל־נע, רעד׳ יעפים ישורין, נ״י 1935, ז׳ 284.**

ליטוואַקאָוו, מ.

80 **אין פאַרטונקלטע צייטן** — **ד. בערגעלסאָן**, אין אומרו, **ב׳ 2, מאָסקווע, 1926, זז׳ 63,** 64.

לעוו, ש.

81 **צו דער געשיכטע פון דער יידישער פרעסע אין פוילן,** פון נאָענטן עבר, **VIII-VII, וואַרשע 1938, ז׳ 211.**

לעשצינסקי, יעקב

82 **דריי תקופות אין דער יידי־שער ליטעראַטור**, דאָס יידי־שע עקאָנאָמישע לעבן אין דער יידישער ליטעראַטור, **ערשטער העפט, וואַרשע 1921,** **ז׳ 19.**

לעשצינסקי, ש.

83 **ה. ד. נאָמבערג**, ליטעראַרי־שע עסייען, **נ״י 1938, זז׳ 58—62** און **זז׳ 93, 94.**

מאָזעס, מענדל

84 **דער מאָמענט**, פון נאָענטן עבר, **ב׳ 2,** אַלוו׳ ייד׳ קול־טור־קאָנגרעס, **נ״י 1956, זז׳ 242, 298.**

מאַלקין, ד. ב.

85 **ה. ד. נאָמבערג**, ביכער־וועלט, **9, וואַרשע 1928. ביכער־וועלט, וואַרשע 1929, זז׳ 49—58.**

מוקדוני, ד״ר א.

86 **אַן פליגלען**, טעאַטער, **נ״י 1927, ז׳ 66.**

87 **זכרונות פון אַ יידישן טעאַ־טער־קריטיקער**, אַרכיוו פאַר דער געשיכטע פון יידישן טעאַטער און דראַמע, **ווילנע־נ״י 1930, זז׳ 343, 350, 367, 370, 372, 374, 384, 398, 412.**

88 **שמואל ראָזענפעלד**, ש. ראָ־זענפעלד — געקליבענע שריפ־טן, **נ״י 1947, ז׳ 31.**

89 יצחק לייבוש פרץ און דאָס יידישע טעאַטער, **איקוף 1949, זז׳ 39, 47, 70, 107, 108, 142, 148, 149, 155, 157, 158, 160, 162, 163, 175, 209, 211.**

90 **מיין ליטעראַרישע סטטיקייט**, אויסלאַנד, **ב״א 1951, ז׳ 239.**

91 **ה. ד. נאָמבערג**, אין וואַרשע און אין לאָדזש, **ב׳ 1, ב״א 1955, זז׳ 11—23, 24, 37, 38, 40, 42, 43, 48, 49, 50—57, 72, 78, 79, 128, 129, 159, 182, 210, 211, 222, 223, 269.**

92 אין וואַרשע און אין לאָדזש, **ב׳ 2, ב״א 1955, זז׳ 69, 106, 168, 190, 191, 195, 199, 201, 202—206, 221, 233, 239—241, 272, 273, 275, 276.**

אײַרעס, אַמאָל איז אַ יובל, ב"א 1943, זז' 404—416.

## מענדעלסאָן, שלמה

112 ווילנע האַלט פעסט אירע פּאָזיציעס, ווילנע — זאַמלבוך, רעד' פון יעפים ישורין, נ"י 1935, ז' 796.

113 ה. ד. נאָמבערג. (צום צוואַנציקסטן יאָרצײַט), שלמה מענדעלסאָן — זײַן לעבן און שאַפן, נ"י 1949, זז' 169—176.

## מעסטל, יעקב

114 דראַמקרײַזן, אונדזער טעאַטער, נ"י 1943, ז' 167.

## נאַדיר, משה

115 מיט ה. ד. נאָמבערג, טעג פון מײַנע טעג, נ"י 1935, זז' 159—169.

116 אינטערוויו מיט ה. ד. נאָמבערג, נאַדירגאַנג, נ"י 1937, זז' 43—46.

## ניגער, ש.

117 ה. ד. נאָמבערג, וועגן ייִדישע שרײַבער, ב' 2, וואַרשע 1912, זז' 79—100.

118 שמועסן וועגן ביכער, ב' 1, נ"י 1922, זז' 30, 50.

119 ראָמאַן און ראָמאַנטיזם [וועגן ה. ד. נאָמבערג], שמועסן וועגן ביכער, ב' 1, נ"י 1922, זז' 111—119.

120 וועגן ייִדישע שרײַבער, ב' 2, וואַרשע 1927, זז' 60, 65—84.

121 מאָטל פּייסי דעם חזנס אינגל, שלום עליכם, נ"י 1928, ז' 85.

122 די מיטלמעסיקייט (אַמאָל און איצט), לעזער, דיכטער, קריטיקער, ב' 2, נ"י 1928, ז' 420.

123 א. ווײַטערס בריוו, פון נאָענטן עבר, VII־VIII, וואַרשע 1938, זז' 181, 185, 186.

124 נײַע טענדענצן אין דער ייִדישער ליטעראַטור זינט נאָך דער מלחמה, אויפן שיידוועג, 2טער ז"ב. פּאַריז, אויג' 1939, ז' 178.

125 פּרץ הירשביין (צו זײַן 60סטן געבוירנטאָג) נ"י 1941, ז' 25.

126 די צווייִשפּראַכיקייט פון אונדזער ליטעראַטור, דעטראָיט־מישיגען, 1941, זז' 110, 112.

127 דערציילערס און ראָמאַניסטן, נ"י 1946, זז' 16, 322, 525, 526.

128 י. ל. פּרץ — זײַן לעבן, ב"א 1952, זז' 211, 212, 268, 275, 361, 396, 424, 457, 460, 462, 465, 467, 473, 475, 511, 518, 519, 531, 532.

129 שלמה גילבערט, דערציילונגען און דראַמעס, לאָנדאָן—קאַנאַדע, 1954, זז' 7, 9.

## סלוצקי, שלמה

130 אברהם רייזען — ביבליאָגראַפיע, נ"י 1956, ז' 317.

סעגאַלאָוויטש, ז.

131 טלאָמאַצקע 13, ב״א 1946, זז׳ 32, 84, 89, 126, 128, 131, 133, 134 — 136, 139 — 143, 145—146, 158, 168, 170—173, 177, 179—181, 184, 186, 190, 202, 229.

ספעקטאָר, מ.

132 ה. ד. נאָמבערג, מאָמענט־פאָטאָגראַפיעס, וואַרשע [יאָר ניט אָנגעגעבן], זז׳ 33—35.

ענטין, י.

133 ה. ד. נאָמבערג, אידישע פּאָעטען, ערשטער טייל, נ״י 1927, זז׳ 155, 159, 291.

פרילוצקי, נח

134 דאָס ביסעלע יודישע שריפטן, גאָלדענע פונקטן, ב׳ 1, וואַרשע (?), ז׳ 82.

פוקס, חיים־לייב

135 מרים אוליצקאָווער און איר שרייבער־סביבה, פון נאָענטן עבר, ב׳ 3, נ״י 1957, ז׳ 211.

פינקעל, אורי

136 די רעוואָלוציע און די אידישע ליטעראַטור, קונסט־רינג, ליטעראַריש־קינסטלעריש אַלמאַנאַך, ב׳ 2, צווייטע אויפלאַגע, בערלין [יאָר ניט אָנגעגעבן], ז׳ 211.

פינקעלשטיין, חיים

137 היינט, צווייטער פעריאָד, 1915 —1939, פון נאָענטן עבר, ב׳ 2, נ״י 1956, זז׳ 141, 170.

פײַנבערג, ל.

138 וואונדערלעכע נעמען [פּאָעמע], יידיש, נ״י 1950, זז׳ 19—21.

פראַנק, ד״ר הערמאַן

139 א. ש. זאַקס — קעמפער פאַר פאָלקס־אויפלעבונג, נ״י 1945, זז׳ 43, 60.

ציטראָן, ש. ל.

140 וועגן האָנאָראַר־באַדינגונגען אין דער יידישער ליטעראַטור, ביכער־וועלט, וואַרשע, יאַנ׳־פעב׳ 1923, ז׳ 22.

צימערמאַן, ש. צ.

141 די טעאָריע פון דער יידישער ליטעראַטור, „יבנה״, וואַרשע 1907, זז׳ 13, 19.

צימערמאַן, יעקב

142 דער גייסטיקער רענעסאַנס פון יידישן פאָלק, די געשיכטע פון ציוניזם, ב׳ 2, פּאַריז 1949, זז׳ 126, 127.

צייטלין, אלחנן

143 זומער־לעבן, אין אַ ליטעראַרישער שטוב, ב׳ 1, וואַרשע 1937, זז׳ 101—106, 110—113, 115.

קאַגאַנאָווסקי, אפרים

144 הערש דוד נאָמבערג, שטריכן צו אַ פּאָרטרעט, יידישע שריי־

בער אין דער היים, „יידיש־בוך”, לאָדזש 1949, זז׳ 21—30.

145 יידישע שרייבער אין דער היים, „אויפסניי”, פּאַריז 1956, זז׳ 14, 45, 50, 293—399.

**קאַהאַן, אב.**

146 בלעטער פון מיין לעבן, ב׳ 3, נ״י 1926, זז׳ 196.

147 בלעטער פון מיין לעבן, **פערטער באַנד**, נ״י 1928, ז׳ 320.

148 **נאָמבערג אין אַמעריקע, גוטע בעלעטריסטיק אין „פאָרווערטס”**, בלעטער פון מיין לעבען ב׳ 5, נ״י 1931, זז׳ 35—36.

**קאַהאַן, סאַלאָמאָן**

149 **נ א מ ב ע ר ג ס פּאַרטרויערטער שמייכל**, יידיש־מעקסיקאַניש, „זעלבסטהילף”, מ ע ק ס י ק ע 1945, זז׳ 53—56.

**קאַזדאַן, ח. ש.**

150 **דער לעבנסוועג פון א. ליטוואַק**, א. ליטוואַק, **געזאַמלטע** שריפטן, נ״י 1945, ז׳ 83.

**קאַץ, פּ.**

151 געקליבענע שריפטן, ב׳ VIII, ב״א 1947, זז׳ 10, 41, 42, 43, 50, 52, 112.

152 **נאָמבערג פון „ביליי”**, געקליבענע שריפטן, ב׳ VIII, ב״א 1947, זז׳ 61—75.

**קאַצענעלסאָן־נאַכומאָוו, צפּורה**

153 **צווישן רעוואָלוציע און קונסט**, יצחק קאַצענעלסאָן, ב״א 1948, ז׳ 107.

**קאָראַלניק, ד״ר א.**

154 **ה. ד. נאָמבערג**, דאָס בוך פון וואָרצלען, **„אחיספר”, וואַרשע** 1928, זז׳ 103—108.

**קוטשער, ב.**

155 געווען אַמאָל וואַרשע... **פּאַריז** 1955, ז״ז 14, 20, 21, 25, 27, 28, 57, 61, 62, 71, 78, 90, 113, 115, 118, 126, 166, 172, 174, 176, 178, 200, 258.

**קולבאַק, מ.**

156 ה. ד. **נאָמבערג**, ביכער־וועלט, וואַרשע, אפּריל 1928, זז׳ 10—16.

**קיסין, י.**

157 **וולאַדעקס ליטעראַרישע טעטיקייט**. ב. וולאַדעק אין לעבן און שאַפן, נ״י 1936, ז׳ 40.

158 **ליד און עסיי**, נ״י 1953, ז׳ 166.

**קעניג, ליאָ**

159 **דער בונד, דער ציוניזם און די יידישע ליטעראַטור**, שרייבער און ווערק, ווילנע 1929, ז׳ 102. — **נאָמבערג און** יהואש, זז׳ 154—164.

160 פּאָלק און ליטעראַטור, **לאָנדאָן** 1947, זז׳ 53, 72, 75, 77, 81, 82, 93.

קענער, יעקב

161 קווערשניט, נ״י 1947, זז׳ 125, 292.

ראַבאַק, א. א.

162 **דער רוח פון יידיש**, די אימפעריע יידיש, **שלמה מענדעלסאָן-פאָנד**, מעקסיקע 1958, ז׳ 321.

ראַדאַק, יעקב

163 **ה. ד. נאָמבערג**, קונסט און קינסטלער, נ״י 1955, ז׳ 184.

ראַטנער, ז. און קוויטני, י.

164 ביבליאָגראַפישער זאַמלבוך, מאָסקווע - כאַרקאָוו - מינסק, 1930, ז׳ 435.

ראָזען, בער י.

165 טלאָמאַצקע 13, **ב״א 1950**, זז׳ 12, 13, 24, 45, 51, 78.

166 **ה. ד. נאָמבערג**, פאָרטרעטן, **ב״א 1956**, זז׳ 83—93, 105, 109, 125, 155, 177, 191.

ראָזשאַנסקי, שמואל

167 ד״ר חיים זשיטלאָווסקי, **ב״א 1925**, ז׳ 10.

168 דאָס יידישע געדרוקטע וואָרט און טעאַטער אין אַרגענטינע, **ב״א 1941**, זז׳ 48, 52, 53, 69, 111, 113, 142, 143, 145, 235.

169 יעקב דינעזאָן, **ב״א 1956**, זז׳ 106, 107, 110, 115.

ראַפּאָפּאָרט, י.

170 **פונקען פון א פלאַם**, דניאל טשאַרני-בוך, **פאַריז 1947**, ז׳ 176.

171 ערשטער שניט נאָכן שטורעם, **מעלבורן 1948**, זז׳ 234—239, 294, 298, 299.

172 שלום אַשס ליטעראַרישע נצחונות און מפלות, **מעלבורן 1953**, ז׳ 3.

173 **דער פסיכאָפּאַטאָלאָג פון דער יידישער אינטעליגענץ [ה. ד. נאָמבערג]**, אויסגעריסענע בלעטער, **מעלבורן 1957**, זז׳ 329—343.

רובין, ד״ר ישראל

174 **צו דער געשיכטע פון יידישן שולוועזן**, פון נאָענטן עבר, V, **ווארשע 1938**, זז׳ 41, 42, 43.

רובין, רבקה ר.

175 **יידישער פאָלקלאָר אין אַמעריקע**, אין דינסט פון פאָלק — **אַלמאַנאַך פון יידישן פאָלקס-אָרדן**, נ״י 1947, ז׳ 323.

ריווקין, ב.

176 די **תכלית-אידייע אין דער יידישער ליטעראַטור**, שלמה ביקל — די יידישע עסיי, נ״י 1946, ז׳ 86.

177 גרונט-טענדענצן פון דער יידישער ליטעראַטור אין אַמעריקע, **נ״י 1948**, ז׳

רינגעלבלום, עמנואל

178 נאָטיצן פון ווארשעווער געטאָ, **„יידיש-בוך"**, **ווארשע 1950**, ז׳ 311.

**רייזען, אברהם**

179 עפּיזאָדן פון מיין לעבן, ווילנע 1929, ערשטער טייל זז׳ 207—211, 279—280, צווייטער טייל, זז׳ 153, 305.

180 עפּיזאָדן פון מיין לעבן, דריטער טייל, ווילנע 1935, זז׳ 64, 107—119, 155—156, 243—247, 271—273, 327—339.

**רעגאַלסקי, מ.**

181 צווישן צוויי וועלט־מלחמות, ב״א 1946, זז׳ 243—247, 364.

**שאַפּיראָ, לאַמעד**

182 דער שרייבער גייט אין חדר, „אַליין", לאָס אַנגעלעס 1945, ז׳ 12.

**שאַצקי, ד״ר יעקב**

183 יהודה־לייב כהן, ב״י 1938, זז׳ 8, 9, 10.

184 יהודה־לייב כהן, יאָרבוך פון אמאָפּטייל, ב״י 1938, זז׳ 15, 16.

**שווייד, מאַרק**

185 טרייסט מיין פאָלק, דאָס לעבן פון י. ל. פּרץ, ב״י 1955, זז׳ 229, 242, 244, 271.

**שטאַרקמאַן, משה**

186 ביאָ־ביבליאָגראַפיע פון א. ש. זאַקס, א. ש. זאַקס־שטודיעס, ב״י 1930, ז׳ 184.

**שטיף, נחום**

187 בריוו צו נחמן דימענשטיין, פון נאָענטן עבר, III, וואַרשע 1937, ז׳ 242.

**שטערן, ישראל**

188 אין ה. ד. נאָמבערגס ערשטן יאָרצייט, ביכער־וועלט, וואַרשע, דעצ׳ 1928, זז׳ 15—18.

**שעפנער, ב.**

189 שלמה מענדעלסאָן, נאָוואָליפּיע 7, ב״א 1955, ז׳ 148.

## ה. ד. נאָמבערג אין יידישע כרעסטאָמאַטיעס, לערנביכער, אַנטאָלאָגיעס, לעקסיקאָנען, פּנקסים און ענציקלאָפּעדיעס

**א — ן**

190 דאָס יודישע וואָרט, ליטעראַרישע כרעסטאָמאַטיע, דרוקעריי „ווילנער פאַרלאַג", ווילנע, [יאָר ניט אָנגעגעבן], זז׳ 137—139.

**באַסין, מ.**

191 אַנטאָלאָגיע 500 יאָר אידישע פּאָעזיע, ב׳ 2, נ״י 1917, זז׳ 119—120.

**בליך, צאַלעל**

192 פּנקס וואַרשע, ב׳ 1, ב״א 1955, שפּאַלטן 513, 515, 522.

**זילבערצווייג, זלמן**

193 לעקסיקאָן פון יידישן טעאַטער, ב׳ 2, ווארשע 1934, זז׳ 1405—1408.

**טרונק, י. י. און צייטלין, אהרן**

194 אַנטאָלאָגיע פון דער יידישער פּראָזע אין פּוילן, נ״י 1946, זז׳ 397—403, 634.

**יעפרויקין, זלמן און מאַרק, יודל**

195 יידישע קינדער, לייענבוך פֿאַרן צווייטן לערניאָר, נ״י 1955, זז׳ 22—23.

**לעווין, יעקב**

196 די נייע אידישע שול, כרעסטאָמאַטיע, דריטער טייל. נ״י 19200, זז׳ 80—83, 101—103.

**ניגער, ש.**

197 אַלגעמיינע ענציקלאָפּעדיע, יידן—ג. נ״י 1942, שפּאַלטן 141, 146, 148.

**ענטין, יואל און עלבע, לעאָן**

198 פון אידישען קוואַל, אַ אידיש לעהר־בוך און כרעסטאָמאַטיע, נ״י 1916, ז׳ 21.

**פּיעטרושקאַ, שמחה**

199 יידישע פאָלקס־ענציקלאָפּעדיע, ב׳ 2, מאָנטרעאַל 1943, שפּאַלט 353.

**פיכמאַן, יעקב**

200 די יודישע מוזע, זאַמלונג פון די בעסטע יודישע לידער, „וועלט־ביבליאָטעק״, ווארשע 1911, זז׳ 188—193.

201 פּאַר שול און פאָלק, כרעסטאָמאַטיע, ווארשע 1913, זז׳ 98—102, 140.

**קאַצענעלזאָהן, יצחק**

202 געזאַנג און שפּיעל, „האור״, ווארשע 1920, ז׳ 82.

**קיפּניס, מ.**

203 80 פאָלקסלידער, ב׳ 2, א. גיטלין, ווארשע, [יאָר נ ט אָנגעגעבן], זז׳ 17, 18.

204 הונדערט פאָלקס־לידער, ב״א 1949, ז׳ 71.

**ראַוויטש, מלך**

205 מיין לעקסיקאָן, מאָנטרעאַל 1945, זז׳ 141—143.

**רייזען, זלמן**

206 לעקסיקאָן פון דער יידישער ליטעראַטור און פּרעסע, „צענטראַל״, ווארשע 1914, שפּאַלטן 403—406.

207 לעקסיקאָן פון דער יידישער ליטעראַטור, פּרעסע און פֿילאָלאָגיע, ב׳ 2, ב. קלעצקין, ווילנע 1930, שפּאַלטן 523—533.

**פנקס פון יעקאַפּאַ**

208 ווילנע, 1919—1930, זז׳ 755, 770, 775, 792, 947.

**פנקס וואַרשע**

209 **ב׳ 1, ב״א 1955, זז׳ 789—791.**

**פינף און צוואַנציק יאָר פאָלקס־בינע**

210 **נ״י 1940, ז׳ 146.**

**ביבליאָגראַפישע יאָרביכער פון ייִוואָ**

211 **ב׳ 1, וואַרשע 1928, זז׳ 13, 61, 70, 73, 77, 143, 161, 169, 172, 184, 205, 244, 260, 263, 265, 266, 267, 271, 276, 278, 285, 311, 349.**

# וועגן ה. ד. נאָמבערג אין העברעיש

**אהרן בן־אור (אורינובסקי, א.)**

212 שעורים בתולדות הספרות העברית החדשה, **חלק ג, ורשה 1929, זז׳ 7, 8, 9, 105, 167, 171.**

213 תולדות הספרות העברית החדשה, **כרך שני, ספר שני,** תל־אביב 1946, זז׳ **383—387.**

**בעל־מחשבות**

214 סקירות ורשמים, **כרך ראשון,** ורשה 1911, ז׳ **145.**

**גוטמאַן, רחל**

215 **ה. ד. נומברג,** עדן, **ספר** זמי־שי, נ״י 1928, זז׳ **282—285.**

**היילפערן, פ.**

216 עברית, **חריסטומטיה, חלק שלישי, ורשה 1920, זז׳ 257—260.**

**היילפערין, פאַלק**

217 פרוזדור הספרות, **חריסטומ־טיה, ווילנאַ 1922, זז׳ 16, 50—52, 86—88, 154—162.**

**לוינסון, אברהם**

218 **ורשה,** כתבי אברהם לוינסון, **תל־אביב 1956, ז׳ 247.**

**ניגר, ש.**

219 **המבקר והיכלו,** הביקורת ובע־יותיה, **מוסד ביאליק, ירוש־לים 1958, ז׳ יא. — הקורא** הפרוליטארי **והספרות, ז׳ 54.** — סופרים וסופרים־למהצה, ז׳ 96.

**סדן, דב**

220 **עצרת תמים,** קערת אגוזים, **תל־אביב 1953, ז׳ 551.**

221 **לוח־אישים, הרש דוד נומ־ברג,** הביקורת ובעיתיה, **מוסד ביאליק, ירושלים 1958, ז׳ 353.**

**פיכמן, יעקב**

222 לשון וספרו, **חריסטומטיה ספ־**רותים, ספר רביעי, **ורשה 1923, זז׳ 333—334. — ספר** חמישי, ורשה 1924, זז׳ 333.

**קרינסקי, מ.**

223 הסגנון העברי, **חלק ראשון, ורשה 1909, שפאַלטן 96—103.**

**רוזנהק, ש.**

224 **בצלו של ח. נ. ביאליק, על ווארשה מלפני חמישים שנה, ש. שלום,** כרמלית, **קובץ ספרות, הוצאת דביר, תל־אביב, תשי"ז, ז' 263.**

**רוטבלאַט, ה. מ.**

225 **הספרות והחיים, ספר ראשון, נ"י 1939, ז' 178.**

**שונמי, שלמה**

226 מפתח המפתחות, **ביבליגרפיה של ביבליוגרפית, ירושלים 1936, זז' 106, 289.**

**שטיין, א. ש.**

227 **לוח שמות,** כתבי אברהם לוינסון, **תל־אביב 1950, ז' 371.**

228 **בטרם אביב,** חבר ארתור, **תל־אביב 1953, ז' 13. — בברית עם ה'בונד', ז' 73. — בין שתי מלחמות עולם, ז' 103.**

**שטיינברג, יעקב**

229 **ה. ד. נומברג,** רשומות. **הוצאת „דביר", תל־אביב 1928, זז' 218—220.**

**שרברק, שלמה**

230 **הירש דוד נומברג,** זכרונות, **הוצאת ספרים ש. שרברק, תל־אביב 1957, זז' 152—153.**

## וועגן ה. ד. נאָמבערג אין פרעמדע שפּראַכן

**Ausubel, Nathan**

231 David Nomberg (1876 - 1927), **A Treasury of Jewish Poetry,** Crown Publishers, Inc. N. York, 1957, P. 54-55, 452.

232 **Pictorial History of the Jewish People,** Crown Publ., 1958, P. 240.

**Brainski, Salomón**

233 H. D. Nomberg, Rasgos de su personalidad artística, **Judaica,** Buenos Aires, Nº 154, Abr. 1946, P. 163-165.

**Frank, Helena**

234 Hirsh David Naumberg, **Yiddish Tales.** Philadelphia, 1948, P. 433-446.

**Goodman, Henry**

235 Introduction, **Three Gifts and Other Stories, by I. L. Peretz.** Book League Jewish Peoples Fraternal Order of the I.W.O., N.Y. 1947.

**Knox, Israel**

236 Abraham Reisen's People's Poet, **Jewish Frontier,** N.Y., Oct. 1946, P. 15.

**Kreiter, Samuel**

237 Sh. Niger-Yiddish Humanist, **Judaism,** Vol. 6 Nº 4, New York, Fall 1957, P. 335.

**Kreppel, J.**
238 Sprachen und Literaturen, **Juden und Judentum, von Heute,** Amalthea - Verlag, Zurich - Wien - Leipzig, 1926. Seiten 846-848.

**Leftwich, Joseph**
239 Foreword, **Anthology of Yiddish Poetry,** Cambridge, Mass. 1939, P. XLII.
240 H. D. Nomberg, **The Golden Peacock,** An Anthologhy of Yiddish Poetry, Sci-Art Publishers, Cambridge, Mass. 1939, P. 797-798.

**Mark, Yudel**
241 Yiddish Literature, **The Jews, Their History, Culture and Religion,** Harper & Brothers, N.Y. 1949, P. 885.
242 A Study of The Frequency of Hebraisms in Yiddish. The Field of Yiddish, New York, 1954, P. 30.

**Mark, Yudel - Noskowitz, J.**
243 **Our Rabbi, Our Teacher.** I. L. Peretz. His Life and Works. Educational Department of the Workmen's Circle, New York, 1952, P. 21.

**Meisels, Samuel**
244 **Moderne Jargonlyrik,** Ost und West, Berlin 1907, Seite 386.

**Niger, Samuel**
245 Yiddish Literature in the Past Two Hundred Years, **The Jewish People,** Past and Present, Vol. 111, N.Y. 1952, P. 195, 199, 201, 203.

**Raisin, Max**
246 Russian Empire, **A History of The Jews in Modern Times,** N. Y. 1919, P. 176, 198.

**Resnick, Salomón**
247 Características, **La Literatura Judía de la Post-Guerra,** Bs. As. 1931, P. 12.
248 Renacimiento Literario, **Esquema de la Literatura Judía,** Bs. As. 1933, P. 30, 46, 47. El periodismo, P. 103.
249 Presentación de I. L. Peretz, **Judaica,** Nº 80-81, Bs. As., Febr.-Marzo 1940, P. 65.

**Roback, A. A.**
250 The Yiddish Sketch and Short Story, **Curiosities of Yiddish Literature,** Sci-Art Publishers, Cambridge, Mass. MCMXXXII, P. 171.
251 **The Story of Yiddish Literature,** Yiddish Scientific Institute, N. Y. 1940, P. 143, 225, 226.
252 **Contemporary Yiddish Literature,** Lincoln-Prager (Publishers) Ltd. London 1957, P. 22, 51.

**Sonntag, J.**

253 Hersh David Nomberg, **Cassell's Encyclopedia of World Literature**, Vol. 11, N.Y., 1953, P. 1940.

**Waxman, Meyer**

254 Other Novelists and Short Story Writers. **A. History of Jewish Literature**, Vol. IV, Bloch Publishing Co., N.Y. 1941, P. 525.

**Juedischer Almanach 5663**

255 Juedischer Verlag, Berlin, Seiten 244-251.

**Histoire des Litteratures**

256 Tome 2, Encyclopedie de la Pleiade. France, Pag. 1181, 1182.

**The Universal Jewish Encyclopedia**

257 Vol. 8, N.Y. 1942, P. 231.

**Vallentine's Jewish Encyclopedia**

258 London 1938, P. 466.

**КРАСНЫЙ, Г. Я.**

259 Еврейская художественная литература за 1902 г., **Художественно - Беллетристическій Сборник**, С. Петербург. 1903. Стр. 114.

**М. М.**

260 Г. Д. Номберг, **Литературная Энциклопедія**, Том восьмой, Москва 1934, Стр. 146-147.

**НУСИНОВ, И.**

261 Еврейская литература с конца 18 в., **Литературная Энциклопедія**, Том четвертый, Москва 1930, Стр. 33.

**РАПОПОРТ, О.**

262 Местечно в еврейской литературе, **Шолом АШ, ГОРОДОК**, Ш а н х а й, 1943. Стр. V.

263 **Типичное и индивидуальное в нашей литературе**, На Привале, Шанхай, 1943. Стр. 227-228.

**ЦИНБЕРГ, С.**

264 Гирш - Давид Номберг (Наумберг), **Еврейская Энциклопедія**, Том II, Издательство Брокгауз-Ефрон, С. Петербург, Стр. 778-779.

# נאָכבאַמערקונגען

◈ די רעדאַקציע האָט געהאַלטן פאַר נייטיק ברייטער זיך אָפּצושטעלן אויף ה. ד. נאָמבערגס לעבן און שאַפן, ווייל ביי דער גאַנצער הויכשאַצונג איז נאָמבערג אונטערגעשאַצט אָדער פאַרגעשטעלט געוואָרן פון איין זייט. נישט געקוקט אויף אַלע אויפטוען זיינע, איז ער פאַר אַ סך פאַרבליבן **„דער מהיכא־תיתיניק"** (פרישמאַנס פּיקוואָרט פון 1908), דער **חסיד פון דער נירוואַנאַ** (ניגערס דעפינירונג פון 1908). כאַראַקטעריסטיש, וואָס אין יענער סביבה, וווּ נ. האָט געהאַט זיינע הייסטע אָנהענגערס, איז צו זיין ערשטער יאָרצייט געשריבן געוואָרן: „שוין לאַנגע יאָרן פאַר נאָמבערגס טויט האָט אים דער לעזער אויפגעהערט צו דענקען אַלס קינסטלער" (ד. ב. מאַלקין, אין וואַרשעווער „ביכערוועלט"). **אַז נאָמבערג איז אַ קינסטלער נישט בלויז אין זיינע נאָוועלן**, אַז זיין פּערזענלעכקייט גייט ווייט אַריבער די גרענעצן פון דער זשורנאַליסטיק און זיין פּובליציסטיק פאַרמאָגט ווערטן, מיט וועלכע מ׳וועט זיך דאַרפן רעכענען אויך מאָרגן, דאָס איז וויכטיק אויפצווייזן און קלאָר צו מאַכן. אַזאַ אויפגאַבע האָט זיך געשטעלט די רעדאַקציע: פאָרשטעלן נאָמבערגן ווי **אַ גרויסע געשטאַלט פון זיין עפּאָכע, אירע פּראָבלעמען און אידעאַלן.**

◈ מיט דעם, וואָס אין דעם בוך ווערט אַריינגענומען בלויז איין קאַפּיטל פון נאָמבערגס רייזע־איינדרוקן פון אַרגענטינע, ווערט אונטערגעשטראָכן, אַז כאָטש די „**מוסטערווערק פון דער יידישער ליטעראַטור**" דערשיינען אין בוענאָס־איירעס, היטן מיר זיך פון לאָקאַלן פּאַטריאָטיזם. נאָמבערגס אַרטיקל „30 יאָר קאָלאָניזאַציע אין אַרגענטינע", וואָס האָט געזאַכט געשיכטע, רעזערווירן מיר פאַרן בוך, וואָס וועט אָפּגעגעבן ווערן פאַרן פּיאָנער פון דער יידישער ליטעראַטור אין אַרגענטינע, מרדכי אַלפּערסאָן.

◈ אַ דאַנק אַ ריי פריינד, וועלכע האָבן בייגעטראָגן פאַר דעם באַנד: קאָמפּאָזיטאָר לעאָן וויינער, וועלכער האָט אויפגענומען די ניגונים צו נאָמבערגס לידער; ציפּע קאַנטאָר־מאַזור פאַר געבן אָפּצודרוקן איר טאַטנס ניגון צו „אוי, וויי"; דעם שרייבער מרדכי וו. בערנשטיין פאַר מאַטעריאַלן.

◈ מיט צער דערמאָנען מיר דעם התלהבותדיקן ביכער־זאַמלער **משה לייוואַ** ע״ה, אַ פריינד וואָס האָט מיט זיין אייגנטימלעכער האַרציקייט געשטעלט צו דינסט זיין ביבליאָטעק פאַר אונדזער אַרבעט. דריי פון די ניגונים צו נאָמבערגס לידער, וואָס קומען אין דעם בוך, האָט ער פאַר אונדז פאַרגעזונגען עטלעכע טעג פאַר זיין אומגעריכטן טויט: „אַ וויגליד", „די פאַרלאָזטע כלה" און „אוי, וויי, כאַ־כאַ־כאַ, אוי־אוי". אַז מ׳פאַרלירט אַזאַ פריינד, איז — אוי און וויי!

ש. ר.

HERSH DOVID NOMBERG

# NOVELAS, POESIA, ENSAYOS

Y ESTUDIOS LITERARIOS
SOBRE SU APORTE A LA LITERATURA IDISH



CONFEDERACION PRO-CULTURA JUDIA
Ayacucho 483 - 485 Buenos Aires

HERSH DOVID NOMBERG

# NOVELES, POETRY, ESSAYS

AND STUDIES ON THE JEWISH LITERATURE

●

CONGRESS FOR JEWISH CULTURE



Joseph Lifshitz Fund

ביז איצט דערשינען פאַר דער ביבליאָטעק

## מוסטערווערק פון דער יידישער ליטעראַטור

1) שלמה עטינגער — אויסגעקליבענע שריפטן (264 זייטן)

2) מאַרק וואַרשאַווסקי — יידישע פאָלקסלידער מיט נאָטן (216 זייטן)

3) ה. ד. נאָמבערג — אויסגעקליבענע שריפן (254 זייטן)

עס דערשיינט בקרוב:

4) מענדעלע מוכר ספרים — מסעות בנימין השלישי (דער ייִדענ און זיין עפּאָכע)

IMPRESO EN LA ARGENTINA
PRINTED IN ARGENTINA

---

Este libro se terminó de imprimir el día 25 de julio de 1958 en los Talleres Gráficos "Zlotopioro Hnos.", San Luis 3149, Bs. As.